## א „גרינער“

מיט פינף יאָהר צוריק, אין א קאלטען, רעגנענדיגען אָסיען־טאָג, בין איך צום ערשטען מאָל אָנגעקומען קיין אמעריקא — די מדינה, וואוהין דאָס אידיש הארץ האָט אָנגעהויבען איהרע האָפ־נונגען איבערצוטראָגען.

יענע שיף, וואָס האָט מיך אהער געבראכט, רוהט שוין לאנג אין דער טיעפעניש פון ים. ס'איז געווען די שעהנע, פלינקע „לוסי־טאניא“, וואָס האָט זיך ביים לעבען געפלייסט אין פינף טעג איהרע פאסאזשירען אריבערצובערענגען פון אייראפא קיין אמעריקא און וואָס האָט מיט איהר אונטערגאנג אזוי פיעל עגמת נפש אמעריקא פערשאפט.

די גאנצע פינף טעג פון מיין רייזע בין איך געשטאנען אָנגע־שפארט אָן פארענטש און געקוקט צום שוימיגען וועג, וואָס בלייבט הינטער אונזער שיף; געקוקט צו דער פערנעבעלטער ווייטקייט פון וואנען מיר זיינען אָנגעקומען, און געוואָלט כאָטש נאָך איין מאָל דערזעהן די מדינה, וואו ליעבע און האס טרינקען מענשען איינ־איינעם מיט זייער וואסער. כ'האָב יעמאָלט אליין ניט געוואוסט פארוואָס איך פערלאָז רוסלאנד, וואו איך בין געבוירען געוואָרען און וואו איך האָב צום ערשטען מאָל דערשפירט, ווי שווער עס איז צו ליעבען דאָס לעבען און פיינד האבען די שכנים, וואָס רינגלען מיך ארום. צייטענווייז האָט זיך מיר אויסגערוכט, אז אויף אויבּיג, אויף אויביג פערלאָז איך רוסלאנד און א גאנץ נייעם לעבען וועל איך אָנהויבען אין דעם אונבעקאנטען לאנד, וואָס הייסט אמעריקא.

וואָרים זיצענדיג אין רוסלאנד, אין די קליינע, אדער אפילו אין די גרעסערע שטעט און טראכטענדיג פון אונזערע נייע היימען, טראכטענדיג פון נייע לענדער בלייבט קיין שום לאנד ניט אזוי אונבעקאנט פאר אונזער געראנק, ווי אמעריקא. מיט סודות איז פאר אונז ארומגעוויקעלט דאָס לאנד, וואו שוין א פיערטהלק פון

אונזער פאָלק בוים פאַר זיך א היים. אלץ, וואָס עס ווערט דער־צעהלט ביי אונז דאָרטען פון אמעריקא, קלינגט ווי פון א מעשׂה ביכעל ארויסגענומען. און קומט אמאָל אימיצער צו פאָהרען צו־ריק פון אמעריקא קיין רוסלאנד, זעהט ער אויס אנדערש ווי די ארומיגע; רעדט עפּעס קליגער, ווי איינער וואָס האָט א סך, א סך געזעהען און א סך געהערט דערצעהלען — די מעשׂיות וואָס ער דערצעהלט פון דער גאָלדענער מדינה, גלויבען מיר און גלויבען נים.

צי קאָן מען זיך דען פאָרשטעלען, אין רוסלאנד זיצענדיג, אז אין א שטאָט ערגעץ דאָרט וואוינען אפשר אנדערהאלבען מיליאן אידען און קיינער טשעפּעט זיי נים... ווי אזוי און ווען איז דאָס געשעהן?

וואָרים, אז אויב אייך איז אמאָל אויסגעקומען צו זעהן אויף א רוסישען וואָקזאל: א צוג קלייבט זיך אוועקגעהן, פּאסאזשירען שטויסען זיך און שטופּען זיך מיט זייערע פּעקלעך. און ערגעץ אָן א זייט שטעהט א מאמע מיט איינגעפאלענע באקען, אין דרייען געבויגען און שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואנט, ווי פון א בייזען חלום רייסען זיך איהרע אויגען צום וואגאָן, וואו אויף דער פּלאטפאָרמע שטעהט אָן אויסגעקלאָגטע, אויסגעיאָמערטע טאָכטער און יטעפּ־טשעט:

— מאמע, הער אויף, וואָרים כ'וועל עס נים אריבערטראגען.

נו, וואָס? אייער הארץ האָט אין דער שטיל מיטגעוויינט און אייך איז גאָרנים איינגעפאלען צו קלערען אין יענער רגע, אז פון אָט די איינציגע, מיט טרערען געוואשענע, וועלען זיך שטעט אויפ־בויען ערגעץ דאָרט אויף יענער זייט ים: אז אָט יענע פּערטרי־קענטע לעבענס וועלען נאָך נייע כחות בעקומען א לעבען אויף ס'ניי אָנצוהויבען.

און קוקענדיג אויף דעם שוימיגען וועג, וואָס האָט זיך גע־בלייכט אהינטער אונזער שיף, האָט זיך געוואָלט פאָרשטעלען, ווי אזוי עס זעהט אויס א מדינה, וואָס הייסט אמעריקא, אָבער וואָס

מעהר אונזער שיף האט זיך דערווייטערט פון אייראפא אלץ פער־נעבעלטער איז געוואָרען אין מיין געדאנק דאס בילד פונ׳ם לאנד וואוהין כ׳בין געוואָרען געטראָגען.

ביים ברעג האט מיך קיינער ניט בעגעגענט, קיינער ניט אָבגעוואַרט; אויסער אפשר דער צאָלבעאמטער, וואס האט מיר גע־הייסען אויפעפענען מיין פעקעל און, דאס, וואס ס׳האט ביי מיר גענומען פינף שעה איינצופאקען, האט ער אין איין רגע איבער־געקעהרט פון אונטען ארויף, קייענדיג דערביי גומע. קוקענדיג אויף איהם און אויף מיין צורודערטען פעקעל, איז מיר עפעס אזוי מאָרנע געוואָרען אויפ׳ן הארצען:

— צו אלדע גוטע יאָהר! נאך וואס פיהרען מיט זיך אט די אלטע שמאטעס מיט דעם שטויב פון דער אלטער וועלט און איצ־טער קוקען, ווי דער אונבעקאנטער מיט אזא ערנסט פנים, רודערט זיך אין מיינע פעקלעך.... נאקעט האט מען בעדארפט אנקומען, נאקעט ווי די מאמע האט געבוירען, און אזוי פון זיך ארויסוואר־פען דאס בילד פון דער אלטער וועלט!

איך בין ארויס אין די גאסען. אידען, אידען, אידען...

— וואו איז די מאמע, וואס האט זיך דאָרט, אויפ׳ן וואָקזאל קאָפּ אָן וואנט געשלאָגען? וואו איז דער זוהן, דער בלאסער, וואס האט זיך נאך אין דער לעצטער מינוט, א צוואוועהטאגטער, געצוי־גען פון וואגאָן צו דער מוטער? וואו איז די טאָכטער מיט די פער־גליווערטע טרערען אויף די באקען און מיט די הענט אויסגעשטרעקט צו דער מאמען, צום לעצטען מאָל זיך נאך ארומנעהמען און די טרוקענע באקען איהרע קושען, קושען?...

כ׳האָב זיי אין די גאסען ניט בעגעגענט.

כ׳האָב זיך דערשלאָגען צו איסט בראָדוויי און די ארומיגע גאסען, וואס פלעכטען זיך פון איהר ארויס, און מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז אין חלום זעה איך דאס אלץ. א חלום וואס ציהט זיך שוין לאנגע, לאנגע יאָהרען.

ביים שוועל פון גליקליכען לאנד האָבען אונזערע געפלאָגטע

לייט די פּעקלעך אראָבגעוואָרפען; דערשראָקען זיך פאר דער אונ-ענדליכער, פרייער ברייטקייט, וואָס עפענט זיך אויף רעכטס און אויף לינקס — און ביים שוועל זיינען זיי אלע געבליבען; אין א ווינקעלע זיך בעהאלטען. געשראקענע, גע'רודפ'טע דורות לאנג, האָבען זיי אין דעם פרייעסטען לאנד דעם קלענסטען ווינקעלע פערנומען:

אין לודלאָוו סטריט פערקויפען אידען עפּעל; אין עסטער סטריט פערקויפט מען הערינג. און אזוי ענג, זייט ביי זייט, האָבען זיי זיך צונויפגעפּרעסט אָט די אלע, וואָס זיינען אין פערשיעדענע צייטען פון פערשיעדענע שטעט און שטעטלעך געקומען, יעדערער מיט זיין דלות.

און די שטאָט ניו יאָרק —

א בעשעפעניש פון שטאָל און שטיין, און מיט אייזערנע גע-דערים און שטאָלענע נערוועו, וואָס רוישען אזוי טרוקען און קלאַ־פּען אזוי גרילציג — אזוי האָט מיר די מערקווירדיגסטע פון אלע שטעט אויסגעזעהען אין יענע ערשטע שטונדען, ווען כ'בין אליין אומגעגאנגען מיט אָנגעשטרענגטע נערוועו און צו אלץ זיך צוגע־קוקט, צו אלץ זיך צוגעהערט.

אז כ'האָב א אידישע צייטונג גענומען אין האנט, אָנגעהויבען לייענען, איז מיר אויסגעקומען, אז מיט ברעקלעך אייזען און שטאָל האָט מען אונזער אידישע שפּראך דורכגעמישט; אזוי פער־שפּיצט די ווערטער, אזוי פערשפּיצט דעם אויסדרוק, אזוי, אז די שפּראך האָט מיר געקלונגען טרוקען, ווי דער גערויש פון די איי־זענבאהנען, וואָס טראגען זיך דאָ איבער די קעפּ פון די לעבעדיגע בשעפענישען.

דאָס זיינען געוועזען בלויז געפיהלען פון א ג ר י נ ע ם, וואָס האָט מיטגעבראכט פון דער אלטער היים זיינע אלטע בגדים און א היימיש ווייך קישעלע צום שלאָפען. — —

איך בין שוין אָבער פינף יאָהר דאָ אין לאנד און קאָן זיך אלץ נים אויסגרינען. דורכגעשניטען די לאנד'ס לענג און ברייט,

— אין דער היגער פרייהייט בענקט די הארץ נאָך פרייהייט.

איהר אָבער פרעגט א קינד, וואָס איז דאָ געבוירען געוואָרען, וואָס איז נאקעט פון דער מוטער'ס לייב ארויסגעקומען און היגע קליידער צום ערשטען מאָל דערשפירט אויף זיין לייב — איהם פרעגט, זאָל ער אייך זאָגען וואָס אמעריקא איז. אָבער איך און אפשר דער גרעסטער טייל פון מיין דור האָט נאָך דעם אלטען פעקעל אויף זיין פלייצע און אין פעקעל — אלטע, ווייטע חלומות.

## די שטאָט

אז איך הויב אָן צו טראכטען, וואָס אזוינס איז אמעריקא, ניט בלויז פאר אונזערע אימיגראנטען, נאָר פשוט פאר אונזער צייט — פערכאפט מיר אזש דער אָטעם. ניט איין מאָל האָבען זיך מיינע געפיהלען דערהויבען, און טרערען האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען, טראכטענדיג פון דער וואונדערליכסטער פון אלע לענדער, וואָס איז פאר אונזערע אויגען געבוירען געוואָרען. און אויב פעריאָגטע, גע'רודפ'טע פון דער אלטער וועלט, פערשטויסענע קינדער געפינען דאָ קיין גליק ניט, איז עס בלויז דערפאר, וואָס מיט זיך האָבען זיי מיטגעבראכט די צייכענס אויף זייער לייב פון דער בייטש, וואָס האָט זיי געפּאסעוועט. פון שיף אראב, אין שטאָט אריינגעקומען; און די גרויסע שטאָט האָט זיי אנטקעגען ארויסגעשיקט איהר בייזען לץ, וואָס צעהלט ביי יעדען אויפ'ן פלייצע די צייכענס און פון יעדען איינציגען טרייבט ער אן אנדער מין לצנות. און אויב איינער האָט געבראכט אן אויסגעבויגענע פלייצע טוט מען איהם דאָ א יאָך אָן, דעם אייגענעם יאָך וואָס ער האָט אין דער היים געטראָגען. דער איינגעבויגענער, אויסגעביינערטער רוקען איז דאָ א שפּילבעל פאר דעם בייזען ווילען. דאָ, אין דעם פרייען, פון גאָט געבענשטען לאנד, איז דער גורל

פון די פרעמדע, אר׳בערגעקומענע, איבערגענעבען געוואָרען אין די הענר פון די, וואָס האָבען נעהאט דעם גליק מיט א טאָג פריהער צו קומען. טראדיציעס זיינען דאָ ניטא. מעהר ווי אומעטום שמי־דען זיך דאָ די נעסט אליין זייער גליק: שמידען פאר זיך זייער מזל, בויען פאר זיך זייער לעבען. ניטאָ קיין טראדיציעס. און אויב דאָס לאנד האָט מעשיות צו דערצעהלען, לעגענדעס איבערצוגעבען, איז דאָך עס פון מענשען, וואָס ניט זייער לעבען וויל מען נעהמען פאר א ביישפיעל; איז דאָך עס — פון צייטען, פון וואָסערע דער נייער דור וויל גאָר ניט לערנען.

איך געה ארום אין דער ניו־יאָרקער איסט סייד און זעה ווי אונזערע ווייבער פערקויפען געקאָכטע באָב אָדער געבראָ־טענע קארטאָפעל, און דער מאן — זויערע אוגערקעס; אָדער ווען איך טרעף אין אן אנדער שטאָט־וואו, דעם סלאוו, וואָס האָט דאָר־טען אין דער היים זיין שטיקעל פעלד געהאט, כמעט אין שכנות מיט׳ן אידען, אז איך זעה איהם דאָ אין אן אייזען־פאבריק, וואו ביי די שטראָמען צושמאָלצענעם מעטאל ברענט ער זיין לייב און פערגיפטעט זיינע לונגען מיט די שארפע גאזען, וואָס שלאָגען פון קאָכעדינגען גיהנום ארויס — ס׳הארץ ווערט דאָך צוריסען, טרערען ווערגען דאָך אין האלז קוקענדיג פון ווייטען:

— צי דען האָט די רייכע, ליכטיגע און יונגע אמעריקא שוין גאר קיין טראָפעלע גליק ניט פאר די, וואָס זיינען פון דער אלטער, בייזער היים נעלאָפען אין דער רגע פון יאוש?!

אז מען פאָהרט דורך דאָס לאנד לענג און ברייט, דאכט זיך, אז אין ערגעץ אויף דער וועלט שיינט ניט די זון אזוי פריי, אין קיין שום לאנד גיט ניט די ערד אזא שפע ארויס, אז אין קיין שום לאנד אין דער וועלט זיינען די מענשען ניט אזוי מסוגל צו וואקסען גרויס און שטארק ווי דאָ אין אמעריקא. מיליאָנען ווינ־קעלעך זיינען דאָ אין לאנד פאר יעדען איינציגען, וואו ער קען זיך אויסבעהאלטען און זיין לעבען פריי אויסלעבען... טויזענדער בע־העלטענישען ווארטען פאר יעדען איינציגען, וואָס וויל פריי אָב-

אטעמען. און אויב אונזערע לייט טוליען זיך צום הארטען שטיין, קיהלען זיך אין שאטען פון דעם פיערציג שטאקיגען מויער — טא וועמען זאל מען שילטען דערפאר? נאט אליין אדער דעם טייוועל, אבער — ניט דאס לאנד.

יעדעס הויז האט א שוועל; יעדעס לאנד האט זיך זיין שוועל ביים טיר, ביים אריינקומען. די שוועל איז געמאכט די טיר בעסער צו פערהאקען; די שוועל איז פאר א ניט-פארזיכטיגען א פלאץ גע-שטרויכעלט צו ווערען; און געפעהרליך איז פאר דעם פרעמדען די שוועל פון אמעריקא, וואו דער פרעמדער בעדארף אריבערגעהן, דעם ערשטען טריט דא אין לאנד מאכען. און צום שלימסטען איז דאס, וואס פרעמדע האבען פאר פרעמדע די שוועל געמאכט און פרעמ־דע גראבען פאר'ן שוועל די גרויסע גרוב אין געשטאלט פון דער צייטווייליגער שטאט, וואו דער ערשטער דור לעבט זיין צייטוויי־ליגען לעבען אב.

איך דערמאן מיר א זומער פארנאכט צופוסענס פון די קעצ־קיל־בערג. כ'האב פערבראכט ביי א ארטיגען פארמער. פארנאכט, נאך דער ארבייט זיינען מיר אלע געזעסען אויף א בערגעל הינטערן שטוב און גערעדט פון דעם הייסען טאג, וואס האט שוין געהאל־טען ביים פערגעהען. די זון האט זיך גליהענדיג אראבגעלאזען צו די שפיצען פון די בערג. ווייב און קינדער, אלע האבען זיך אויף א ווײלע ארויסגעכאפט אבצורוהען. אנטקעגען אונז, אויפ'ן גראז, זיי־נען אומגעגאנגען זעקס יונגע, חאלב־יאהריגע קעלבלאך. איינס האט פערריסען דעם קאפ צו דער זון און מיט אמאל אזוי זיך צוברי־קעוועט, אזש שיעור אויפ'ן קאפ איז עס ארויפגעשפרונגען. דער פארמער האט זיך צולאכט און שפעטער, בעטראכטענדיג מיך א ביסעל, האט ער מיר פלוצלונג א פרעג געטהאן:

— יא, דו ביזט דאך פון דער גרויסער שטאט, קענסטו אפשר עפעס דערצעהלען פון דער גרויסער שטאט?

איך האב געשווינגען. געמאכט א פנים, אז איך פערשטעה איהם שלעכט. ער איז ערנסט געווארען און ווידער געפרעגט:

— וואס איז דארט אזעלכעס אין דער גרויסער שטאט, וואס עס ציהט אהין אזוי אונזער יוגענד? אט זעהסטו, זיצען זיי, מיינע טעכטער, און טראכטען געוויס פון דער גרויסער שטאט. די על־טערע פאהרט אהין לערנען די לעצטע פאר יאהר און כ׳זעה ווי זי ווערט פרעמר ניט נאר פאר מיר אליין, נאר עפעס ווי צו דער גאנצער געגענד, וואו זי איז געבוירען געווארען און אויסגעוואקסען — ווערט זי פרעמד.

— אמת, מען קען דאביי ניט העלפען.

— פארוואס? איהר אלע אנגעקומענע זענט אין דעם שולדיג. וואס ווילען זיי די פרעמדע מיט זייערע שטעט? זיי קומען אהער גרויסע שטעט בויען און אב־רייסען קינדער פון זייערע טאטעס. מען רעדט מיר איין, אז כ׳זאל אויף ביינאכט פערשליסען מיין שטאל, ווארום עס דרעהען זיך דא ארום פרעמדע פון דער שטאט און קענען עפעס פון שטאל ארויסנעהמען. ס׳איז דאך נארישקייטען. ווער בעדארף דען ביי ווע־מען עפעס נעהמען? וואס ברענגען זיי אהער דעם אונצוטרוי — ווער בעדארף עס? גלויבסט דאך אודאי אין גאט, טא זאג מיר פארוואס בויען זיי אלע אזעלכע גרויסע שטעט, אויב זיי גלויבען אין גאט? די פאבריקען, די מאשינען.... וואו גלויבען זיי דיר אין גאט. איך קוק ווי די קעלבלאך זיינען פאר׳ן זומער אויסגעוואקסען און איך טראכט: אויף דער שעהנער וועלט איז א גרויסער, גוטער גאט פאראנען.

וואס אייגענטליך האב איך דא דערצעהלט? גאר א קלייניג־קייט. ס׳אי דאך אבער ניט קיין ווערטער פון א פשוט׳ען פארמער, וואס איז געזעסען ארומגערינגעלט מיט זיינע קינדער, און דער־שפירענדיג אין מיר די שטאט האט איהם זיין הארץ זיך צורערט. פאר מיר איז עס די שטימע פון דער יונגער זאטער אמעריקא, וואס איז ניט צופרידען מיט איהרע קינדער. די אמעריקאנער יונגע ערד, וואס, ווי א געזונטע יונגע מוטער, מוז נאך צו איהר אייגען קינד א פרעמר קינד בעטען די מילך פון איהרע פולע ברוסטען אבצוזוי־

גען און דאס פרעמדע קינד הרעהט דעם קאפ אן א זייט פון איהר אוועק.

און פאר קיין פאל קען איך ניט צונויפבינדען ביי מיר אין געדאנק אינאיינעם אט דעם סלאוו, מיין שכן, וואס האט ביי זיך אין דער היים געטראגען אין א זאק אויפ'ן פלייצע קליינע חזירים'־לעך אין מארק אריין פערקויפען, אוועקגעטראגען די היהנער פער־קויפען; גראשען צו גראשען געקליבען און איז אין זיין סוויטענע געקומען ווי א געבונדענע שאף אהער אין לאנד אריין — איך קען עס אין מיין געדאנק ניט צונויפזעצען מיט דעם פארמער, וואס קלאגט זיך, אז אין שטאט איז ניטא קיין גאט...

מיר האכט זיך, אז ניט קיין מענשען זיינען ס'רוב פון די, וואס זיינען אהער אריבערגעקומען — נאר שוואמען, וואס ווי נאר מען רייסט זיי פון דער ערד אב, קלייבען זיך ווערעם אין זיי אריין. און זייער לעבען, וואס זיי הויבען דא אן צו בויען, איז אויך א ווערעמדיגער; קענען דעם אייגענעם פנים און געשטאלט אפילו קיין דור ניט אויפהאלטען.

צו די וואס ווערען דארט אין דער אלטער היים פון דער ערד אבגעריסען; צו זיי ווערען פון א קליינער שטעטעל ארויסגעריסען;; ווער עס ווערט אין די פינסטערע מינען פערשיקט אדער ווערט פער'משפט אין די שטיינערנע גאסען זיין לעבען אבצולעבען — ביים שוועל פון לאנד איז עס געשעהען. — דארט וואו פרעמדע שמידען פאר פרעמדע — זייער מזל. די ענגע, פינסטערע גאסען אין ניו־יארק אדער אין שיקאגא, וואו אונזערע לייט זיצען און וואו אונזער שפראך קען מען נאך הערען פון אלטע מאמעס און גרוי-געבויגענע טאטעס — פאר מיר איז דארט א יאמער-טאל; און קוקענדיג אמאל בעת שיפען קומען אן פון דער אלטער וועלט, ווי פון זייער טיפעניש קומען ארויס מענשען מיט שווערע שטיוועל און מיעדע, טעמפע בליקען און, ווי דא ביים ברעג צעהלט מען זיי ווי שעפסען, מען רעדט מיט זיי זייער אייגענע שפראך, מען טוט זיי נומערען אן, צוגעשפיליעט צו די לאצען און אין ערגעץ ווערען

זיי אוועקגעשיקט — — — — — — — — — — — — — — —
און דאָן שפּעטער טרעפּסטו איינעם פון זיי אין א מינען-געגענד, אין א שטאָל-שמעלץ געגענד, טרעפסט איהם פערמורזעט אין דער וואָכענס און שיכור אין א יום טוב אדער זונטאָג.

— זאָל מען אמעריקא שילטען אין יענער רגע?!

אויף א הויכען בארג דארף מען זיך פערקלייבען און לידער זינגען פון אמעריקא; זינגען פון איהר שעהנקייט, זינגען פון איהר גרויסקייט, זינגען פון איהרע פעלדער און וועלדער, פון איהרע טייכען און שטראָמען.

בין איך אָבער אויך דער פרעמדער, און דער גורל פון מ י י נ ע איינענע איז מיין גורל.

איך בין געזעסען ביים פּאסיפיק אדער אין דער ווילדער יומא, האָב איך געבענקט צום ברעג פון אטלאַנטיק, וואו ביים שוועל טוליען זיך אונזערע צום קאַלטען, הארטען שטיין.

---

## ניו יאָרק

די שטאָט, וואָס דער גרעסטער טייל פון אונזערע אימיגראַנטען דערזעהט ביים אָנקומען קיין אמעריקא; וואו דער גרעסטער טייל הויבט אָן צו בעשאַפען ביי זיך אין הארצען א מיינונג איבער אמעריקא; — די שטאָט, וואו האָפנונגען פון לאַנגע יאָהרען ווערען אין איין רגע פערלאָרען און, וואו נאָך א לאַנגער שורה פון שווערע טעג און נעכט הויבט אָן די האָפנונג ווידער אויפצולעבען, זיך בעווייזען ווי אונטער א גרויען שלייער — אָט די שטאָט הייסט נ י ו - י א ר ק.

פיעל גרויסע שטעט אין דער ברייטער וועלט זיינען מיר בעקאַנט, אָבער צו קיינער פון זיי קען איך ניו יאָרק ניט גלייכען.

פּאריז, אז איהר בלאָנדזשעט אום אין איהרע גאסען, דאכט זיך אייך, אז אָט די אלטע גרויסע שטאָט איז פון איין האנט גע־בויט געוואָרען; איין האנט האָט איבער פּלאַן געצייבענט נאָך גאָר

אמאָל, און די האַנט לעבט נאָך, פּאַסט אויף, אז דער אַלטער פּנים זאָל ניט פערדאָרבען ווערען אין גאַנצען: וואו ניט וואו צוגעפּוצט, אָבגעפרישט, צוגעפּאַרבט, פערציררעוועט און פּערלאַטעט. מען היט אָב סטיל און כאַראַקטער — זאָל דער נייער דור דעם אַלטענס גרויען קאָפּ ניט פערשוועכען; זאָל איין יאָהרהונדערט אזוי ניט טרעטען דעם אַנדערען יאָהרהונדערט אויפ'ן קאָפּ.

אָבער ניו יאָרק —

צוויי הענט, וואָס לעבען צווישען זיך מיט רוגזה — זיי בויען די שטאָט: איין האַנט בויעט, די אנדערע צושטערט. איינע מויערט פון ציגעל, די אנדערע וואַרפט אראָב דעם בנין און שלעפּט צונויף שטאָל און שטיין פאַר א צעהן־שטאָקיגען מיוחס. עס געשעהט כמעט אונבעמערקט. איהר געהט דורך א גאַס טאָג נאָך טאָג און איהר האָט גאָרניט בעמערקט ווי ניחריגע הייזער זיינען אַראָבגעטראָגען געוואָרען און אויף זייער פּלאַץ זיינען העכערע אויסגעוואַקסען. ניו יאָרק בויט זיך און בויט זיך איבער אויף שטיין און פעלזען. טאָג איין טאָג אויס רייסט מען דעם גרונט מיט דינאַמיט. אמאָל הינטער אייער פענסטער, און אמאָל ממש אונטער אייער שטוב ברעכט זיך דער פעלזען גרונט, אזש פון בעט שליידערט עס אייך ארויס. אָבער איהר הערט עס ניט. עס קימערט אייך ניט, גלייך ווי אין שטיין זענט איהר אליין פערוואַנדעלט געוואָרען. און מיט אזא שנעלקייט, אין אזא ווילדען גאַלאָפּ קומט דאָ פאָר די איבערקעהרע־ניש, אז אָפט אין איילעניש טרעפט — פון א הילצערען הייזעל איז געוואָרען א צוויי שטאָקיגער מויער; פון מויער — א קלויסטער; פון קלויסטער — א טעאטער; פון טעאטער — א אידישע שוהל; פון דער אידישער שוהל א שטאל פאַר פערד און אויטאָמאָבילען; פון שטאל — א נעבעכעל-וואָלקענקראַצער, וואָס קוקט מיט הכנעה צו די שפּיצען פון די יוסטע וואָלקענקראצער...

און דער גאַנצער שניט פון שטאָט, אזוי ניט אויסגערעכענט, לאַנג און שמאָל, צווישען די צוויי טייכען — האַדסאָן און איסט ריווער צונויפגעפּרעסט.

דער שניט איז אַ צייטווייליגער, פערסטריגעוועטער אבי נים ווי, מיט ווייסע פּאַדעם אַ שוואַרץ געוועב. פון אלע ווינקעלעך קוקט זי, די צייטווייליגקייט, ארויס. מענשען ענערגישע, וואָס קענען קיין ווײלע ניט רוהען, זיינען אהער אַנגעקומען פון דער פרעמד; אויף אַ ווײלע זיך אַבגעשטעלט און אין דער קלײנער ווײלע גאַנצע בערג שטיין מיט שטאָל צונויפגעשלעפּט. איין הויז אויפגעשטעלט, ס'הויז קליין געוואָרען — אראבגעוואָרפען, אויף גיך אַ גרעסערע געבויט. אויף גיך די באהנען אוועקגעלאָזען איבער אלעמענס קעפּ: פיער זיילען, לענג און ברייט שטאַבעס אייזען, איבער דעם רעלסען, און דער באהן לויפט שוין און פערטויבט די וועלט, פערטעמפּט די געפיהלען, צורייסט די נערוועז. איהר ווייסט ניט ווען ס'איז געשעהן, ניט געהאט קיין צייט זיך ארומצוקוקען. כמעט אין איין נאכט איז דער וואונדער פערלאָפען. און כאָטש דער באהן אויבען איז צוגעטראכט געוואָרען פאר דער בעקוועמליכקייט פון די מיליאָנען מענשען־קינדער, און דאָך קומט אויס אזוי, אז די אלע מיליאָנען געפינען זיך מייסטענס גאָר אונטען, אויף דר'ערד, און דער באהן, ווען ער טראָגט זיך איבער זייער קאָפּ, יעמאָלט איז בלויז איינס פערבליבען — אראבצורוקען דאָס היטעל איבער די אויערען און טראכטען אין דער שטיל:

— ווי העלפט מיר שוין גאָט פון דאנען צו אנטלויפען.

ניו יאָרק איז ניט קיין מוסטער פון ב ו י ע ן — נאָר אַ מוסטער פון צ ו ש ט ע ר ו נ ג.

ניו יאָרק איז ניט קיין שטאָט, נאָר — אַן ערשיינונג וואָס בייט יעדער שעה איהר פּנים. ניט נאָר די ווינטען בייטען זיך דאָ זיבען מאָל אין טאָג, ניט נאָר די הייזער אויף דר'ערד בייטען זיך אלע ווײלע, נאָר אויך אונטער דר'ערד, וואו די אייזערנע גערערים פון דער שטאָט געפינען זיך, אויך דאָרט ווערט זיבען מאָל אין טאָג אנדערע אָפּעראציעס געמאכט. וואו איהר געהט, וואו איהר שטעהט איז אַ שטיק גאס אויפגעריסען, און אז איהר קוקט זיך איין אין דער טיעף לויפט אזש אַ פרעסטעל דורך אייערע ביינער. די רינעס

און די רעהרען און די טרויבען, ברייטע און שמאָלע, וואָס געהען איינס איבער דעם אנדערען, איינס אונטער׳ן אנדערען, דורכגעצווי- גען און דורכגעפלאָכטען. טאָג טעגליך ווערען זיי געביטען — שמאָ- לע אויף ברייטערע; קורצע — אויף לענגערע. די קינדער פון דער אלטער וועלט, וואָס זיינען אהער אריבערגעקומען, האָבען זיך אויס- געאיידעלט, זיך אויסגעלערענט נאָכאמאָל אין טאָג הענט און פנים צו וואשען, און דער צופלוס פון וואסער איז קליין געוואָרען, דער אָבגאנג פון די וואסער איז צו שמאָל געוואָרען. טעלעגראַף און טעלעפאָן, רעהרען דורך וועלכע בריעף לויפען פון עק ביז עק שטאָט... אלץ אונטער דר׳ערד.

דאָרט אונטער דער ערד אין דעם שטאָלענעם בויך פון דער מעטאל און שטיינערנער שטאָט; די שטאָלענע געדערים, וואָס אין דער פינסטער קנוילען זיי זיך דאָרט אין דער טיעף. דער בויך וואקסט אויפ׳ן חשבון פון קאָפּ דאָרט אויבען.

און די ברייטסטע רעהר, פון דעם גיגאנטישען בויך — דאָרט איז די סאָבוויי, דער אונטערערדישער באהן וואָס לויפט די לענג פון שטאָט, אויף און אָב.

און אין פריהמאָרגען און אין אווענט, ווען מענש ווערט אין מאשין פערוואנדעלט און מאשין ווערט צוריק אין מענש פערבי- טען, יעמאָלט מיט אן אבגעלאָזענער טעמפּקייט לאָזען זיך די מענ- שען אהין, צו יענעם אונטערערדישען וועג. דער שטאָלענער צוג קומט אָן, טירען רוקען זיך פאנאנדער און די מענשען, מיט אראב- געלאָזענע הענד, מענער, פרויען, יונג און אלט געהען אויטאָמאטיש אהין אריין. און ווען ס׳ווערט ענג, איז א מענש פאראן ביים טיר, וואָס שפארט אייך מיט דער קניה אריין און פעררינגעלט די טיר אונטער אייך. און אינווייניג — זיבען פאָרשטעהער פון זיבען נאציאָנען אָטעמען אייך אין פנים אריין, אונטער׳ן קאָלנער ארונ- טער דעם אָטעם זייערען; די שמוץ פון איין בגד מישט זיך מיט׳ן שטויב פון דעם אנדערענס קליידער. גלייכגילטיג און מיט א טעמפּ- קייט בעטראכט איהר אייערע אונבעקאנטע נאָהענטע ארום אייך.

אז איך וויל צונויפנעמען די מחשבות, וואָס האָבן געצויגען דורך מיין קאָפּ פאַר די עטליכע יאָהר, ווען מיר איז אַמאָל אויסגעקומען אין יענע שטונדען דורכצומאַכען מיין וועג דורכ'ן בויך פון דער שטאָט ניו-יאָרק, — זיינען זיי אזעלכע נישטיגע טויטע און טעמ-פּע... אין יענע שטונדען ווערסטו ניט אין כעס אויף דער וועלט, ס'לעבען ווערט דיר ניט מיאוס. פילסט זיך, ווי דער מיט פּאַראַלי-זירטע געהירען, וואָס ליגט אין זיין אייגענער שמוץ און דאָס פּנים איז גלייכגילטיג. אז כ'מאַך צו די אויגען און וויל מיר פאָרשטעלען זיך אליין אין געדראַנק, וויל זיך פאָרשטעלען מיין לעבען דאָרט, מאָלען א בילד פון זיך אליין פאַר זיך — קעהרט זיך אום צו מיר יעמאָלט א געוויסע טעמפּקייט און איך הער דורך איהר דעם עזות-דיגען, אונטערערדישען שטאָלענעם געררויש אין דעם אונטערגרונד באַהן, וואָס נעהמט אייערע געהירען און קוועטשט זיי צונויף ווי מיט אייזערנע הענטשקעס...

כ'האָב געוואוינט א געוויסע צייט ביים ים, ניט ווייט פון ניו-יאָרק. און יעדער מאָל, אַנקומענדיג מיט'ן וואסער אין שטאָט אריין, האָט זיך פריהער פון ווייטען בעוויזען די משפּחה וואָלקענ-קראַצער און שפּעטער, פון שיף אראָבגעהענדיג האָב איך יענע גאַ-סען געמוזט דורכגעהן. און יעדער מאָל האָב איך אליין ביי זיך גע-פרעגט:

— וואָס פאַר א רוח טרייבט די מענשען אַנצושלעפּען אויף איין פּלאַץ אזוי פיעל שטאָל און שטיין און בעמיהען זיך דאָס אַלץ אויפצוהורבען מיט א סדר? ווער צווינגט זיי אויפשטעלען הייזער פאַר גאַנצע צעהן טויזענד, אז גאַנצע צעהן טויזענד מענשען זאָ-לען אינאיינעם זיין, אין דער צייט וואָס דאָס לעבען אין דער שטאָ-לענער שטאָט מאַכט אזוי, אז איינער דעם אנדערען זאָל אפילו ניט וועלען קענען?!

דער וואונדער איבער אלע וואונדער, דער וואולוואָרט-וואָלקענ-קראַצער, וואָס איז כמעט אין איין נאַכט בעשאַפען געוואָרען מיט זיינע פופציג אָדער מעהר שטאָק, אין זיין האלב גאָטיש און האלב

מאָדערנעם סטיל — ער שניידט זיך ארויס אין דער בלויער לופט און, ווען וואָלקען ציהען איבער זיין שפּיץ, קען מען מיינען, אז ער וויגט זיך אין לופטען ווי א מעכטיגע סאָסנע, און אזוי לייכט זעהט ער אויס, אזוי דורכזיכטיג דאכט זיך — אויף דער האנד צו נעהמען און אוועקטראָגען מיט זיך... קוקסטו לאנג צו איהם און טראכסט זיך:

— ניט דאָ איז דער אָרט פאר דעם וואונדערליכען בנין. ער־נעץ אין סטעפּ, ערגעץ אין דער וויסטע שטעלט איהם אוועק, זאָל די זון איהם בעלויכטען, זאָל ער פון דער נאכט ארויסקוקען און זאָלען זיך מענשען פון ארום און ארום ציהען צו בעוואונדערען איהם, צו טראכטען פון דעם שטאָלענעם ווילען פון דעם מענשען און צונויפנעהמען עם ביי זיך אין געדאנק מיט די אלע שעהנע, עהרליכע זאכען, וואָס די וועלט פערמאָגט; מיט אלע דערהויבענע שעהנקייטען וואָס די נאטור אליין האָט בעשאַפען. דאָ אָבער אין ניו־יארק, ארומגעשטעלט און פערשטעלט מיט דער גאנצער מחנה אנדערע, קלענערע אומגעלומפּערטע וואָלקענקראצער, וואָס שטשירען גלייך אין דער וועלט אריין — דאָ זעהט ער אויס נאקעט, נאריש, קוקט מיט א פאפירענע גאוה, קוקט מיט בעגרעניצקייט פון גייסט, מיט טיעפער עקשנות און פערשוועכונג פון ליניען און פאָרם....

— איז ניו־יאָרק אן אבשפּיגלונג פון אמעריקא?

— ניין! שטעלט זיך פאָר ניו־יאָרק אָהן אמעריקא; וואָס אזעל־כעם וועט בלייבען? משוגעת. וואו די רעכטע פוס טרעט די לינקע אָב. א בילד פון צושטערונג.

אמעריקא אָהן ניו־יאָרק — א ליכטיגע, גרויסע און פרייע וועלט, וואו רוהיג און זיכער קענען זיך פערפלאנצען אָבגעריסענע לעבענס; וואו ניט מיט געאיילטע טריט וואָלט דער מענש געקענט אוועקגעהען, און וואו זיכער וואקסט דער עפּעל־בוים, פונקט ווי זיכער טראָגט די מיסיסיפּי איהרע וואסערען צו די דרום ברעגעם פון אטלאנטישען אָקעאן.

---

## ביים טויער פון סדום

אז מען דערנעהענטערט זיך צו פיטסבורג קאָן מען מיינען, אַז דאָ ברענט נאָך די ערד פון אַלטע צייטען, רויכערט און טשאַ-דעט פון אַלטע דורות אָן, און די מענשען וואָס בעוועגען זיך פון צייט-צו-צייט אין די רויך קנוילען ביים אָבשיין פון די גלע פלאַ-מען, זיי פערנעהמען זיך עס דאָ מיט'ן לעשען דעם פייער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צוליעב א קללה פון גאָט.

אין אמת'ן אָבער האָבען מענשען דאָ דעם פייער אָנגעצונדען און וואַכען איבער איהם טאָג און נאכט, ער זאָל ניט אויסגעלאָשען ווערען. און דער שטאָלענער קלאַנג, וואָס הילכט ארויס פון דער צופלאַמטער פינסטערקייט — ס'איז דער ריעזיגער האַמער-קלאַנג; דאָרט שמידט מען גליק פאר'ן לאנד. גאנצע וועלדער קוימענס הויכע רויכערען אין דער וועלט אריין און פון צווישען די קוימענס רייסט זיך אלע ווײַלע ארויס א גאָלדיג-געלער פלאַם, וואָס טרייבט פון זיך דעם קנוילענדיגען רויך אוועק, אָבער באַלד ווערט ער, דער פלאַם, אין דעם געדיכטען שווארצען רויך ווידער דערשטיקט.

פיטסבורג איז די מאַמע, וואָס שפייזט א שטיק וועלט מיט שטאָל און אייזען, דעם רויען מאַטעריאַל קאָכט זי איבער, ברענט איבער, און איהר מאָגען מאַכט איהם אַזוי, אַז די וועלט זאָל קאָנען פערדייהען...

איך האָב ניט געלייענט, וואָס עס ווערט געשריבען פון פיטס-בורג אין די ביכער, וואו מען מאָלט די ליכטיגע זייט פון אמעריקאַ וואו מען בעשרייבט די עשירות און די שפע פון אַמעריקאַ. איך גלויב, אַז אין יענע ביכער, וואָס זיינען נאָך אפשר פון דער רעגיע-רונג אַליין ארויסגעגעבען, ציהען זיך די שורות, שורות ציפערען וואָס דערצעהלען, אַז אין דעם און דעם יאָהר האָט מען אַזויפיעל און אַזויפיעל טאָן שטאָל ארויסגעגעבען; אַזויפיעל הונדערטער הונדערטער מייל רעלסען פארטיג געמאַכט; אַזויפיעל און אַזויפיעל

וואָלקען-קראַצער־סקעלעטען אויסגעגאָסען; און דער עיקר — אַזוי־פיעל און אַזויפיעל ארבייטער זיינען געווען פערנומען ביי שמעל־צען די בלאָטיגע רודע און שמידענדיג דעם צוגליהטען שטאָל. שמי־דענדיג גליק פאַר'ן לאַנד, פּראָפיטען פאַר דער וועלט. — יאַ, גע־ווים זיינען אַזוינע ביכער פאַראַן, וואו צווישען די ציפערען האָט מען האָפנונג איינגעפּאסט; בעפוילען די ציפערען זיי זאָלען פון גליק זינגען.

איך האָב יענע ביכער ניט געגלייבט. איך בין געווען אין פּיטסבורג. פינף טעג דאָ פערבראַכט. פינף טעג ניט געזעהען די ליכטיגע זון. צייטענווייז האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַ פינסטערער קאָשמאַר האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף דער גאַנצער געגענד. די מענשען אַרום — ניט אויף דער וואָהר זעה איך זיי, נאָר אין דער אָבשפּיגלונג פון מיין געדריקטען געמיטה, פון מיין צוהיצטען מח.

און די מענשען — געשטאַלטען וואָס דרעהען זיך אַרום צווי־שען רויך און פייער, פערמורזעטע מיט איינגעצויגענע באַקען, מיט דאַרע, אויסגעצויגענע, ביינערדיגע, פערברענטע הענט, אָט די אַלע געשפּענסטער, וואָס דרעהען זיך אַרום ביי די גרויסע גיהנום־אוי־וועגס, וואו דער פייער, אַזאַ העסליך־געלער, ווירבעלט זיך און קנוילט זיך און רוישט, גלייך ווי דעם ווינט וואָלט ער אין זיין מויל אַריינגעכאַפּט און וויל איהם פערברענען; אָט דאָ ביי די פייערען, וואָס בעדאַרפען עס שטאָל-רודע צושמעלצען און פון וואַנען עס רייסען זיך אַרויס אַלע ווייַלע מיט געראויש און געפייף הייסע, גיפ־טיגע, געלע סם־גאַזען; אָט דאָ, בעלויכטען פון דעם געלען גיפטיגען שיין, בעווייזען זיך פאַר מיר געשטאַלטען אַזוי בעקאַנטע. טרעף איך בליקען אַזוי היימיש און הער אַ שפּראַך וואָס איז מיר אַזוי היימיש און קלינגט אַזוי טרויעריג:

איך זעה דאָ מענשען, וואָס זיינען אויף יענער זייט ים נאָכ־געגאַנגען באָרוועס, טריט ביי טריט נאָך דעם אַקעראייזען, וואָס איז געשלעפּט געוואָרען פון אַ פּאָר מאָגערע איינגעצויגענע אָקסען, אָדער פון אַ דאַר פערדעל מיט טרוקענע ריפּען. געשטאַלטען בע

קאנטע פון די זאמדיגע פעלדער אין דער ליטא, אדער פון די פלאַ־כע אומעטיגע פעלדער אין פוילען. איך זעה איהם דעם פויער זומער אין האלבען טאָג רוהענדיג אונטער א בוים, און נעבען איהם זיין ווייב, וואָס האלט־אונטער דעם שווארצען ליימענעם טעפעל אויף איהר שויס, פון וואנען ער שעפט מיט א הילצערנער לעפעל דעם ארימען, מיט נ י ש ט געקאָכטען זופ. איך זעה זיין שטוב מיט שטרוי געדעקט און ביים זייט אן איינגעבויגענע שטאהל, ארום וועלכער חזירים ראַיען זיך, היהנער גראבלען די ערד, זוכענדיג קערנדלעך, און די עלטסטע טאָכטער, וואָס וואשט גרעט פאר׳ן שטוב, מיט בלויזע ארעמס און נאקעטע פיס ביז די קניע. איך זעה איהם אין אָסיען שטעהן אין זיין שטאל און דרעשען אויף דעם ליי־מענעם טאָק די ארימע סנאָפּעס, און ווי ער הערט זיך צו צו די קערנער, וואָס שפּריצען ארויס פון די זאנגען, ווען ער דערלאנגט מיט זיין דרעשער איבער די שפּיצען פון די גארבען. איך זעה זיין ווייב, ווי זי צעהלט די היהנערשע אייער, זי לעגט זיי איבער מיט שעטשקע אין קוישעל, כדי אין מארק אריין צו טראגען און פאר׳ן אָבגעלייזטען געלד א טיכעל א געקווייטעלטע פאר דער טאָכטער ברענגען.

איך זעה זיי אין ווינטער, ווען ארום ליגט טיעף דער שניי און הינטערען שטוב ערגעץ שטייערט זיך דער פראָסט מיט דער נאכט און די געפרוירענע צווייגען הינטער׳ן פענסטער ברעכען זיך און קנאקען; איך זעה זיי זיצענדיג ביים אויוועז, אין דער ליכט פון א קליין לעמפּעל. שכנים האָבען זיך צונויפגעקליבען און די אינגסטע מיידעל אין שטוב לייענט א בריעף פון אן אייגענעם, וואָס איז ערגעץ ווייט אין א פּרעמד און זעהר רייך לאנד. מען בעטראכט א פאָטאָגראפיע פון אן אייגענעם מאן מיט א גלאט אויסגעקאָכט פנים און מיט א קייטעלע ביים זשילעט...

— און אזוי אויף די פליגלען פון די בייזע ווינטען זיינען זיי פערטראָגען געוואָרען אזש קיין אמעריקא, אזש קיין פיטסבורג און דער ריח פון דעם היימישען ארימען און טרייען פעלד איז פערבי־

טען געוואָרען אויף פייערדיגע, גיפטיגע גאזען, וואו זייערע לונגען ווערען דורכגעברענט, וואו דאָס בלוט אין די אדערען ווערט ווי וואַסער שיטער, ווי וואסער ביליג...

וואָרים אָט די אלע שרעקליכע, געפעהרליכע ארבייטען, סיי אויף דער ערד און סיי אונטער דער ערד, ווערען געטאָן אָט פון די פויערים, וואָס האָבען זייער ברויט, מיט קלייען געמישט, געגעסען אין פוילען, רוסלאנד אָדער גאליציע. זיי גראָבען די ברודיגע אייזען-רודע אונטער דער ערד און זיי שמעלצען עס, לייטערען עס, מאַכען שטאָלענע סקעלעטען פאַר די הייזער אין דער גרויסער שטאָט.

און געהט מען אום אין זייערע גאסען, וואו ווייב און קינד האַלטען זיך אויף — בעדאַרף מען ניט בעדויערען די הייזער. וואָרים זיי זיינען בעסער פאַר די, וואָס זיינען ביי זיי אויף זייער פעלד געשטאנען, אָבער א קעלט איבער'ן לייב לויפט דורך, ווען מען בעטראַכט ווייב און קינד.

דער טאטע ברענט זיין לעבען שמעלצענדיג שטאָל פאַר א טאָלער א טאג, אָדער פאַר א טאָלער מיט זעכציג סענט, און אפשר נאָך צעהן סענט א טאָג; קומט א היים, וויל פון לעבען געניסען, א ליעבע שפיעלען, דעם לעבענס-בעכער צו די פערברענטע ליפען טראָגען און — דער נייער דור וואָס ווערט געבאָרען... אויף איהם רוהט די קללה פון דער ציוויליזאציע: פון מוטערלייב קומען ארויס קינדער דראָבנע, פּנימ'ער גרין-געלע און מיט מוסקולען שיטערע. דאָס לאנד, וואָס קאָן ריעזען ארויסגעבען פון זיך; ברייט-ביינינגע פעסטע, גלייכע און פלינקע ווי הירשען; דאָס לאנד, וואו אפילו אידישע טאטע-מאמע, קליין-געוואקסענע, טאטע-מאמע אריבערגעקומענע פון שטאָט און שטעטעל ערגעץ אין דער ליטא, האָבען דאָ קינדער, אין צווייען שטארקער און אין צווייען גרעסער פון זיך ארויסגעגעבען. — — — און אָט די מאָגערע אָבער פעסטע מענער, פון פעלד געקומענע, פרויען פון ווינט און דעם ריח פון גראָז געבאָוועטע, וואָס האָבען זיך צום קעניג פון שטאָל און אייזען איבערגעגעבען, ברענגען פון זייערע לענדען ארויס קינדער אָהן

בלוט, ווי בלויז איין קורצען לעבען צו לעבען, איין קורצען דור אי־בערציהען, און דערנאָך זאָל זייער זכרון פערשניטען ווערען...

איך וויים ניט וואָס עס ווערט דערצעהלט אין די ביכער, וואו די מזל און ברכה פון דער שטאָט פיטסבורג ווערט בעשריבען; וואו עס ווערען געמאָסטען די הונדערטער מיילען רעלסען דאָ אויסגעגאָסענע. איינס אָבער בין איך זיכער איז דאָרט געווים ניט פערשריבען אין יענע ביכער און אין יענע בעריכטען:

אז עס וואָלט גוט און ניצליך געווען פאר די מענשען וואָס געפינען זיך שוין דאָ אין לאנד, אז ביים ברעג ים, וואו די שיפען קומען אָן פון דער אלטער וועלט, זאָל די רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאַטען א שטארקע און שטרענגע וואך אנידער־שטעלען און יעדען איינציגען וואָס קומט אהער אין לאנד — בע־טראכטען זיינע הענט, בעטראכטען זיין וואוקס און קעהר, אויס־פרעגען, וואָס ער האָט ביי זיך אין דער היים געטאָן און צו וואָס זיינע הענט זיינען געבוירען געוואָרען. און אָט די אלע, וואָס האָ־בען ביי זיך אין דער היים, אויף יענער זייט ים, געצויגען ברויט פונ׳ם זאמדיגען גרונט, זיי זאָל מען אוועקפיהרען ווייט פון דער שטאָל און שטיינערנער שטאָט, איבערגעבען זיי אין די ארעמס פון דער רייכער, זאטער מוטער ערד דאָ אין לאנד. זאָלען זיי אליין עסען צו זאט און ברויט לרוב פאר די הונגעריגע דאָ בעזאָרגען.
— — און ניט, נאָכדעם ווי מען צעהלט איבער זייערע גראָ־שענס, נאָך איידער זיי האָבען א פוס אין פרייען לאנד אנידער־געשטעלט, זאָל מען זיי קוויטלעך מיט נומערען צושפיליען צו די לאצען ווי שעפסען זיי טרייבען אין א סטארע צו די ענגע וואגאָנעס, און ערגעץ זיי אוועקפיהרען, און צום שטאָל־און־אייזען־קעניג פאר א קרבן וואַרפען.

## ווינט און רויך

דער ערשטער איינדרוק, וואָס שיקאגא האָט אויף מיר גע־מאכט, איז געווען גאָר ניט אזוי אנגענעהם. מיר האָט זיך אויס־געוויזען, אז שיקאגא איז ניט געבויעט געוואָרען אויף דעם איינגע־נעם אופן ווי אלע אנדערע גרויסע שטעט אין דער וועלט. מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז עפּעס א ריעז האָט די שטאָט פון א זאק אויסגעשאָטען, די הייזער מיט די מיסט אינאיינעם, און שפּעטער איז דער אייגענער ריעז נעגאנגען און מיט א פוס פאנאנדערגע־שארט נאסען און הינטער־געסלעך.

איך דערמאָן מיר, אז מיין ערשטער אָנקומען איז געווען אין א שרעקליך קאלטער, ווינטיגער, נאסער און פערשלומפּערטער ווינ־טער־נאכט. א נאסער געדיכטער שניי איז געפאלען און געלעגט זיך שווער אויף מענשען, וועגענער, פערד און גאס. פאַרביי מיר איז דורכגעפאָהרען א טיעפער גרויסער וואָגען, געשפּאנט מיט א פּאָר גרויסע משא-פערד! דער וואָגען איז געווען מיט זאלץ אָנגעפילט און א נעגער איז געשטאנען אויפ'ן וואָגען און מיט א לאָפּעטע גע־שיט די זאלץ אויפ'ן וועג, וואו דער טראמוויי געהט, כדי דער שניי זאָל צושמאָלצען ווערען צווישען די רעלסען. די גאנצע מעשה האָט אזוי אומגעלומפּערט אויסגעזעהען, אז כ'האָב אליין ביי זיך אין הארצען געטראכט און געלאכט:

— נו, א געזינדעל האָט גאָט אויף דער שעהנער ערד בעזעצט!

אָבער וואָס אָפטער כ'האָב אָנגעהויבען צו בעזוכען שיקאגא, לענגער דאָרט אָנגעהויבען צו פערווייליען, האָב איך מיין מיינונג פון דער שטאָט געמוזט בייטען. פון דעם רויך ארויס, וואָס שפּרייט זיך און ציהט זיך איבער שיקאגא, האָב איך צו ביסלעך די שטאָט אָנגעהויבען ארויסצוזעהען. און ווען ס'טרעפט אזא מין וואונדער, אז אין איין נאכט וואָלט מען דעם רויך צוגענומען, די סאזשע פון די הייזער ארומגעווישט און מאכען אזוי, אז די זון זאָל העל אי־

בער שיקאגאָ איהרע שטראהלען שיקען — מענשען וואָלטען אויפ-געשטאאנען און די אויגען געריבען און זיך געוואונדערט:

— אך, וואָס פאר א שעהנע שטאָט!

— א, אפשר די שעהנסטע שטאָט אין לאנד!

אז מען פערברענגט אביסעל לענגער דאָ, הויבט מען אָן צו ענטדעקען דעם שעהנעם פּלאן פון דער ריעזיגער שטאָט, איהרע ברייטע בולווארען, פוןביידע זייטען מיט בוימער פערפלאנצטע, וואָס צושניידען די שטאָט לענג און ברייט: מען בעמערקט די גרויסע צאָהל שפּאציר־גערטנער, בלומען־בייטען —

— א, ווען ניט דער רויך, כ׳וואָלט שוין אפילו די אָפּטע בייזע ווינטען דאָ אויף פאר גוט אָנגענומען.

כאָטש ניו יאָרק פערמאגט אריבער פינף מיליאָן מענשען און שיקאגא נאָך קיין גאננצע דריי ניט — דער איינדרוק אָבער איז, אז שיקאגא איז די גרעסטע שטאָט אין אמעריקא און — ניט ניו יאָרק.

ווייל ניו יאָרק איז שמאָל און אין צוואנציג — דרייסיג מינוט קענט איהר דורכשפּרייזען, פון איסט־ריווער צום האָדסאָן, און איהר פערגעסט גאָר אז איהר געפינט זיך אין א שטאָט וואָס פערמאָגט אריבער פינף מיליאָן איינוואוינער. שיקאגא אָבער איז ברייט, אפשר ברייטער פון פּאריז, אָבער צוליעב׳ן רויך קענט איהר מיי־נען, אז איהר זייט אין לאָנדאָן.

— א, ווען ניט דער רויך.

און פאר׳ן רויך דאָ האָט מען צו פערדאנקען דעם גאנצען לאנד. ניט שיקאגאר קויהלען און אייוועגס רויכערען און רויכערען אויפצוהאלטען דעם פינסטערען וואָלקען, וואָס מאכט אייך מיט א שעה פריהער צו דערקענען, אָנקומענדיג מיט׳ן באהן, אז דאָרטען און דאָרטען, וואו די הימלען זיינען פעררויכערט — איז שיקאגא; ניט פון דעם אָרטיגען קויהלען-שטויב ווערט אייער פּנים, ווי ביי א קוימענקעהרער און, וואָס קיינמאָל קענט איהר דעם ריכטיגען קאָליר פון אייער הויט ניט ארויסזעהען. —

שיקאגא איז דער אמת'ער צענטער פון לאנד און די הונדער־טער, הונדערטער באהנען וואס ציהען זיך פון מזרח און מערב, צפון און דרום — קומען אן קיין שיקאגא און אויף א ווײלע בלויז שטעלען זיי זיך אפ דא רוהען, און אט אין דער ווײלע פעררוויכערען זיי די וועלט. שיקאגא איז דער גרעסטער אייזענבאהן צענטער אין לאנד און פאר א זייטיגען מענשען, וואס פיהרט ניט קיין סחורות מיט יענע באהנען, זעהט עס אויס, אז בלויז דא א רויך אנצומאכען קומען זיי אהער די באהנען פון אלע עקען לאנד.

און דער מאגען פון שיקאגא, וואו בירגער פון פרעמדע לענ־דער, קינדער פון אנדערע נאציאנען, בעדארפען עס ווערען איבער־געקאכט אויף דעם אמעריקאנער אופן, בעקומען אן אמעריקאנער פנים, אט דער מאגען איז ניט קלענער ווי דער ניו־יארקער. און פונקט ווי דער נ י ו - י א ר ק ע ר פער־דייעט ער שלעכט דעם נאציאנען און פעלקער־געמיש. ער שלינגט זיי גאנצערהייט, רויערהייט און ווארפט זיי פון זיך ארוים ניט גענוג איבערגעקאכט. דא איז א וועלט מיט קליינע וועלטעלעך מיט אלערהאנד שפראכען און אלערהאנד צייטונגען. יעדע וועלטעל אין איהר גהעטא... און פונקט ווי די קראהען אין די וועלדער קענען זיך ניט איינטיילען מיט זייערע נעסטען אזוי זיינען די נאציאנען מיט זייערע גהעטאס: קומט דער איד צוציהען אין א גאס, אנטלוי־פען אלע יענקים, אירלענדער און דייטשען; קומט דער איטאליענער און שטופט ארוים דעם אידען; קומט דער סלאוו און שטופט ארוים דעם איטאליענער; קומט דער נעגער און שטופט ארוים דעם סלאוו און מיט דער פערענדערונג ווערט די גאס אלץ מיסטיגער און בלא־טיגער, און אין די הייזער — אלץ חושכ'דיגער און ארימער.

איהר געהט פון איין גהעטא אין דער אנדערער און הערט ה י י מ י ש ע שפראכען און הערט ווי דער באציל גריזשעט אט די היימישע שפראכען און פערדארבט זיי.

די היימישע שפראך פוילט און ווערט מיט דעם אמעריקאנער ענגליש צוגעווירצט. און פון דעם איין און איינציגען ענגלישען

ווערטעל אין א גאנצען היימישען זאץ, איז — ניט חלילה ענגליש
ליידט דערפון, נאָר די היימישע שפּראַך ווערט אָנגעשטעקט:

— יא מיאַלעם דזשיסאי טאקי ט ר אָ ב ע ל, זאָגט דער
פּאָליאק.

— כ'האָב היינט געהאט אזוי פיעל ט ר א ב ע ל —
דער איד.

— יש לי היום כל כך ט ר אָ ב ע ל — דער העברעער.

— יא אימיעל סעוואָדניא סטאָלקאָ ט ר א ב ע ל — דער
רוס.

א, ווער וועמען מאכט מעהר טראָבעל אָן?! — — —

אז איהר רעדט מיט א שיקאַגאָר מענשען, רעדט ער פון זיין
שטאָט מיט דער גרעסטער ליעבע און וויל אייך איבערצייגען, אז
אין דער צוקונפט וועט שיקאַגאָ שפּיעלען די גרעסטע ראָלע אין
לאנד.

— דער צענטער, דאָס הארץ פון לאנד וועט ווערען שיקאגאָ.
וואַרט נאָר ווארט, זאָל מען נאָר דורכפיהרען דעם געזעץ, אז די
באהנען זאָלען ניט טאָרען אריינקומען אין שטאָט מיט זייער רויך,
און ווי ביי אייך אין ניו יאָרק וועלען זיי מוזען א תחום שבת פאַר
דער שטאָט צושפאנען א עלעקטרישען לאָקאָמאָטיוו —

הלואי! אפשר צו יענער צייט וועט מען אין שיקאגאָ אָפּרא-
מען די מיסט אין די הינטערגעסלעך. שיקאגא האָט גאסען און
הינטערגעסלעך; ס'הייסט הינטער די הייזער ציהט זיך א שמאָל,
שמאָל געסעלע, ניט געברוקירט און ניט אויפגעפּאסט ווי די פּאָ-
רענט נאָס.

דורך יענע בלאָטיג־ענגע געסלעך ציהט דער פערלער מיט זיין
מאָגער פערדעל; שפּיעלען זיך הינט אין ליעבע; דראפּען זיך קעץ
די אוינען אויס און עס פראוועץ זייערע חתונות מחנות, מחנות
שטשורעס און מייז. א וואונדער? אין שיקאגא, די שטאָט וואָס
האָפט צו ווערען דאָס הארץ פון לאנד, קענט איהר גאנץ אָפט, אין
א בענינען און אמאָל טאקע אין מיטען העלען טאָג, זעהן א מיי־

זישע פראצעסיע, ציהענדיג פון א הינטער-געסעל, שניידט דורך די הויפט־גאס און קלייבט זיך דורך, ניט איילענדיג צום צווייטען הינ־טער-געסעל. קוקען אויף דער שטאט מיט דעם איינענעם שטאלץ וואס אנדערע איינוואוינער.

שיקאגא האט אויך א נאמען: "די שטאט פון די ווינטען", צוליעב די אפטע שארפע צפון ווינטען וואס בלאזען פון די גרויסע אזיערעס.

איך וויל אבער אונטערצייכענען אן אנדער זאך וואס ווארפט זיך דא אין די אויגען:

די שיקאגא׳ר לייט האבען צו ערנסטע, ניט קיין פריינדליכע פנים׳ער. אזוי זעהט אוים דער דורכשניטס מענש אין גאס. זעלטען וועז א ליעבער שמייכעל, זעלטען וועז א לייכטזיניגע שטיפערישע בעוועגונג.

דער אמעריקאנער, וואס אין דער וועסט, האט אין אלגעמיין א צו ערנסט פנים. קענסט מיינען לויטער פילאזאפען, אהן א שמייכעל. אז מען קוקט זיך אבער צו נאהנטער בעסער, זעהט מען, אז די סבה פון דער ערנסטקייט אין פנים און די פערשלאסענע ליפען — איז דער קיי־טאבעקא. ביי יעדען איינציגען פון אט די פילאזאפען ליגט אין א ווינקעלע צווישען באק און צונג, ביי די באק־צייהנער: דארט אין ווינקעלע ליגט א קניילכעלע שווארצער טאבאק און ער נאגט פון איהם דעם זאפט מיט אזא ערנסטקייט.

עס ווארפט זיך אין די אויגען, אז דער פעלקער און ראסען מישמאש דא, איז ניט קיין געקליבענער.

די מענשען וואס דו בעגעגענסט זיינען אדער איבערגעוואק־סען-גרויס אדער ניט דערוואקסען־קליין. פרויען, ניט גראציעז און ניט שעהן — דער דורכשניט וואס דו בעגעגענסט אין גאס. א סך מיט ברילען אדער פענסנע אויף די נעז. הענט גרויסע. ניט מיט געשמאק געקליידט.

אין שיקאגא, אין א פאסט אדער אזוי אין אנשטאלט, בעהאנ־דעלט מען איך רוי, ניט העפליך — גלייך אייער געלט וואס איהר

דערלאנגט איז פון גזילה.

שיקאגא האָט די גרעסטע שלאכט-הייזער אין דער וועלט — אזוי זאָגט מען — וואו טויזענדער בהמות, שאָף און חזירים ווערען טאָג־טעגליך גע'ממית'ט און פון זייער פעל, פלייש און שמאלץ מאכט מען אלץ וואָס עס ווערט נאָר געמאכט פון פעל, פלייש און שמאלץ. די וועלט לויפט אהין אויף בייז וואונדער. גרויסע ביכער זיינען שוין פון יענע שלאכט־הייזער אָנגעשריבען געוואָרען.

— זאָל מיר גאָט ניט שטראָפען פאר די רייד, איך האָב שוין אמאָל געהאט גע'פועל'ט ביי זיך, אז כ'זאָל אָנטאָן א פאנצער אויף מיינע נערוועז און געהן זעהן דאָס וואָס א וועלט מיט מענשען האָט געזעהן און בעוואונדערט. איז אָבער דער אונבעשרייבליכער גע-שטאנק, וואָס טראָגט זיך פון יענע הייזער אויף א מייל ארום, ער האָט מיר אזא שלאָג געטאָן צום נאָז און הארצען, אזש אין קאָפּ האָט מיר אָנגעהויבען צו שווינדלען, און כ'האָב מיט אלע כהות פערקירעוועט צוריק. ווען כ'וואָלט געוועז בכח זיך אליין גובר זיין און די שלאכט־הייזער יא בעזוכען, אפשר וואָלט איך עס בע־וואונדערט... פאָרלויפיג אָבער, אפילו אָהן דעם איינדרוק פון די שלאכט-הייזער ווילט זיך מיר זאָגען, אז: —

שיקאגא איז דאָך די גרעסטע שטאָט אין לאנד, כאָטש מענ־שען ווינציגער ווי אין ניו יארק.

שיקאגא — די אינטערעסאנטסטע שטאָט אין לאנד — ווען ניט דער רויך, און מענשען וואָלטען פערמאָגען א ליעבען שמיי־כעל אויף די ליפען.

און איך אליין, ווען איך טראכט פון די גרויסע שטעט דאָ אין לאנד טראכט איך מעהר פון שיקאגא ווי פון ניו יאָרק.

אפילו אונזערע אידען געפעלען מיר אין שיקאגא בעסער ווי אין ניו יאָרק.

---

## אונטאלעראנץ

אמאָל אין פּעטערבורג, ביים בעטראכטען א צימער פאַר זיך אין א ניט־אידישער הויז און זעהענדיג די פריינדליכקייט, וואָס די אַלטע רוסישע בעל־הבית'טע ווייזט מיר ארוים — איז מיר איינגעפאלען אפשר ווייסט זי ניט, אז איך בין א איד, אפשר גאָר, אז זי וועט זיך עס דערוויסען קען געמאָלט זיין, זי זאָל מיר ניט וועלען אריינלאָזען צו זיך אין שטוב אריין, אז כ'האָב שוין געהאל־טען ביים ארויסגעהן, צוזאָגענדיג אז נאָך היינט וועל איך קומען מיט מיינע פּעקלעך, זאָג איך צו איהר:

— ווייסטו אָבער, אז איך בין א איד? אפשר איז עס דיר ניט בעקוועם?

— גאָט איז מיט דיר, גאָט איז מיט דיר "טייבעלע מיינס", וואָס דו רעדסט... ביי גאָט זיינען אלע גלייך. — און זי האָט זיך איבערגע'צלם'ט.

ס'איינגענע האָט מיט מיר געטראָפען מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, שוין דאָ אין לאנד, דאָ אין דער נייער וועלט:

ס'אי געווען אָנהויב זומער. איך בין געפאהרען זוכען פאר זיך אן ארט צו וואוינען ערגעץ צווישען פארמער, אין דער געגענד פון שעהנעם האָדסאָן. כ'האָב מיך דערשלאָגען צו א שעהנער, ניט אידישער פארמער־הויז און האָב אָנגעקלאפּט. צו מיר איז ארויסגע־קומען די ווירטהין. כאָטש א פארמערס א ווייב און דאָך מיט א גאנץ איידעלען אויסזעהען, מיט אריסטאָקראטישע שטריכען אין פּנים און מיט א ליעבען שמייכעל ביי די ליפּען. כ'האָב דערצעהלט וואָס איך פערלאנג.

— יא, ביי מיר זיינען פאראן געגוג צימערען. קום ארויף קלייב זיך אויס א צימער. — איז געווען איהר פריינדליכער ענטפער.

זי האָט מיך דורכגעפיהרט ארום און ארום. אלץ מיר בע־וויזען, געזאָגט, אז ניט נאָר מיין צימער האָב איך א רעכט צו

בענוצען, נאָר איך קען זיצען וואו איך וויל, וואו מיר געפעלט. כ'האָב בעשטימט דאָרט צו וואוינען דעם זומער. בלויז ברעננגען די פעקלעך. און שוין אין טיר זייענדיג ווענר איך מיך צו איהר:

— כ'וויל, זאָלסט וויסען, אז איך בין א איד. א רוסישער איד. און אפשר וועט עס זיין פאר דיר אונבעקוועם.

זי האָט אויף מיר אָנגעשטעלט א פּאָר פערוואונדערטע אויגען ניט פערשטעהענדיג וואָס איך מיין. כ'האָב ס'אייגענע איבערגע'חזר'ט און געגעבען איהר צו פערשטעהן אז...

דאָ איז זי אביסעל רויט געוואָרען און מיט א לייכטען שמייכעל צוגעגעבען:

— ביי אונז אין לאנד איז ניטא קיין חילוק פון איד ביז ניט איד.

און, ווי צו וועלען מיר איבערצייגען, אז דאָס איז דער ריינער אמת, האָט זי אָנגעהויבען צו רופען:

— עלען! מיין טייערע וואו ביזטו?

דאָס איז געווען איהר איינגערע טאָכטער. א מיידעל פון א יאָהר זיבעצען. זי איז אריינגעקומען פון א זייטיגער טיר און געפרעגט, וואָס די מאמע בעדאַרף.

— אָט זעהסטו מיין טייערע, דער דזשענטעלמאן וועט דאָ וואוינען ביי אונז. דאָס איז מיין טאכטער, זעהסט, מיין טייערע, דער מענש איז ניט לאנג געקומען פון רוסלאנד. א רוסישער איד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב די צוויי זאכען דערצעהלט, ווייל מיר דוכט זיך אויס, אז ערגעץ אין דער טיעף פון יעדען פאָלק ליגט דאָס מענשליכע בעגראבען און ווי א גרינער גראז שפּראָצט עס ארויס דאָ און דאָרט ביים זייט פון שטויביגען מענשען-וועג. און כאָטש פאר מיר פערזענליך זיינען די אויבענדערמאָנטע צוויי פאקטען כמעט אן אויסנאהם, דאָך ווילט זיך מיר עס געדענקען דוקא אין די צייטען ווען מיר דאכט זיך אויס, אז פערדאָרבען איז דער מענש מיט זיין שנאה צו יענעם וואָס איז ניט אין איהם געראָטען, פערדאָר־

בען ביז'ן ביין.

און אז מען בעטראכט דאס לעבען דא אין אמעריקא ביי היינטיגען טאג; בעטראכטענדיג דעם שווערען וואגען פון פראג-רעס, וואס איז אויסגעפאלען אויף פארשטעהער פון כמעט אלע נאציאנען פון דער וועלט צו שלעפען; בעטראכט מען אט דעם דאזיגען געשפאן — זעהט איהר קלאר מיט וואס פאר אן אונטא-לעראנץ ס'קוקט איינער צום אנדערען שלעפענדיג דעם אלגעמיי-נעם געשפאן.

אבער דא איז פון די טאטעס פון לאנד אין די אלטע צייטען א קערענדעל פערזעעט געווארען אין דער היגער, יונגער, זאפטי-גער ערד; און די ווארצלען פון יענעם קערענדעל האבען זיך גוט צוגענומען. קאלט איז אויבען, שלאגען זיך די ווארצלען אין דער טיעף:

"אלע מענשען זיינען גלייך ביי גאט און אלע גלייך בעדארפען געניסען פון גליק, פרייהייט און ליכטיגקייט אויף דער ערד".

אין דער רגע, ווען ס'כאפט ארום ס'הארץ טרויער און פער-דרוס, קוקענדיג צו דער אומפריינדליכקייט וואס הערשט דא צווי-שען די פארשטעהער פון אלע ראסען און נאציאנען וואס וועלען דאך מיט דער צייט אונטערגעהען, שיינען אויף יענע ליכטיגע ווערטער וואס זיינען פון דעם ליכטיגסטען ווינקעל פון מענשענס הארץ ארויסגעקוואלען... גלויבסט אין גוטע צייטען אין די קו-מענדיגע צייטען.

און דערווייל?

דערווייל גלייכען זיך די פעלקער דא אויס נאר אין האנדעל. ביי ביזנעס בעהאנדעלט איין פאלק דעם אנדערען איידעל, פריינד-ליך. דער יענקי נעהמט אויף שעהן דעם אידען, דער איטאליענער דעם איירישען, דער פאליאק — דעם דייטש און דער דייטש — דעם פראנצויז. אויסערהאלב די ביזנעס אבער, אין "לעבען" — כמעט ווי איינער דעם אנדערען דערקענט ניט. איינער זעהט אין דעם אנדערען זיין קאנקורענט.

ווארים אין דער אלטער וועלט, אז איהר זענט געפאהרען איבער'ן גרעניץ, געקומען אין א פרעמד לאנד, האט מען אייך דארט בעטראכט ווי א גאסט. און אזוי האט איהר זיך אליין בעטראכט. אז א רוס איז געקומען קיין דייטשלאנד, האט מען איהם געפרעגט ווען ער פאהרט צוריק. אפילו אין דער גאסטפריינדליכער פראנק-רייך האט מען אייך געפרעגט — ווי לאנג קלייבט איהר זיך דא צו פערבלייבען?

אנדערש איז אבער אין אמעריקא. אהער קומט מען ניט צו גאסט. אהער פאהרט מען ארויס לאזענדיג די היים הינטער זיך. פערקויפענדיג די שטוב, מעבעל, אלץ מיט אנאנדער. מען געזעגענט זיך אויף לאנג. און דא אין לאנד פרעגט מען אייך ניט — ווען איהר פאהרט צוריק. דא פרעגט מען אייך:

— האט איהר שוין אייערע ערשטע בירגער-פאפירען ארויס-גענומען?

אהער פאהרט יעדערער ווי צו זיך א היים. און אז מען קומט אהער, ס'הייסט, צו זיך אין שטוב, און מען געפינט דא אן ענגשאפט, מענשען זיינען פריהער געקומען, פערכאפט די וועלט, קוקט קרום איין פאלק אויפ'ן אנדערען. כמעט גרייט צו שפייען איין פאלק דעם אנדערען אין פנים אריין.

פאר די לעצטע פינף און דרייסיג יאהר איז דא צוגעקומען אריבער פערציג מיליאן מענשען. פון אלע עקען וועלט זיינען זיי אנגעקומען. פון אלע פעלקער און ראסען. און וואס איז פינף און דרייסיג יאהר? דער עולם האט זיך נאך ניט איבערגעקאכט אין דעם הינגען מאגען, נאך ניט צושמאלצען געווארען. יעדער איינער פון דער אלטער וועלט וואלט וועלען, אז דא זאל בלויז זיין וועלט אליין זיין. יעדערער זוכט פאר זיך א בעזונדערען ווינקעל. איינער וויל דעם אנדערען אין שכנות ניט האבען. זעלטען ווען איינער וועט דעם אנדערען צו זיך צו גאסט פערבעטען. דער יענקי פער-טראגט ניט דעם דייטש, דער דייטש — דעם אירלענדער. דער איר-לענדער דעם סלאוו; און אלע אינאיינעם גענומען — פערטראגען

ניט דעם אידען.

כ'האָב מיר אמאָל גענומען די מיה נאָכצוזוכען אין די אָנ־געזעהענע ניו יאָרקער צייטונגען, אין דער אבטיילונג וואו ס'ווערט איבערגעגעבען ס אָ ס י י ע ט י נייעס, דאָס לעבען פון דעם רייכען, אריסטאָקראַטישען ניט-אידישען עולם; כ'האָב געזוכט אין די נייעס וואו ס'ווערט איבערגעגעבען ביי וועמען פון די מיליאָ־נערען איז עפּעס א שמחה; ווער ס'האָט פער'קנס'ט א קינד, ווער ס'מאכט חתונה א קינד, וועמעס טאָכטער ס'אי שוין מיט מזל דערוואקסען אריינצוקומען אין דער געזעלשאפט און אויסקוקען פאר זיך א חתן. כ'האָב גאַנץ פאָרזיכטיג איבערגעקוקט די נעמען פון די געסט אויף דער שמחה, וועלענדיג אידישע נעמען בעגע־גענען.

כ'האָב געוואָלט פשוט וויסען ווי אזוי ס'לעבען צווישען זיך די אידישע און ניט אידישע מיליאָנערען, אדער ווי מען רופט זיי דאָ — די פיער הונדערטער? — זיי פיהרען דאָך געשעפטען אינאיינעם. קומט צו עפּעס שיטען דאָך אידען מיט מיליאָנען. ווער נאָך ווייזט זיך אזוי ארוים מיט זיינע גרויסע נדבות פאר עפּעס אן אלגעמיינעם וואוילטעטיגען ענין ווי אונזערע אידישע עשירים? כ'האָב דעריבער געוואָלט אויסגעפינען צי ווערען זיי איינגעלאַדען צו זייערע נ י ט־א י ד י ש ע ב ר י ד ע ר א י ן ה א נ ד ע ל אויף א שמחה אויף א תנאים אָדער אויף א חתונה פון א קינד.

— זעלטען, זעהר זעלטען, ווען כ'האָב צווישען דעם גרויסען צעטעל פון ניט־אידישע געסט א אידישען נאָמען געפונען.

איז עס נאָר צום אידען אזוי?

ניט אינגאַנצען. צום אידען איז דער עקעל א דאָפּעל־טער, א דריי-פאַכיגער. צום אידען איז דער אונפריינדליכער געפיהל א שטאַרקערער. אפשר מיט מעהר עקעל פערמאכט מען די טיר פאר איהם. אפשר בלויז מיט דעם אידען ווילען זיך די קריסטליכע סטודענטען ניט בעגעגענען אין איין קלוב, אין איין פעראיין.

אפשר וואָלט מען נאָך דעם כינעזער אדער יאפאנעזער אויך גע-קענט צורעכענען ווען יענע זאָלען זיך אליין נים האלטען פון ווייטען. וויכטיג איז, וואָס פון די ד׳ אמות פון דער אייגענער שטוב ווארפט איין פאָלק צום אנדערען, כמעט אָהן אונטערשייד, פערהאכטוננגס־בליקען ארויס.

אין וואָגען זיינען זיי אלע געשפאנט:

דער איטאליענער ברוקירט די גאסען, גראָבט גאָלד און זילבער.

דער סלאוו ליגט אין די מינען און שלעפט משאות אין פּאָרט.

דער איד ניהט הויזען און בעקליידט די וועלט.

דער אירלענדער בוים הייזער.

דער דייטש האלט ביער־סאלונען.

אין די נידעריגע קלאסען כאָטש מען זידעלט זיך פונדעסט־וועגען שניידט מען ברויט פון איין לאבען און וואסער צאפּט מען פון איין קראַן. מען זידעלט זיך: „שיני״, „דעיגאָ״, „מייק״ און „קייק״ — אָבער דאָך שניידט מען דעם ברויט פון איין לאבען. אין די אריסטאָקראטישע קרייזען רופט מען זיך נים איבער; אין די אויגען בעליידיגט מען זיך ניט — נאָר מען האלט בלויז די טיר פערשלאָסען פאר דעם, וואָס איז ניט פון מיין בלוט.

אזוי איז צווישען די עלטערען.

די קינדער אָבער צווישען זיך, אין גאס אדער אין דער שולע — ווייסען נאָך ניט פון דער ביזנעס־העפליכקייט, פון דעם שמועס איבער׳ן וועטער, וואָס בעשעהנט דאָ אזוי די ביזנעס־שפּראַך, זיי די קליינע קינדערלעך, אונשולדיגע און איינפאכע, טראָגען מיט זיך ארויס פון טאטע־מאמעס שטוב. אינאיינעם מיט׳ן פּעקעלע עסען — די שלעכטע געפיהלען צום פרעמדען — די שעהנע תורה איבער דעם פרעמדען פון פרעמד בלוט, וואָס זיי האָבען אין שטוב פון טאטע מאמע געהערט: קינד מיט קינד קריעגט זיך. ס׳האָבען פיינט איינס דעם אנדערען קינדערלאך פון טאטע מאמע מיט פּאָ-

ט ע ר ל א נ ד ס; אלע אינאײנעם האָבען פײנט ס'קלײנע גלות-קינד. קינד מיט קינד קריעגט זיך און דריקען אויס די נעפּיהלען פון זײערע טאטע מאמע אין דער הײם. רופט אײן קינד דעם אנדערען ש י נ י ענטפערט יענער ג י נ י; זאָגט דער ד ע י ג א, ענטפערט יענער א י י ב י.

אין דעם שטאט וואו מען האָט א אידען געלינטשט, אין דזשארדזשיא, איז דאָ פּאר אידען נאָך א נאָמען:

— פּרענק!

אזוי האָט געהײסען דער אידישער מארטירער.

טרעפט אמאָל אידישע קינדער, געבוירענע אינ'ם לאנד, וואָס ווילען עס ניט לײדען, גיבען קלעפּ.

כ'ווײס א אידיש קינד וואָס האָט פאר דעם אײן ווערטעלע „שיני" געפיהרט מלחמה מיט א גאנצער גאס ניט-אידישע קינדער, האָט זײ אלעמען גע'מזיק'ט, און, אז איהם האָט דערעסען די גאנצע מלחמה האָט ער געבעטען טאטע-מאמע זײ זאָלען ארויסציהען אין א אידישער גאס.

דאָס זײנען אינגלאך, מענער: פּײט! או מען שלאָגט דאָ אײ־נעם אונטער די אויגען, גרוים און קלײן אזוי, האָט ער דרך־ארץ.

מײדלאך אָבער, דער שעהנערער און שוואכערער מין, זוכען זיך אויס אנדערע וועגען ווי אײנע דער אנדערערס בלוט צו בע־לײדיגען:

— נעהמט די ניט־אידישע מײדעלע מיט א שטיקעל קרײד און שרײבט אָן א צ ל ם און דערנאָך טונקט זי אײן איהר פינ־גער אין מויל און מיט שפּײעכץ מאכט זי א מ ג ן-ד ו ד...

נעהמט די אידישע מײדעלע און שרײבט אָן מיט ק ר י י ד א מגן-דוד און מיט ש פּ י י ע כ ץ — א צלם...

פון דער אלטער וועלט, אינאײנעם מיט געבעט-געוואנט האָט יעדער פאָלק מיטגעבראכט מיט זיך א האס צום צווייטען פאָלק. מיסט פון דער אלטער וועלט האָט מען מיטגעשלעפּט מיט זיך און מען פערשיט דעם גרונט-שטײן פאר א שעהנעם און ליעבען

לעבן וואס איז דא געלעגט געווארען פון די טאטעס פון דעם לאנד. א געשטאנק פון ראסען־האס איז אהער אריבערגעבראכט געװארען פון דער אלטער וועלט.

און די ים־לופט, וואס מאכט אויסוועבען גוטע פערפיומען, מאכט מענשען אויסברעכען אלץ וואס זיי האבען געגעסען ביי זיך אין דער היים, אין דער אלטער וועלט — אט די ים־לופט איז ניט אימשטאנד אויסצוראטען די אומפריינדליכקייט פון דורות וואס פאלק צו פאלק טראגט אין הארצען און וואס — א ל ע א י נ א י י נ ע ם טראגען צום אידען...

פאר דעם מענשען וואס גלויבט אין מענשען און בעגרייפט דעם וואונדער פון אמעריקא׳ס אויפקומען, פון אמעריקא׳ס גרויס־קייט — פאר איהם איז געבליבען בלויז צו האפען:

— אז ווי לאנג די פעלדער וועלען דא גרינען און די פעלזען־בערג פון מערב-זייט וועלען דעם שניי אויף זיך טראגען; ווי לאנג די מיסיסיפי וועט איהרע וואסערען טראגען צום אוקינוס און די כוואליעס פון די ים׳ען וועלען קומען וואשען דעם זאמד פון די היגע ברעגעס... אזוי לאנג נאך וועלען דא און דארט קלינגען די ליכטיגע ווערטער פון די פאטערס פון לאנד:

״אלע מענשען זיינען גלייך פאר גאט; אלע גלייך בעדארפען געניסען פון גליק, פרייהייט און ליכטיגקייט אויף דער ערד״.

דאס איז דער גרונט-שטיין פון דעם לעבען דא אין לאנד. דער פונדאמענט. אמעריקא בעדארף נאך אמאל אויפסניי געבוירען ווערען. ס׳בעדארף נאך קומען די צייט פון איהר ו ו י ד ע ר-געבורט.

די קומענדיגע דורות וועלען פון דעם פונדאמענט די מיסט ארויסקערען.

# אָהן געזאַנג

נישטאָ קיין געזאַנג אין די פעלדער פון נאָרד אַמעריקא; און דעריבער איז אומעטיג אין די פעלדער פון נאָרד אמעריקא.

עס שלעפּען די פערד דעם שווערען אקער-אייזען, שטום און שטיל געהט נאָך דער מענש טראַכטענדיג זיינע מחשבות און אזוי שטיל ליגען זיך די גליבעס ערד ביים זייט פון אקער־אייזען. ס'ווערען ניט בעזונגען די קאָרען אָדער ווייץ־קערענדלאך, בע־האלטענדיג זיי אין דער פריש צואקערטער און ווארימער ערד. ס'הערט ניט קיין געזאַנג דער גרינער גראָז ווען ער שלייכט זיך ארויס פון דער ערד. אָהן געזאַנג ווערען געשניטען די תבואות און געפיהרט אין שייער אריין; אָדער צו זיי ווערען אין פעלד געדראָשען — אלץ איינס, קאלטע שטומע דרעהען זיך ארום די מענשען האביי. די היי ווערט געקאָשעט פון די לאָנקעס, געטרי־קענט, אין סטאָגעס צונויפגעשארט און קיין ליעד איז דאביי ניט געזונגען געוואָרען. און דער עפּעל, בארנע, אָדער אפילו די גאָלדע־נע אפּעלסינען הענגען שטום אראָב צווישען די גרינע בלעטער און, אז די צייט קומט, פליקט מען זיי פון די בוימער, מען טריי־סעלט די צווייגען און שטום פאלען זיי אויף דער ערד; אין קאס־טענס פערפּאקט מען זיי און ערגעץ ווייט, ווייט אין די גרויסע שטעט ווערען זיי אוועקגעשיקט און — ניט געזונגען האָט דער מענש דאביי. אפשר בלויז פון מטבעות געטראכט.

אומעטיג איז אין פעלד פון נאָרד אמעריקא ווייל ס'איז ניט צו זעהן די פרוי אין די פעלדער פון נאָרד אמעריקא.

די פרוי האָט דאָ איהר אָרט אין קיך אָדער אין פאבריק אָבער ניט אין גאָטס געבענשטען פעלד. די ארבייט אין פעלד ווערט דאָ אין לאנד געטאָן פון מאן, וואָס זיין מויל איז פער־לייגט מיט קיי-טאבאק. די פרוי ווייסט ניט פון אומגעהן מיט'ן סערפּ אויפ'ן אקסעל און קוקען צווישען די תבואות אפשר וועט

זיך צו איהר פון דעם גאָלדענעם זאנגען-ים איהר ליעבע בעוויזען. זי קומט ניט ארוים בעגינען אין פעלד צו פרעגען דעם וואונדער בלימעלע אויב איהר געליבטענס הארץ איז נאָך מיט איהר. זי טראָגט קיין מאָל ניט דעם שווערען בונט היי אויף איהר קאָפּ, געהענדיג געבויגען צום סטאג, וואו אויבעןווארט א יונג אויף איהר, פיהלענדיג די בליקען פון די יונגען ביים זייט וואָס פאלען אויף איהרע באָרוועסע טריט. ניט אין די קאָרנפעלדער שפּיעלט זיך די ליעבע אוים און ניט צווישען די ווייצענפעלדער קומט זי אויסזינגען איהר בעטריבט הארץ. פון שוועל ביז צום ראנד פון פעלד איז די ממשלה פון מאן. די גרינסען פאר'ן שטוב פערזעעט ער און, אז זיי ווערען צייטיג, רייסט ער זיי און טראָגט זיי אין שטוב אריין, צום ווייב, וואָס שטעהט ביים אויווען און היט די טעפּלאך. דער מאן מעלקט די קוה און טראגט דעם שעפעל מילך אין שטוב אריין. אין ז י י ן ממשלה ליגט דאָ די מוטער ערד און דאריבער איז אין פעלד אזוי אומעטיג פאר אונזערען א מענשען.

אָט דער פּאס ערד, וואָס ציהט זיך אוועק צו דרום זייט פון לאנד, וואו קנעכטשאפט האָט געהערשט און איז נאָך אינגאנצען ניט פערשוואונדען, אין די וואטע־פעלדער, וואו דורך נענער, אייביגע קנעכט, איז די ארבייט געטאָן געוואָרען, דאָרטען איז נאָך די ליעד אינגאנצען ניט פערשטומט געוואָרען. מאן און פרוי אבי נאָר שווארץ, זיינען פון דער בייטש געשמיסען געוואָרען, טאָג און נאכט ווי פערד דעם יאָך אינאיינעם געשלעפּט — דאָרט איז די פאָלקס ליעד ווי א שעהנע בלום אין פעלד ארויסגעוואקסען. און ווילט איהר די אונשולדיג־ליבטיגע פאָלקס־ליעדער הערען, זוכט זיי צווישען יענע ליעדער, וואָס שטאמען פון יענעם דרום־פּאס לאנד. געזונגען האָבען זיי אין פּ ע ל ד שווארצע קנעכט און דער ווייסער, פרייער מענש, אין ש ט אָ ט פּרובט זיי אמאָל איבערזינגען, און נאריש און פרעמד קלינגט אין שטאָט די שטילע ליעד, וואָס איז אויסגעזונגען געוואָרען אין די שטילע אווענטען ביי

די ברעגעס פון דער מיסיסיפי. ווארום וואָס פאַר טעם האָט אין שטאָט די ליער, וואָס איז געבוירען געוואָרען פון מענשען, וואָס ווי קינדער קליינע זיינען זיי קינדיש, און זינגענדיג זיינען די טענער אויף די סטרונעס פון דער באנטשא שטענדיג בעגלייט געוואָרען? די ליעדער האָט מען ציגויפגענומען און אָבגעדרוקט, ארויסגעגעבען פאַר דער שטאָט ווי א צייכען פון אלטע צייטען. מען פרובט זיי זינגען. אויף א שלעכטער פיאנא קלאפט נאָך אי-מיצער צו צום טאקט. אָבער אין פעלד וואו דער ווייסער מענש איז דער האר, דאָרט וועט איהר די ליער פון פלאנצען און זעען זעל-טען, זעלטען ווען דערהערען.

כ'האָב צו ווינציג געלעבט אין ענגלאנד כ'זאָל זייערע מנהגים און כאראקטער קענען משפּט'ן, אָבער מען זאָגט, אז זיי זיינען ניט קיין פאָלק פון געזאנג און מוזיק. און אפשר דערפאר וואָס זיי זיינען געווען כמעט די ערשטע פון דער אלטער וועלט, וואָס האָבען אָנגעהויבען ארייגצולאָזען וואָרצלען טיעפע דאָ אין דער ערד פון דער נייער וועלט און האָבען די ערד בעהערשט, דאריבער איז אין פעלד דאָ אזוי שטיל. און זיי זיינען אפשר שולדיג פאר וואָס די פרוי איז פון פעלד דערוויטערט; פאַר וואָס די ליעבע וואוינט ניט אין פעלד.

ווארום אָנגעקומען זיינען צום ערשטען בראווע מענער, וואָס האָבען איבער פרעמדע ים'ען זיך געלאָזען זוכען גליק, זוכען א ניי לעבען און נייע וועלטען. זיי האָבען זיך די ערשטע מיט דער ערד בעקענט און שפּעטער זי בעהערשט. ס'האָט דאָס נייע לאנד און יונגע ערד זייער הארץ געפאנגען און אָבגעווענדט די מחשבות פון דער פרוי און דעם פערבאָטענעם וועג וואָס פיהרט צו איהרע פענסטער. ערשט שפּעטער, שפּעטער האָט מען ווייבער פאַר זיך אויסגעשריבען פון דער אלטער וועלט פונקט ווי מען האָט פאַר זיך אויסגעשריבען זריעה פאַר די פעלדער און וואפען פון דעם אינדיאַ-נער זיך צו בעשיצען.

דער ערשטער טראנספּאָרט ווייבער, נייגציג אין צאָהל, איז

צו די ברעגעס פון ווירדזשיניא אנגעקומען פון ענגלאנד אין יאהר טויזענט זעקס הונדערט ניינצען. א לאנגע צייט שוין פארביי.

כ'האב אין ערגעץ געזעהען אויף אן אלטער גראוויר-צייכנונג ווי יענע ווייבער זיצען ביים ברעג ים אויף זייערע קאסטענס און פעקלאך, דער פנים צום ווייטען ים געווענדעט און וויינען אין דער שטיל. ביים זייט שטעהען געזונטע מענער, אויסגעפוצטע אין די שעהנסטע קליידער און בעטראכטען די סחורה. שמייכלען און קוקען איינס צום אנדערען. פון זיי האט יעדערער זיך בעדארפט אויסקלייבען א ווייב, כלומרשט, איהר פריהער געפעלען ווערען, פאנגען איהר הארץ. און אז זי האט בעוויליגט צו ווערען זיין ווייב, האט ער פאר איהר בעצאהלט מיט טאבאק. דער יעמאלדי־גער פערמעגען פון די קאלאניסטען, די פרוכט פון זייער פעלד און וואס איז געגאנגען אנשטאט געלד. אזוי האט ער זיך מיט איהר בעגעגענט. ער האט זי אוועקגעפיהרט צו זיך אין שטוב אריין. פון יעמאלט אן קאכט זי די טעפלאך אוןווארט דער מאן זאל פאר איהר מילך אנמעלקען פון דער קוה, און אין שטוב אריינברענגען.

ערגעץ וואו אין פעלד טראגט זיך נאך אפשר אום דער וויע־דער־קול פון דעם אינדיאנער'ס מעלאנכאלישע ליעד; ער האט אומעטיג פאר זיך געזונגען, געהענדיג מיט פייל און בויגען נאך די טריט פון די הירשען און ביזאנעס. דעם אינדיאנער'ס ליעד, איהרע קלאנגען האבען זיך אין דער שטאטישער, פרעכער גאסען־ליעד אריינגעקליבען און דארט איז זי פערשוועכט געווארען. אין פעלד אבער, אין די געגענדען וואו זייערע שפורען זיינען נאך פריש — זייער ליעד איז שטום.

כ'האב אמאל אין ניו יארק אויסגעהערט א געזאנגס־קאנצערט פון א אינדיאנער פרינצעסין. וויפיעל טרויער איז אין איהר געזאנג געווען. וויפיעל הארצענס־וועה! ס'האט זיך מיר אויס־געדאכט, אז מיט טרויער ווערט דער רייכער זאל אנגעפיהלט. און די ווערטער אזוי קינדיש און דאך אזוי טרויעריג. זי האט געזונגען פון ברייטען פעלד, פון ווייטען סטעפ און פון דער זון

וואָס געהט אויף. זי האָט געזונגען פון מאָרגענשטערען פון דעם טוי אויף די גראָזען און פון דעם אאיר וואָס וואקסט ביים ברעג טייך. זי האָט נאָכגעמאכט דעם זילבערנעם גערויש פון וואסער ביי די זייטען פון דער פלינקער קאנו. זי האָט געזונגען פון ליע־בע און הירשען-געיעג; פון דער זון וואָס פערגעהט און דעם שטערן פון אווענט.

און ווי האָבען זיך עס גאָר געקענט אזוי לאנגווייליגען מיינע שכנים? ווי אזוי האָבען עס די שטאָטישע לייט זיך גאָר געקענט ווילצען ביים ארויסגעהן פונ'ם רייכען זאאל, וואָס איז פאר מיר מיט אזא שווערען טרויער פול געוואָרען? ס'איז דאָך אמעריקא'ס ליעד! ס'איז דאָך אמעריקא'ס נשמה... ס'איז דאָך די ליעד פון דער פריירי און גרויסע אָזיערעס. ס'איז דאָך די ליעד וואָס האָט איהר נעסט געהאט ביי די ברעגעס פון אלע טייכען דאָ אין לאנד...

„די זון פערגעהט אין מערב זייט —
אזוי פערגעהט אונזער רום...."

די ליעד פון אינדיאנער — די ליעד פון פעלד — שטארבט דאָ פונקט ווי עס שטארבען אוים די לעצטע פון די אינדיאנער שבטים, וואָס האָבען איבערגעגעבען די מוטער ערד צו דער ווייסער ראסע.

* *
*

אומעטיג איז אין שטאָט פאר אונזערען א מענשען דאָ. ניטא קיין געזאנג אין דער שטאָט פון נאָרד אמעריקא.

אין דער גרויסער שטאָט רויכערען פאבריקען און רוישען מא-שינען; לויפען באהנען איבער'ן קאָפּ און דער לעבענס-טאקט איז ניט מיט געזאנג בעגלייט. צו האסטיג איז דאָ דאָס לעבען. האס־טיג פערגעהט דער טאָג; שנעל פערשווינדט דאָס לעבען, דער אָטעם פערשלאָגען אין דעם שטענדיגען געיעג נאָכ'ן קלאנג פון קאלטען מעטאל. און, אז מען כאפט אָב דעם אָטעם ווערט דער געדאנק פערנומען מיט דעם פרעמדען מאָרגען אָבער ניט מיט דער שעה

פון זיסער רוה. קינדער פון דער אלטער וועלט, וואס ווי זינג-פויגעל האט שטענדיג זייער ליעד געקלונגען ביי זיך אין דער היים יעדערער אין זיין לאנד — דא, דעם ים אריבערקומענדיג, ווערט דאס ליעד אנטשוויגען.

דער איטאליענער, וואס פון שלאף, דאכט זיך צומאל, זינגט ער ביי זיך אין דער היים, קומט ער אריבער אהער צו ברוקירען די גאסען פון די גרויסע שטעט אין נארד אמעריקא, אדער צו גראבען די וועגען פאר די אונטערגרונד־באהנען, אדער ווען ער ווערט אין די מינען פערפיהרט — זיין ליעד ווערט פערגעסען. דא אין אמעריקא קענט איהר בלויז הערען זיין גרילצי-גען שרייען; דא קנאקט די שפראך טרוקען אונטער'ן צונג פון די־קע איטאליענערינס. איהר הערט דא דעם איטאליענערס שרייענ־דיגען געשפרעך און איהר מיינט, ער געהערט צו א פאלק, וואס געזאנג איז איהם פרעמד. אויפ'ן שיף, פערלאזענדיג זיין פאטער-לאנד, דארט זינגט ער אלע זיינע ליעדער צום לעצטען מאל אויס. אויף די כוואליעס פון בייזען, כמורנעם אטלאנטיק ווערט זייער ליעד פון פריהמארגען ביז שפעט אין דער נאכט ניט פערשטומט. זינגען מיט פערמאכטע אויגען און זינגענדיג לאזט מען זיך אין א הפקר־טאנץ ארויס. ביז צום שוועל פון נייעם לאנד שאלט נאך די ליעד און דערנאך — ווערט זי שטום, די פרייע ליעד.

און אזוי זיינען די לעבענס-לוסטיגע שפאניער. נעהמען מיט זיך אין וועג אריין זויערען וויין און זיסע, הארציגע ליעדער, צימב-לען אויפ'ן פייקעל, קנאקען מיט די פינגער, זינגען און טאנצען, טאנצען און זינגען ביז צום ברעג פון נייעם לאנד, ביז צו דער גרוי-סער, שטאלענער ריעזען־שטאט. דער וויין איז אויסגעטרונקען און די לעצטע ליעד אויסגעזונגען.

און דער יונג און מיידעל פון די גרינע דניעפער ברעגעס וואו אין פריהלינג צערטעלט זיך דער איידעלער לאנדיש־בלימעל, אדער ביי די זאמדיגע ברעגעס פון דער בלאסליך פער'חלומ'טער ווייכ־סעל, וואו ס'וויגט זיך א ווערבע איבער איהר איינענעם שאטען:

קינדער פון יענע בּרעגעס, וואָס פון פריהמאָרגען ביז אין דער נאכט אריין טראָגען זיך זייערע ליעדער איבער די פעלדער, וואָס זינגענדיג ווערען זיי ווי יענער סאָלאָוויי, וואָס מיט פערמאכטע אויגען אין דעם דעמבען־קוסט פערגעסט ער זיך און צוגיסט זיינע טריפּען אזש די קוסטעס ציטערען. — —

אָט די יונגע יוגענדס־ליעדער מיט בענקשאפט פול, וואָס פּיהלען אָן די הערצער ביי די קינדער פון רוסלאנד, פּוילען און או־קרייאינע — וואָס ווערט פון זיי דאָ אין דעם נייעם לאנד, אין דער נייער היים?.... האָט נאָר דער ווינט זייער וועג מיט שטויב פערטראָגען, האָט נאָר דער מזל זיי פון זייער היים ארויסגעריסען, ווי נאָר זייער היימיש פעלד איז פון זייער בליק פערשוואונדען געוואָרען — מיט די שטומע טרערען פון די אויגען איז די ליעדער פערשטומט געוואָרען.

און אונזער אידיש ליעד, וואָס ווערט זעלטען אין כאָר גע־זונגען; די ליעד פון דעם עלענדען הארץ און פערליעבטער, פער־בענקטער נשמה, וואָס ציהט זיך אין די זומער טעג דורך די אָפענע פענסטער מיט ווייסע פארהאנגלאך פערהאנגען און ביינאכט פון די פריזבעס, וואָס זענען אין דער זומערנאכט בעהאלטען... דער נגון אָהן ווערטער וואָס קלייבט זיך פון בית מדרש־געסעל ארויס אין די גרויע בעגינענס, אין די ווינטערדיגע פּראָסטיגע טעג און דורך זומערדיגע נעכט — שטום ווערט די ליעד און שטארבט, ווי עס שטארבען פערלאנגען און יוגענד־חלומות ביים פערלאָזען די היימישע שטעטעל.

אָט די אלע יונגע קוואלען פון די יונגע הערצער פון וואנען ס'האָט די היימישע ליעד געקוואָלען ווערען דאָ מיט זאמד פער־טראָגען. די ליעד איז געשטאָרבען. די ליעד איז פערדאָרבען.

עס טרעפט נאָך אמאָל ערגעץ וואו אין אַ ענגען פערוואָרפע־נעם שאפּ וואו ס'האָט נאָך זיין היימישען אויסזעהען דער בעל הבית ניט פערלאָרען — דאָרט זיצען יונגע הערצער און וועלקען און וועלקענדיג רייסט זיך נאָך צומאָל אַן אָבגעריסענער קלאנג

ארוים און ווערט פערטויבט פון דער מאשין׳ס זשומען...

„ס׳גערט די זון ארום וואלד ארום

און קען אין וואלד ניט אריין״...

קלינגט ווי פון ווייטע צייטען די ליעד פון ווייטען, ווייס־רוסלאנד, וואס איז דארט אין פעלד געוואקסען אינאיינעם מיט די קערענדלאך פערזעעטע אין דער ארימער, זאמדיגער ערד.

„אהיים ציהט מיך ווי מיט צוואנגען,

אוי, אהיים איז מיין געפיהל״...

זינגט ווי פאר זיך א אידישע טאכטער ווען איהרע פינגער בעגלייטען דעם ווייסען לייוועגט צו דער נאדעל פון שטעפ־מאשין..

עס טרעפט, איהר זיצט אמאל אין אייער איינזאמען צימער אין א גרויסען האטעל, אין א גרויסער שטאט, וואו מיט פרעמד־קייט קוקט פון אלע ווינקעלעך ארוים, קענט איהר אמאל הערען אויף יענער זייט טיר אומבעקאנטע טריט, אבער די טריט זיינען בעגלייט פון אבגעריסענע קלאנגען פון א ווייטער און דאך נאהענ־טער ליעד:

„ס׳מעלקט די קוה די שעהנע מיידעל

און איהר אינגעל שטעהט דאביי...״

דאס זיינען שלאנקע טעכטער פון פוילען, וואס זיינען קיין אמעריקא פערפיהרט געווארען נאך איידער זייער שטאלץ אין הארצען האט אויפגעבליהט און זיי ראמען דא די צימערען פון אומבעקאנטע געסט און זיי פערנעהמען עס די שמייכלען פון די פרעמדע און ניט איידעלע געסט.

— וואס זינגסטו אזעלכעס? — פרעגט איהר א גאסט אויף ענגליש.

— א, דאס זינג איך א ליעד פון דער היים, — ענטפערט זי מיט א קאקעטישער רויטקייט אין פנים, אין אן ענגליש, וואס איז פון פויליש צובראכען.

— בענקסט זיך דיר אהיים?

— ניט אזוי שטארק; אין אמעריקא איז גוט...

מאכט זיך א גאסט, וואס קען איהר לאנד, א קינד פון איהר לאנד, וואס פערשטעהט איהר שפראך און פרעגט אין איהר איי-גענער שפראך:

— ווי לאנג פון דער היים, קינדעשו?

— פינף יאהר מיין פאן.

— און האסטו נאך די לידער פון דער היים ניט פערגעסען?

— ווי קען מען גאר די היימישע לידער פערגעסען? —

ענטפערט זי טרויעריג אין פ ו י ל י ש פון ע נ ג-ל י ש צובראכען; און טרויעריג, פערטרערט קלינגט א י ה ר קול... און אויסדרוק פון צער אויפ'ן פנים..

גרוי איז דאס לעבען אהן געזאנג. וויסט איז דאס הארץ אהן דעם היימישען ליעד.

אומעטיג, אומעטיג אין די פעלדער פון נארד אמעריקא.

און ניט נאר מיר אליין איז דארט אומעטיג. דאכט מיר, אז די פעלדער, גלייך ווי איך, בענקען נאך לידער און געזאנג...

---

## דער סוד פון לעבען

איך בין דא ניט געוועזן אויף די בית-עולם'ס פון אנדערע נא־ציאנען, וואס זיינען אהער אנגעקומען פון דער אלטער וועלט. כ'ווייס ניט ווי זייערע אייביגע ערטער זענען איינגעטיילט און צו־מאסטען.

א פאר מאל אבער בין איך געוועזן אויף אונזער אייגענעם בית־עולם דא און דארטען און, אומגעהענדיג צווישען די קברים־שורות, האט זיך פאר מיר אבגעדעקט דער פארהאנג צו דער נשמה פון אונזערע אהער אריבערגעקומענע פון דער אלטער היים. און אין ניו־יארק, אויף דער אנדערער זייט פון מזרח-טייך, דארטען ציהען זיי זיך אוועק אויף מיילען אט די פערשיידענע

בית־עולם׳ס, אלטע און נייע. און דאָרט ערשט פיהלט איהר ווי גרויס איז די שטאָט ניו יאָרק, וואו אונזערע לעבעדיגע האלטען זיך אויף. דאָרטען ערשט זעהט מען וואָס פאר א בענקשאפט עס רוהט אין דער טיף פון אונזער לעבען דאָ; דאָרטען ערשט זעהט מען ווי אזוי דער אלטער דור, האָט אויף א רגע ניט אויפגעהערט צו טראַכטען פון דער אלטער היים. אונזערע פלאנצער און דערציהער וואָלטען דאָרטען אפשר געלערענט, אז סוף־כל־סוף איז א מענש ניט קיין קארטאָפעל, וואָס וואו מען פערזעצט איהם דאָרט וואקסט ער. די געגענד אויף יענער זייט איסט־ריווער, וואו עס ציהען זיך די מיילען־לאנגע אידישע בית-עולם׳ס, איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א נייעם רוסלאנד. שטעט און שטעטלעך און אפילו דערפער רוסישע, זייערע נעמען וועט איהר בעגעגענען.

די געגענד איז צושניטען און צוטיילט אויף קליינע און גרעסערע חלקים גאסען און געסלעך, לענג און ברייט. ביי יעדער טייל — אין דר׳ערד א סלופיק און מיט אן אויפשריפט. גראָדנע, יעקאטערינאָסלאוו, שניפעשאָק און באָברויסק; ווארשע, קיעוו, אדעס און וויסאקע. ס׳מאכט ניט אויס, וואָס די גובערניעס זיינען צומישט, די אויעזדען איבערגעדרעהט; עס מאכט ניט אויס וואָס ווילנע איז צו מאָסקווע דערנעהענטערט געוואָרען און ווארשא איז מיט פעטערבורג אין שכנות. שטיקער פון דעם גרויסען רוסלאנד איז עס. די גרויסע מוטער רוסלאנד פערגיסט דאָ אויף א טרער. וואָלטען די רוסישע פאטריאָטען אהער געקומען מיט א דאָלמעטשער און הייסען זיך לעזען די אויפשריפטען, אפשר וואָלט זיי אויך א קעלט דורך די ביינער דורכגעלאָפען, ווי ס׳טרעפט מיט אונזערען איינעם.

כמעט ניטאָ קיין איין פערוואָרפען ווינקעל אין רוסלאנד, וואו אידען וואוינען און וואָס דאָ אויף יענער זייט טייך זאָלען זיי ניט האָבען א פאסעקעל ערד און מיט אן אויפשריפט, וואו ס׳איז פערצייכענט דער נאָמען פון זייער שטאָט.

די טויטע רוסלאנד.

וואָס טראַכט ביי זיך איינער פון נייעם דור דאָ, ווען איהם פאלט איין צו געהן אויף קבר-אבות און לייענענדיג, אויב ער קען אידיש לעזען, אָט די נעמען פון די שטעט, וואָס זענען ביים לעבען פון טאטע־מאמע אזוי אָפט דערמאָנט געוואָרען אין שטוב? צי פערשטעהט ער יעמאָלט בעסער דעם זינען פון די טרערען, וואָס זיין מאמע האָט יעדען פרייטאָג פארנאכט אין דער שטיל פערגאָסען? דו זיצסט אמאָל און קלערסט:

— וואו איז דער זינען פון אונזער לעבען און וואו ענדיגען און הויבען זיך זיינע גרעניצען אָן?

און ווי שווער ס'איז אויסצוגעפינען דעם סוד פונ'ם לעבען אין דער גרויסער וואָכעדיגקייט, וואָס וויקעלט ארום אונזער לעבען דאָ אין אמעריקא. ניט ווילענדיג קוקסטו אריין אין דעם גרויסען תהום, וואָס טיילט אָב אונזערע טאטעס פון די קינדער; אונזערע מאמעס — פון זייער אייגען פלייש און בלוט. און ס'הויבט אָן אוש אין קאָפּ צו שווינדלען.

קוקענדיג אין יענעם תהום אריין קענסט איהר צומאָל זעהען דעם — פאר דער צייט גרוי געוואָרענעם — טאטען, זיצט ביי א ספר, ביי דעם אייגענעם ספר, וואָס ער האָט נאָך פון רוסלאנד מיטגעבראכט און געגנענאיבער זיצט דער זון אויף א שטול און די פיס אויפ'ן טיש, אנטקעגען טאטען די פאדעשוועס, קייט טאבעקא און שפייט דעם טאטען איבער'ן קאָפּ.

דאָס איז די ווירקליכקייט — אָבער צו ברוטאל, וואָס זאָל קלינגען ווי א וויץ. ס'איז דאָך ניט קיין וויץ — ווייל איך געה אין מיינע בעשרייבונגען ניט מאכען קיין פארוואורף א יונגען דור פון א יונג לאנד. איך רעד איצטער בלויז פון טאטעס און מאמעס, וואָס בויען איבער זייער אלטע היים אויפ'ן אייבינגען ארט; איך רעד פון דער מוטער רוסלאנד, וואָס האָט דאָ איהר תיקון.

פאראנען אזעלכע ערטער אין לעבען, וואו ניט די באנען פייפען, ניט די טראמווייען און פראכט־וועגענער טומלען מיט זייער ציהען דורך די ברוקירטע גאסען; פאראן ערטער אין אונזער לע-

בען, וואו די  ש ט י ל ק י י ט  כאפט דיך ארום, נידערט אין דיין הארצען אריין, צורייסט די נשמה. און שרעקליך איז די שטיל־קייט, וואס שלאגט פון דעם אבגרונד, וואס האט זיך אויפגעעפענט צווישען איין דור און דעם אנדערען אין דער אידישער גאס. צי דען רעד איך איצטער פון דער אידישער שפראך; צי דען רעד איך פון דער אלטער שול אונזערער, וואס איז איינגעפאלען... — איך רעד איצטער פון בוימער, וואס זיינען אהער אריבערגעטראגען גע־ווארען אין דער צייט פון זייער בליהען און דא וועלקען זיי; איך רעד פון א דור, וואס שטארבט און ניט קענענדיג לאזען נאך זיך א נאנצען, א ל ע ב ע ד י ג ע ן  שפור אין  ל ע ב ע ן, וויל ער כאטש אויפ'ן בית-עולם זיין גערעכעניש פערצייכענען.

איך דערמאן מיר ווי אין רוסלאנד, אין א שטעטעל, איז אמאל צו מיר געקומען א איד אין די מיטעלע יאהרען מיט א שעהנער זויבערער בארד און איידעלען פנים און האט געפרעגט, איך זאל איהם זאגען ווי אזוי ער זאל זיינע קינדער דערציהען. און, אז איך האב איהם געענטפערט, אז איך וויים ניט איז ער געווארען שטארק פערוואונדערט:

— ווייסט, ווער דען זאל וויסען אויב איהר ווייסט ניט?

— איך וויים ניט ווי אזוי קינדער צו דערציהען, ווייל איך אליין האב קיין קינדער ניט.

— יא, אבער — —

ווער ווייסט, אפשר איז שוין יענער איד אין אמעריקא און איז א מיטגליעד פון זיינע  ל י י ט  און ערגעץ אויף יענער זייט  א י ס ט  ר י ו ו ע ר  איז אבגעצאמט א שטיקעלע לאנד, ביים זייט א ברעטעל אין דער ערד  אריינגעשטעלט  און אנגעשריבען: „חברת אנשי...“

די קינדער דערציהען זיך שוין, ווי אלע קינדער פון די גרינע אין א יום-טוב טאג פאהרט מען אוועק אהין, אויף יענער זייט טייך, מען קומט צום ארט, וואו די היימישע שטעטעל געפינט זיך. ער שטעהט און קוקט אויף דער שטיקעלע  ק ר ק ע,  נאך קיין

איין קבר ניטא. נאָר דאָ שטארצט ארויס א גרויער שטיין פון דער ערד; דאָרטען א טרוקענער גראָז, א מאָגער ווילד בלימעלע:

„חברת אנשי"... און זיין שטעטעל וואקסט איהם אויס פאר די אויגען; זיין קינדהייט בליהט אויף פאר איהם נאָך אמאָל. די ערד וואו זיין טאטע איז נעבוירען געוואָרען; די ערד וואו זיין זיידע איז אויסגעוואקסען; דער פלאץ וואו זיין וויג-בעט איז צופוילט געוואָרען...

און ערגעץ וואו, צו דער מערב־זייט שטאָט, אויף א פרייען פלאץ איז דער נייער דור פערזאמעלט. דאָרט זיינען זיינע קינדער אויף פאראן. שפיעלען בייס־באָל, פוט־באָל, באסקעט־באָל — — — די יונגע ברוסט ווערט ברייטער און די טויערען פון אמעריקא, די גאָלדענע מדינה, עפענען זיך פאר איהם ברייטער, ברייטער, ברייטער....

און דער אלטער דור — — —
„ח ב ר ת א נ ש י...."
וואו איז דער סוד פון לעבען?...

---

## ליכט און שאָטען

ס'ווערט ליכטיגער אויפ'ן הארצען, ווען מען פאָהרט ארויס פון דער געגענד, וואו די ערד איז בעדעקט מיט שטעט, וואָס תאל־טען אין רויכערען און קאָפּטשען. אָט די פּיטסבורגס, דעטראָיטס, שיקאגאָס און זייער גלייכען, אז דו פערברענגסט לענגער דאָרטען טראכסטו אפּט: צוויי זונען האָט גאָט בעשאפען פאר דער וועלט, איינע א קארגע, א וואָכעדיגע און די אנדערע — אזא לויכטענדיגע, אזא יום־טוב'דיגע, וואָס שפּאָרט ניט קיין ליכטיגקייט, שיט מיט שטראהלען אויף אלע וועגען און שטעגען. און פאר די אלע שטעט, וואָס זיינען אזוי פערנומען מיט מאכען געלד און שאפען בעק־

ווענליכקייטען פאר דער וועלט: פון אוטאָמאָבילען ביז נאָדעל-פאָרעם — פאר זיי איז די קארגע, וואָכעדיגע זון.

בלויז איין נאכט געדייזט מיט'ן באהן און זיך דערוווייטערט פון יענער געגענד; בלויז איין נאכט רייזע נאָהענטער צו דרום און — וואָס פאר א נייע וועלט! וואָס פאר א ליכטיגע וועלט! פון דעטראָיט קיין אטלאנטא, דזשארדזשיא איז בלויז פינף און צוואנ־ציג שעה דייזע; כ'האָב נאָך קיין העלפט פון מיין וועג ניט דורכ-געמאכט און די הימלען זענען שוין בלויער, טיעפער און די וועלט — ברייטער. סינסינעטי, דער לעצטער וואָלקען אונטער'ן הימעל און די לעצטע שווארצע, קלעפעדיגע קויהלען-שטויב בלאָטע, וואָס בלישטשעט אויף דר'ערד. דאָ בין איך פאר צוויי יאָהרען געווען, געווישט די סאזשע פון פנים און געדאנקט גאָט, וואָס כ'בין פון דאָרט אנטלאָפען. און איצטער בין איך באמת צופרידען, וואָס אונזער צוג וועט דאָ בלויז א לאָקאָמאָטיוו איבערבייטען. פון דעט־ראָיט ארויסגעפאָהרען אין א קאלטער, נאסער, ווינטיגער און פער־שנייטער נאכט און אויף מאָרגען, בלויז סינסינעטי אויסגעמי-טען און ס'האָט זיך אזוי אויסגעלייטערט.

מיר דערנעהענטערען זיך צו די גרענעצען פון קענטאָקי. די ערד איז בערגיג, האָרבאטע, צובראָכען און צוקרימט. מען זעהט, אז די ערד טראָגט דאָ שטיינער אין איהר בוזים און אפשר אוצרות פאר דער וועלט. די בוימער, וואָס וואקסען דאָ, כאָטש אונטער דער ליכטיגער זון און בלויע הימלען, זיינען זיי דאָך עפעס ניט דער־וואקסען, מאָגערע און צוקרימטע. קארליק-דעמבלעך און קריפעל־סאָסנעס. זעהט אויס, ניט פריי לעבט זיך די וואָרצלען זייערע אין דער ערד צווישען פעלזען און שטיינער.

ווייזט אויס, ניט לאנג דאָ א שנייי ארויסגעפאלען, דין און אונבעריהרט שפרייט ער זיך דאָ און דאָרט אין שאָטען פון די בוימער. ניט בכוח די גאנצע אויבערפלעך צו בעדעקען. די זון קלייבט זיך ארויס נאָך העכער, לייכט נאָך שטארקער און די ווייסע שניי־טישטאכער ווערען זעלטענער, ביז זיי ווערען אינגאנצען פער

שוואונדען. דער ישוב ווערט שיטערער. וואו ניט וואו קוקט ארויס א פארמער׳ס הויז פון צווישען די בוימער. ס׳בעווייזט זיך א פערד אדער א קוה מיט א געדיכט-האריגע ווינטערדיגע פעל, צופען די גרינע גראזען, וואס שלאגען זיך שוין פון דער ערד ארויס. די גע-גענד ווערט נאך בערגיגער, נאך פעלזיגער און צובראכענער. דעם צוג קומט אויס זעהר אפט דורכצוגעהן פינסטערע טונעלען און ביז מיר קלייבען זיך פון זיי ארויס רייסט זיך אריין דער שטיינ-קויהלען רויך דורך די שפאלטען אין וואגאן אריין און רייסט אין האלז און אין די אויגען. צוביסלעך לופטערט זיך אויס און די וואר־רעמקייט און די ליכטיגקייט, וואס שלאגט פון דרויסען מאכט ענג און מיעד אין וואגאן צו זיצען.

ארויספאהרענדיג האב איך מיט זיך פערכאפט עטליכע אי־דישע צייטונגען און דאס האט געמאכט צופיעל צו קוקען אויף מיר די עטליכע פאסאזשירען, וואס זיינען מיט מיר אין שכנות געווען. דעם שטארקסטען איינדרוק אבער האט עס געמאכט אויף דעם צייטונגס-און־קענדי־פעדלער, וואס געהט פון וואגאן צו וואגאן און וועקט מיט זיינע, כמעט ניט נויטיגע סחורות, די פאסאזשירען. אז ער איז א איד האב איך פערשטאנען פון דעם, וואס ער האט מיך צורוה געלאזט יעדער מאל פערבייגעהענדיג מיט זיין קוישעל. בלויז פון דער זייט האט ער צו מיר א פערוואונדערטען בליק געווארפען. ס׳האט כמעט אויסגעזעהן, אז איך שטער איהם אין זיין האנדעל.

פון מיטעלען וואוקס, די פלייצע געבויגען, פון א יאהר אכט און צוואנציג, מיט איינגעצויגענע באקען און בעדעקט מיט שטויב די קליידער, אין סאזשע דער פנים, איז ער אלעמאל אריינגעקומען אויסרופענדיג און לויבענדיג זיינע סחורות, אבער וואס מעהר ער האט זיך דערנעהענטערט צו מיר אלץ שוואכער איז זיין שטימע געווארען. ענדליך איז ער צו מיר צוגעקומען און אזוי, אז קיינער זאל ניט זעהען האט ער פון בוזים-קעשענע ארויסגענומען א ניו־יארקער אידישע וואכענשריפט און מיר פארגעלעגט, אויב איך וויל. ס׳הייסט, חלילה, ניט פאר געלט. דאס איז ער מיך מכבד מיט

ז י י ן  א י י ג ע נ ע ר  צייטונג. פונקט ווי ביי זיך אין דער היים, ווי א גוטען בעקאנטען.

— איהר מוזט זיין אָדער א אידישער שרייבער אָדער א לעקטשורער — מאכט ער צו מיר, און זיין פערמורזעטער פנים פערציהט זיך מיט בעגייסטערונג.

— ווי אזוי דערקענט איהר עס?

— גאָר גרינג צו דערקענען אונזערע אידען וועלען זיך קיינמאָל ניט ערלויבען אין א פולמאן וואגאָן צו לייענען א אידישע צייטונג.

איך האָב איהם אָנגערופען מיין נאָמען. ער האָט אָבגעווישט זיין האנט אָן רעקעל און האָט מיר דערלאנגט א שלום־עליכם.

— געהערט. אודאי געהערט. ניט שטענדיג איז מען א פעדלער איבער די וואגאָנעס. איך פאָהר די שטרעקע פון סינסינע־טי ביז טשעטאנאגא. איך פאָהר בייטאָג, און ביינאכט איז מען א מענש מיט מענשען צוגלייך.

— נו, מאכט מען א לעבען?

— שווער, זעהר שווער א לעבען צו מאכען. מיר זענען אָנגע־שטעלט ביי א קאָמפאניע. זי גיט אונז אכצעהן פראָצענט פון דעם לייזונג און דאָס איז זעהר ווינציג א לעבען צו מאכען, נאָר די גאנ־צע זאך איז, וואָס מען מאכט א פּאָר סענט ביי דער זייט. מען קליגט זיך אמאָל ארויפצוציהען א פּאָר סענט אריבער דעם גע־וואוינטליכען פרייז. אָדער מען קלייבט אויף די צייטונגען, וואָס די פּאסאזשירען לאָזען איבער און מען פערקויפט זיי נאָך אמאָל צו די פרישע אָנגעקומענע פּאסאזשירען. אזוי טרעפט אמאָל, אז איין צייטונג אדער זשורנאל ווערט עטליכע מאָל פערקויפט. אָבער ס'איז ניט קיין לעבען.

איך דערוויס זיך, אז ער איז א גאנצער תלמיד-חכם. אין דער ישיבה געלערנט, אין בית-מדרש זיך געקאלאטשעט. ערגעץ פון קאָוונער גובערניע איז ער אָנגעקומען און דאָ ווערט מען פער־שוואַרצט און פערגרעבט; צייטונגען און קענדי פערקויפט ער.

נאָר צי איז ער דער איינציגער... וואו טרעפט מען דען זיי ניט אָט די פערבלאָנדזשעטע נשמות? כ'האָב זיי געטראָפען אין ארגענטינא, בראזיליען, אורוגוואי; זיי געטראָפען אין די ענגלישע קאָלאָניעס, פערקניפענדיג זייער מזל מיט די נעגער. און דאָ, אין די פעראייניגטע שטאַטען, אין אלע פערוואָרפענע ווינקעלעך, טרעפט איהר זיי, אונזערע היימישע תלמידי־חכמים, איידעלע יונגע־לייט. וואָס מעהר תלמיד־חכם געווען אין דער היים, — אלץ גרעסערער שלים־מזל דאָ, אין דער גאָלדענער מדינה. זייער איינגעבאָרענע איידעלקייט ווערט דאָ פערזשאווערט און אויסגעוועפּט. וואָס מעהר זוכער — אלץ קלענערער געפינער דאָ אין לאַנד. זיי ווערען דאָ אין לאַנד אָבגעקראָכען, אבגעבליאקעוועט, איינגעשרומפּען און פערוועלקט. עלויים, קינדער פון די גרויסע ישיבות אין רוסלאנד, בני־תורה מיט סמיכות אויף רבנות און קאנדידאטען אויף רייכע כלות מיט אייביגע קעסט ביי רייכע שווער און שוויגער, קאנדידאטען אויף רבנות אין גרויסע בכבוד'יגע שטעט — און דאָ, אין גאָלדענעם לאנד, פעדלען זיי מיט קיבעבע און לאקרעץ; פעדלען מיט קענדי און צייטונגען, מיט קנעפּלעך און בערשטלעך. און צוזאמען מיט דער ביליגער סחורה אין קוישעל דערלאנגט מען צום קונה שטיקער פון דער נשמה, שטיקער פון אייגענעם ווילען און פערלאנג, חשק און אמביציע. קאָלאָטשען זיך ארום ווי די פרוכטען גרינע, פאר דער צייט פון בוים אראבגעריסענע. ניט קיין בעווייבטע, פרוכטלאָזע און פון אלץ אָבגעריסען. — — —

— — — אונזער צוג האָט שוין באלד דורכגעשניטען טענעסי, און מיר דערנעהענטערען זיך צו די גרענעצען פון דזשאָרדזשיא. מיר קומען נעהענטער צו טשאטאנאָגא, וואוהין, אין אָקטאָבער, טויזענד אכט הונדערט דריי און זעכציג, איז גראנט אָנגעקומען מיט זיין זיעגרייכער ארמעע, וואָס האָט געקעמפפט פאר דער פעראייניגונג און גאנצקייט פון לאנד...

פון די גרויסע רעגענס, וואָס האָבען דאָ די טעג געגאָסען, האָט זיך דער טייך טשאטאהוטשי אזוי צושפּיעלט, אז די גאנצע

געגענד אויף מיילען ארום שטעהט אין וואסער. די וואסער איז ערטערווייז ביז דריי פוס העכער איבער דער אייזענבאהן-ליניע און דער צוג געהט ביז איבער די רעדער אין וואסער, אזוי לאנגזאם, פארזיכטיג, און די וואסער קלינגט אונטער׳ן וואגאן. אלע ווײלע בלייבט מען שטעהן, געבענדיג סיגנאלען. און אזוי אין די וואסע־רען שטעהענדיג פאלט־צו די נאכט. ס׳ווערט אביסעל אונהיימליך. מען ריהרט זיך ווידער, מיר דערנעהענטערען זיך צום שטאט, און מען זעהט פון ווייטען ווי א טייל שטאט שטעהט אין וואסער. גאנצע שורות הייזער, גאסען שטעהען אין וואסער, פינסטער, און פון די שווארצע שויבען קוקט ארויס א פחד.

כ׳האב נאך בייטאג געלייענט אין די צייטונגען פון דער פערפלייצונג, און אז הונדערטער פאמיליעס זיינען נעווארען ארויסגעטריבען פון די הייזער, און אז בתמות, עופות זיינען דער־טרונקען געווארען. איך האב צום בילד זיך צוגעקוקט און ס׳האט מיר דערמאנט עהנליכע בילדער, וואס כ׳האב געזעהען מיט א פאר יאהר צוריק, ארומרייזענדיג אין ארגענטינא. נאך אין דער פריה, דורכפאהרענדיג סינסינעטי, האט דער טייך אחייא אויך אונהיימליך אויסגעזעהען, טרייבענדיג זיינע געלב־בלאטיגע וואס־סערען מיט א שוים און גרויסען רעש. ווער ווייסט וואס פאר א חורבנות ער וועט אט באלד, באלד אנמאכען.

אונזער צוג פייפט, גיט סיגנאלען, און ביסלעכווייז קלייבען מיר זיך ארויס פון דער פערגאסענער געגענד. ס׳ווערט שפעט. מיר האבען געדארפט אנקומען קיין אטלאנטא א זייגער עלף אין אווענט און ערשט ארום חריי נאך האלבע נאכט האבען מיר זיך אהין דער־קליבען.

בלויז נאך צוויי פאסאזשירען האב איך געזעהען פון באהן אויסשטייגענדיג. ביים וואקזאל האבען געווארט אויטאמאבילען, פאסאזשירען אויפצונעהמען, און אן איין-און-איינציגער פערד-און־װעגעלע מיט אן אלטען נעגער אלס אנטרייבער. כ׳האב מיר ביי איהם אויפגעזעצט און געהייסען פיהרען צום האטעל, וואס איך

האָב מיר נאָך פריהער איינגע'חזר'ט.

שטיל, זעהר שטיל איז געווען אין די גאסען. אין דער שטילער נאכט האָבען אָבגעקלאפּט מיט אן עכאָ די טריט פון דעם אויסגע־מאָגערטען ברוין־שוואַרצען פערדעל.

און איך מוז מיר מודה זיין, אז אן אונרוהיגער געפיהל האָט מיך ארומגעכאפּט אין דער שטילער נאכט צווישען די הויכע מויערען און די פערשלאָסענע, שטומע געשעפטען. מיין הארץ האָט אָנגעהויבען צו קלאפּען אונרוהיג און האסטיג, דערשפּירענדיג אז איך בין אין דער שטאָט אטלאנטא, פון דעם שטאַט דזשארדזשיא, וואו ס'איז אָבגעשטעמפּעלט געוואָרען דער גורל פון אונזערע אי־דען דאָ, אין דער פרייער מדינה; אז מיר אידען, טרינקען בלוט פון הייליגע קריסטען...

ס'פערדעל קלאפּט און קלאפּט מיט זיינע דראָבנע טריט דורך די לעדיגע גאסען, אוןביים שיין פון די עלעקטרישע לאמטערנעס לייען איך דאָ און דאָרטען אויפשריפטען איבער די טירען פון די געשעפטען:

ראָזענבלום, ראזענצווייג, ראזענבערג, ראָזענשטיין, ראָזענ־פעלד...

די נאכט איז א ווארימע. אָבער מיין נעגער בלייבט א ווייילע שטעהן מיט'ן פערדעל און ווענדעט זיך צו מיר מיט א קול פול מיט חנינה און אונטערטעניגקייט:

— ווייסט, באָס, אז ס'איז זעהר א קאלטע נאכט. וועסט מיר מוזען צולעגען נאָך צעהן סענט, וועל איך מיר קאָנען אויסטרינקען א גלעזעל קאווע...

(אין דעם שטאט איז פערבאָטען בראנפען צו טרינקען...)

---

# אריסטאקראטען

גרוים ביי זיך, פריצ'יש פיהרען זיך די דרום־שטאטען כאָטש די לייט דאָ געהערען מיינסטענס צו דער דעמאָקראטישער פארטיי פון לאנד, אָבער זיי זיינען עס נים. בלאָזען זיך, קענען נים פער־געסען די עולה, וואָס די נאָרד איז געגען זיי בעגאנגען אין בירגער־קריעג. זיי זיינען דעמאָלט בעזיעגט געוואָרען, מיט גוואלד גע־צוואונגען זיך צוריק צו פעראייניגען מיט די צפון־שטאטען. און כאָטש שוין אריבער פופציג יאָהר איז פון יענער צייט פערגאנגען, דאָך שפירט איהר די אונזיכטבארע וואנט וואָס טיילט אָב דרום פון צפון. כאָטש נאָך אין לינקאָלנס צייטען איז דאָ קנעכטשאפט אָבגעשאפט געוואָרען און דאָך איז דער נעגער נאָך אלץ אין זיי־ערע אויגען דער אמאָליגער שמוציגער קנעכט. און כאָטש אויף יעדע געביט זיינען זיי אונטערשטעליג אין פערגלייך מיט דער נ אָ ר ד — דאָך זיינען זיי די אריסטאָקראטען.

און דער שטאָלצער שטאט דזשארדזשיא, וואָס פערשאפט גאנץ אָפט בזיונות דעם לאנד מיט אריסטאָקראטישע נייגונגען און תאוה צו זעהען ווי עס גיסט זיך די בלוט פון דעם וואָס מען בע־טראכט נידעריגער פון זיך, ס'איז די קרוין פון די דרום־שטאטען. מענשען פעסטע, הויכע, שטאָלצע. קענטיג אין דער יוגענד פלינק, טאפער געוועזען. כאָטש מיט אן אייגענעם ברודער, ווי א לייב זיך געשלאָגען פאר אייגענע רעכט. דאָ און דאָרט סמנים פון יענע גרויסע טעג — די צייטען פון בירגער־קריעג.

און די היסטאָריע פון אָט דעם אריסטאָקראטישען שטאט קלינגט כמעט ווי א לעגענדע:

„מיט הונדערט פיער־און־אכציג יאָהר צוריק האָט אן ענגלי־שער גענעראל מיט'ן נאָמען אָגלעטארפ געקראָגען די ערלויבניש פון ענגלישען קעניג, געארג דער צווייטער, צו גרינדען א קאָלאָניע אין שכנות מיט פלאָרידע, וואָס האָט נאָך דעמאָלט געהערט צו

שפאניען".

און ניט אבי ווי א קאָלאָניע האָט אנגלעטארפּ געוואָלט בעשאַ־פען. ער איז געוועז א מענש א אידעאַליסט און איהם האָט זיך געוואָלט, אז זיין קאָלאָניע זאָל זיין א מין עיר-מקלט פאַר אלע נעפּלאָגטע, גע'רודפ'טע אין דער אלטער וועלט. ער האָט צונויפ-גענומען לייט וואָס זיינען גע'רודפ'ט געוואָרען פאַר זייערע פרייע געדאנקען, אזעלכע וואָס האָבען געשמאכט אין טורמעס צוליעב שלעכטע בעלי־חובות. ער האָט זיי אויסגעלייזט אויף זיין אחריות און אוועקגעפיהרט אהער אין נייעם לאַנד. אנטלאָפענע דייטשען, פּראָטעסטאנטען זיינען אנגעקומען און אויך די ערשטע צוואנציג אידישע פאמיליעס, מייסטענס פון דייטשלאנד, זיינען אהער אָנ־געקומען. די קאָלאָניע האָט מען א נאָמען געגעבען נאָך דעם ענגלישען קעניג — דזשאָרדזשיא. איהר דעוויז איז געווען: — ארבייטען פאַר יענעם און ניט פאַר זיך.

מיט צייד־ווערעמלעך דערציהען האָט זיך די קאָלאָניע גע-דאַרפט אבגעבען. עס הייסט, זיין בעשיידען. מעהר ווי פופציג אקער לאַנד האָט א קאָלאָניסט ניט געטאָרט האָבען. ער זאָל חלילה ניט ווערען רייך און גרויס ביי זיך"...

עס קלינגט ווי א שעהנע לעגענדע אָבער ניט ווי א היסטאָרי־שער פאקט. די פעל וואָס יענער גענעראַל האָט אויף זיינע לייט אָנגעצויגען איז געוואָרען ענגער און ענגער און ביז זי האָט גע־פלאצט. פון דער בעשיידענער קאָלאָניע איז ארויסגעשפּרונגען א בעשעפעניש וואָס האָט אין די בלוטען דעם חשק צו האנדלען מיט מענשען-לייב און — מענשען אין קנעכט צו פערוואנדלען.

און יענע מלחמה וואָס די נאָרד האָט מיט זיי געפיהרט אין לינקאָלנ'ס צייטען און געצוואונגען זיי צו בעפרייען די נעגער־קנעכט און שווערען, אז זיי וועלען זיך פון נאציאנאלען פערבאנד ניט אָברייסען, אַ יענע מלחמה מיט איבער פופציג יאָהר צוריק — איהר גייסט שוועבט נאָך דאָ ארום אטלאנטא וואו שערמאן האָט זיינע נצחונות אבגעהאַלטען איבער די שטאָלצע זידליכע חילות.

הינטער אטלאנטא איז דער בית־עולם וואו עס ליגען די קרבנות פון יענעם בירגער־קריעג. צוויי מאָנומענטען גרויסע זיינען דאָ אויפ'ן בית־עולם, א זכרון פון יענער צייט.

אויפ'ן קבר פון די געפאלענע אין קריעג שטעהט א הויכער אָבעליסק. אָבער אויפ'ן קבר פון די אונבעוואוסטע קרבנות פון דער זידליכער ארמעע, פון די קאָנפעדערירטע, איז פון מאַסיווען גראַניט אויסגעהאקט א ריעזיגער לייב: א לייב וואָס איז געפאלען אין שלאכט. ער ליגט אויף א זייט אויף א שטיינערנעם געלעגער, די פאָדערשטע פיס אויף פאָרענט אויסגעצויגען און די הינטערשטע צו זיך גענומען. זיין מויל איז געבליבען א ביסעל אָפען און פערקרימט; נאָך דעם ווי ער האָט זיין לעצטען וועהנעשריי ארויסגעברומט איז ער אזוי אויסגעגאנגען, דער קאָפּ אָן א זייט מיעד געפאלען.

אָט אין דעם מאָנומענט זעהט מען דעם גייסט פון די דרום־שטאטען און דער בליק זייערער אויף די נאָרדליכע שטאטען.

אין דעם גראנט־פארק וואָס אין אטלאנטא — אייגענטליך איז עס א וואלד פון סאָסנע־בוימער מיט וועגען דורכגעהאקטע פאר אויטאָמאָבילען, אין דעם פארק איז פאראן א קיילעכדיגע געביידע ווי א צירק. און אין דער געביידע — א מערקווירדיגע אויל־פּאָנאָראמא, וואו עס שטעלט זיך פאָר די שלאכט הינטער אט־לאנטא. אז מען פערברענגט דאָרט א ווייליע קען מען זיך פער־געסען, אז א מאהלעריש בילד זעהט מען, נאָר — די ווירקליכקייט אליין איז עס פאר אייערע אויגען. און אן אלטער גרויער שלאנקער מאן מיט אן אָדלער־נאָז און גרוי, שטאָלץ בערדעלע, א סאָלדאט פון דער קאָנפעדערירטער ארמעע, ער דערצעהלט פאר די נייגעריגע וועגען יענער שלאכט. ער ווייזט אפילו אָן דעם אָרט וואו ער האָט זיך דעמאָלט געפונען. מיט דער גרעסטער בעגייסטערונג דערצעהלט ער וועגען זיינע גענעראלען און פון די גבורות פון די קאָנפעדערירטע. אויף דעם ווינקעל, וואו עס געפינען זיך זיינע סאָלדאטען נוצט ער אוים זיין גאנצען פּאָעטישען פייער:

— „און אזוי איז עס געווען, אז שערמאַן האָט אונז געוואָלט פערלויפען דעם וועג און אונז אריינכאַפּען אין זיין נעץ... ווי ליי־בען האָבען אונזערע געפּאַכטען דעם  ש ו נ א...“  ער פערגעסט זיך גאָר, אז אריבער פופציג יאָהר זיינען שוין פערלאָפען פון יענער צייט; יונג קלינגט זיין שטימע, בראוו זיינע בעוועגונגען און די מעדאליען אויף זיין ברוסט ווינקען מיט עהרליכקייט.

קומט ער אָבער צו די יוניאָניסטען, צו דער ארמעע און גענעראלען פון דער נאָרד, דאָ פאלט זיין שטימע. שנעל הויבט ער אָן צו רעכענען די נעמען פון זייערע גענעראלען, האָט גאָר קיין שעהן וואָרט ניט פאר זייערטוועגען, קיין איין לויב־ליעד ניט פאר די וואָס טראָגען זיך איבער די בערג ארום אטלאנטא אויף זייערע צוואווילדעטע פערד; אָט די וואָס האָבען געקעמפּפט אָבצושאפען שקלאפעריי אין פרייען לאנד. און אויף אייביג פערזיכערען די גאנצקייט פון לאנד.

איך שטעל מיר פאָר, ווען ס'געלינגט זיי דעמאָלט צו בעזיעגען די יוניאָניסטען אָדער ווען ס'געלינגט טאקע יענע שלוחים וואָס זיינען אין געהיים געפאָהרען קיין פראנקרייך און ענגלאנד בעטען אין נאָמען פון די זידליכע שטאטען, אז די אלטע וועלט זאָל זיי קומען צו הילף און, ווען מען נעהמט זיי ניט איבער אין וועג איידער זיי האָבען זייער ציעל דערגרייכט... געוויס וואָלט דאָס לאנד איצטער א גאנץ אנדער פנים געהאט. אפשר די געגענד פון וואנען איך שרייב איצטער מיינע שורות וואָלט נאָך געהערט צו ענגלאנד און דער אייגענער בראווער סאָלדאט פון די קאָנפעדערירטע, וואָלט ביי א געלעגענהייט בעדויערט:

— „עך, געווען אמאָל צייטען! ניט פערשטאנען וואו אונזער גליק איז פערבאָרגען. ברידער האָבען פערלאנגט, אז מיר זאָלען אויפגעבען אונזער האנדעל מיט נעגער־קנעכט, האָבען מיר מיט אייגענע ברידער א מלחמה געפיהרט. זיי האָבען פערלאנגט, אז מיר זאָלען זיך ניט אָבטיילען פון זיי, וואָרים מיר וועלען אָבגעשוואכט ווערען און זיי וועלען א קלענערע מאכט האָבען אין די אויגען פון

דער הונגעריגער, בייזער אלטער וועלט... און איצטער"..

לעשט מען אבער אוים די פרומע ליכט; הערט מען אבער אויף צו זוכען חטאים ביי די ארימע מענשען-קינדער; יעמאלט ווען דיין פערלאנג איז צו זוכען שעהנקייטען, וואו די אויג זאל אפרוהען, דאן ווערט אסך גרינגער צו לעבען אויף דער וועלט. ביזט צומאל צופריעדען, וואס די לייט פון די דרום שטאטען קוקען אוים פריציש. זייער אויסערליכער פנים גלעט דיינע בליקען; מענשען גלייכע, בויגיגע, שעהן געוואקסען מיט דעם פיינעם שטריך אין פנים. א פנים פון א פאלק מיט איין פנים.

און אזוי זיינען די הייזער. סטיל כאראקטער אויסגעהאלטען פון זייערע ברחבות'דיגע וואוינונגען אין אטלאנטא קוקט נאך ארוים דער רוהיגער און זיכערער גייסט פון די קאלאניאלע צייטען, וואס פעלט אזוי אין די צפון שטאטען פון אמעריקא.

---

## שווארץ

מיט צוויי הונדערט אכט און ניינציג יאהר צוריק, איז צו די אמעריקאנער ברעגעס אנגעקומען א האלענדישע שיף און געבראכט די ערשטע סטארע נעגער, זיי דא אין לאנד פערקויפט פאר אייביגע קנעכט צו די ווייסע מענשען וואס האבען געהאלטען אין לעגען דעם פונדאמענט פון די מעכטיגע, פעראייניגטע און פרייע שטאטען.

אזא לאנגע צייט שוין פערביי. מען זאגט אז מענשען זיינען צייט דעמאלט פיעל בעסער געווארען; זייער הארץ איז געווארען ווייכער און פיינער. אפשר איז עס טאקע אזוי. אפשר איז דער איצטיגער וועלט-קריעג בלויז א בייזער חלום און אין אמת'ן, אין דער ווירקליכקייט זיינען מענשען גוט און רחמנות'דיג. אפשר איז די עפענטליכע און ניט-עפענטליכע שנאה צו אידען אויך א ווילסטער חלום. ווילסט זיך אמאל פון דער ווירקליכקייט ארויס-

רייסען. אמאָל געלינגט עס דיר.

קומסטו אבער אין דער ס א ו ט ה, אין די שטאַטען, וואו די זון לייכט אזוי העל, וועקט עס דיר און רייסט דיינע בליקען צו דער ווירקליכקייט. בעטראַכסט די מענשען און זייערע פיהרונגען און עס ווערט ניט היימליך אויפ'ן הארצען. פערגעסט אפילו זיך ארומצוקוקען, בעטראכטען די שטאָט, זעהן ווי די אויסערליכע וועלט זעהט אויס. גלייך ביים אָנקומען, גלייך פון וואגאָן ארויס, בעמערקסטו פון עפּעס אזעלכעס, וואָס דיר ווערט אונהיימליך און ס'גלוסט זיך ניט ארומקוקען:

אין וואָקזאל צוויי טירען, מיט צוויי בעזונדערע אויפשריפ־טען. איין טיר — פאר ו ו י י ס ע די אנדערע — פאר קאָ־לירטע. ס'מיינט נעגערס.

איין בית-הכסא פאר ווייסע און א בעזונדערער, מיט אן אויפשריפט: פ א ר ק א ל י ר ט ע. און אזוי אין טראַמוויי אזוי אין טעאטער. בלויז ביזנעס, געלט, געשעפט — שווארצע און ווייסע דורך איין טיר. אָבער ניט דאָס איז דאָך אלץ. א ווייסער שענדט אמאָל א שווארצע מיידעל און דערשיסט זי ווי א קרעציגע צויג. האָט זיך א שווארצער גע'חנ'דעלט צו א ווייסער — הימעל און ערד ציטערען אויף.

דאָ זאָגט מען, אז דער נעגער ווערט בעטראכט ווי א הונט.

ס'איז ניט אמת. צו א הונט איז פאראן א בעציהונג. צו איהם שמייכעלט מען, צו איהם חנ'דעלט מען זיך, א קינד אדער א שעהנע דאמע שענקען אמאָל א קוש דעם הונט. מען נעהמט איהם אריין צו זיך אין שטוב און מען מאכט פאר איהם אן ארט צו שלאָפען אויך. און, אז א הונט איז געוואָרען משוגע, שעדליך פאר מענשען — שיסט מען איהם, גאנץ קאלט, פילאָזאפיש; א סכנה און אראב פון מערק.

אז א נעגער אָבער טוט א פערברעכען, נעהמט אויף דאָס פאָלק דעם משפט איבער אין די אייגענע הענט; אָבער מיט וואָס פאר א פייער.. מיט וואָס פאָס פאר א ברען! מיט היים בלוט און

צורייצטע אינסטינקטען לאָזט זיך די מאסע בעטיילינגען אין דער אַרגיע. פונקט ווי אין יענע צייטען ווען מען האָט נאָך מענשען פאַר א קרבן געבראַכט צו די געטער.

— היט זיך ווען ס׳פאָלק לאָזט זיך אויפבּרעכען די טורמעס און לינטשען א נעגער, וואָס איז אן עולה בעגאנגען, געגען דער ווייסער ראסע!

שוין אַריבער פופציג יאָהר זינט לינקאָלן האָט פּראָקלאַמירט פרייהייט פאַר די נעגער. אָבער זיי זיינען דאָך נאָך ניט פריי געוואָרען. אין דאָרף, ביים פאַרמער, איז ער נאָך עד היום אן אייביגער קנעכט. שטענדיג איז ער דעם בעל הבית שולדיג. קיין מאָל קען ער זיך פון איהם ניט אויסצאָהלען. און, אז ער פּרואווט אנטלויפען, אויב אין די גרענעצען פון דעם אייגענעם שטאַט — כאַפּט מען איהם און מען ברענגט איהם צוריק, בעקומט ער פייערדיגע שמיץ און דאַרף פאַר זיינע חובות זיינע אַדערען ציהען.

— אז מען פרעגט א ווייסען:

— סטייטש, ווי איז עס געשיקט?

— איך בעטראַכט דעם נעגער ווי א פערד. וואָס ווילט איהר איך זאָל מיין פערד צו זיך אין שטוב אריינגעהמען, מיט איהם זיך אין בעט אריינלעגען?..

ס׳איז דאָך אָבער נאַריש ווען מען פערגלייכט די בעציהונגען פון דעם ווייסען מענשען צום נעגער מיט די בעציהונגען פון מענשען צו הויז-בהמות. די פערד, די קיה, די קעץ, די הינט געהען דאָך ניט אין קלויסטער, זיינען דאָך ניט קיין קריסטען, הייסען דאָך ניט פון דער תורה, אז דו זאָלסט געבען די אנדערע באַק ווען האָסט שוין אין דער ערשטער א פּאַטש געקראָגען. כ׳האָב געזעהען ווי אין אטלאנטא געהט א ווייסער אויפ׳ן טראָטואַר און א שווארץ קינד געהט איהם אנטקעגען טרייבט ער עס מיט׳ן פוס אראָב פון טראָטואַר. און ווען דער שווארצער רעדט צום ווייסען שטעהט ער געבויגען אָהן א היטעל.

אין אוניווערזיטעט פאַר די שווארצע זיינען פון דער איסט

נעקומען ווייסע לעהרער און לעהרערינס, האט די דזשארדזשיא׳ר ווייסע געזעלשאפט זיי אויסגעווייכט, ניט אריינגעלאזען אין זייער סביבה. און אין דעם שכני׳שען שטאט אלאבאמא, אז מען האט בעדארפט הענגען א נעגער, האט א כלל־טוער גע׳פועל׳ט די הינ־ריכטונג זאל זיין עפענטליך. און ווען דאס פאלק האט זיך פערזא־מעלט אויפ׳ן בייז וואונדער, פון דער גאנצער געגענד איז מען אנגעקומען, האט דער פאלקס פערזארגער געהאלטען א רעדע מכח זיינע פאליטישע אינטערעסען. און ווייל נעגער האבען זעהר ליעב קאוואן האט מען דעם פער׳משפט׳ן געצוואונגען, אז ער זאל פאר׳ן טויט קאוואן עסען — ס׳פאלק זאל זיך אמוזירען. און שפעטער האט מען דעם טויטען געלאזען הענגען און ס׳פאלק האט א פיקניק געפראוועט אונטער די בוימער.

אט לייען איך אין צייטונג ווי דער דזשארדזשיער גאווערנאר בעריהמט זיך אז בלויז צוועלף נעגער האט מען ביי איהם אין שטאט פאר׳ן יאהר געלינטשט און די נעגערשע צייטונג בעווייזט, אז פערצען האט מען גע׳ממית׳ט. און אזוי קאלט געהט אן דער וכוח. אזוי מערדעריש קאלט ציהט מען אונטער דעם חשבון. און ווי אזוי בעלייכט דא א צייטונג א שטיקעל נייעס וואס האט צו טאן מיט א פערברעכען פון א נעגער! אט לייען איך:

דריי יאהר פאר גנב׳ענען, טויטען און שינדען א קוה

״דער נעגער הודסאן האט גע׳גנב׳עט א קוה, האט זי גע׳הרג׳־עט און דערנאך האט ער דער אומגליקליכער בהמה אבגעשונדען״...

— א, די אומגליקליכע בהמות; גלייך ווי אין די שיקאגא׳ר שלאכט-הייזער שינדט מען זיי ניט. גלייך ווי אטלאנטא׳ר לייט לעבען פון בלומען־דופט.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס דער שווארצער בעציהט זיך אזוי קאלט צום טויט. רעדט אזוי פלעגמאטיש פון טויט. און ווי אזוי זארגען עס די ווייסע וועגען זייערע לויות... ס׳געהען ארום אגענטען פון פערשיידענע פערזיכערונגס געזעלשאפ־

טען און רעדען איין די נעגערס זיי זאָלען זיך פערזיכערען און וואַ־כען-געלט צאָהלען און צוליעב וואָס?... די גרעסטע טייל פון זיי פערזיכערט זיך אין א געזעלשאפט, צאָהלט צעהן סענט א וואָך, אז ער זאָל האָבען א שעהנע לויה. ער הויבט אָן צו צאָהלען מיט דעם געדאנק, אז היינט-מאָרגען שטארבט ער. ער וואָלט זיך קיינ־מאָל אפשר ניט אונטערגענומען צו צאָהלען די צעהן סענט א וואָך ווען ער זאָל וויסען, אז איהם וועט נאָך אויסקומען צו צאָהלען אמאָל גאנצע פופציג יאָהר. אָט דער ווייסער קאָלעקטאָר וואָס קומט יעדע וואָך און אמאָל צוויי מאָל אין וואָך קלאפּען אין טיר און רייסען די פּאָלעס פאר די צעהן סענט — זיי וואָלטען זיך ניט אונטערגענומען א לעבען לאנג איהם אין שטוב אריינצולאָזען ווען זיי וואָלטען ניט ארומגעהן מיט'ן געדאנק, אז היינט מאָרגען שטארבען זיי. כ'האָב געטראָפען א נעגערטע, וואָס האָט פערזי־כערט איהרע צוויי קליינע קינדערלעך פון דריי און פינף יאָהר. ביידע פאר פופצען סענט א וואָך, טאָמער שטארבען זיי וועט עס זיין אויף קבורה געלט.

— בעסער פערזיכער זיי אז מען זאָל דיר די פּרעמיע אויס־צאָהלען, אז זיי וועלען אויסוואקסען, ווערען גרויסע, וועלען צוואנ־ציג יאָהר אלט ווערען.

— אָט, ווער ט'עס דערלעבען ביז צוואנציג יאָהר.

— ביזטו דאָך שוין אריבער דרייסיג. לעבסט און האָסט די קינדער געבוירען, וועסט נאָך קינדער האָבען.

— וועל מסתמא שטארבען.

איך וויים, אז א נעגערטע האָט בעשטעלט א פאָטאָגראפער ער זאָל קומען זונטאָג פאָטאָגראפירען איהר מאן ווייל איהר דוכט זיך אויס, אז ער וועט גאָר אין גיכען שטארבען, טאָ זאָל פון איהם כאָטש א שעהנע פאָטאָגראפיע בלייבען.

— כ'וויל פון איהם האָבען ס'לעצטע בילד צום אָנדענקען.

ס'איז אין דעם פאראן זיכער זעהר פיעל אָבערגלויבען — אָבער דאָס וואָס זיי זיינען קיינמאָל ניט זיכער מיט'ן לעבען א

דאנק דער בעציהונג פון די ווייסע האָט אזא מין געפיהל אויס-
נעארבייט ביי זיי אין הארצען. מען זאָגט זיי זיינען פויל און דאָך
ווערט מיט זיי געטאָן אלע שווערע מלאכות; אלע געפערליכע
מלאכות.

אזוי פיעל קאליקעס בעגעגענט מען צווישען זיי. צו׳מזיק׳טע,
אָהן הענט און אָהן פיס. און טרעפט איהר אָן אן אלטען נעגער פון
יענע צייטען, פון דעם בירגער־קריעג, פון לינקאָלנ׳ס צייטען — איז
עס ניט דער קנעכט וואָס איז בעפרייט געוואָרען. ער ווייסט ניט
פון קנעכטשאפט צו דערצעהלען און ער ווייסט ניט פון דער שעה-
נער פרייהייט. ער פינטעלט מיט די אויגען, אז א ווייסער פון
אונזער גראד רעדט צו איהם. ניטאָ ביי איהם קיין ענטפער אויף
אזא פשוט׳ער פראגע ווי: — וואָס מאכסטו, צי ביזטו צופריעדען
וואָס קנעכטשאפט איז אָבגעשאפט געוואָרען?

ער איז דערשלאָגען און נידערגעשלאָגען. די פרייהייט האָט צו
איהם ניט דערגרייכט. נישטיגער פון דעם שטויב וואָס אונטער די
פיס, אזוי איז דאָ דער ק אָ ל י ר ט ע ר און ספעציעל אין
דעם שטאט דזשארדזשיא וואו זיי ווערען מיט די פיס געטראָטען,
וואו דער ווייסער דרעהט אָב דעם קאָפּ אָן א זייט ווען דער קאָ־
לירטער געהט דורך. איך האָב זיי בעגעגענט אין די ענגלישע קאָ־
לאָניעס פון וועסט־אינדיען, אויך דאָרטען ווערען זיי פערשווארצט
הונגערען אונטער דער ענגלישער ממשלה — דאָך האָבען זיי אויף
מיר ניט געמאכט דעם שווערען איינדרוק וואָס דאָ אין די דרום־
שטאטען. איך רעד שוין ניט פון בראזיליען וואו דער פּאָרטוגעז
איז זיך גערן משדך מיט׳ן נעגער און אויף יעדען טריט קענט איהר
זעהן א ווייסען פיהרענדיג אונטער׳ן אָרעם זיין קאָלירטע ווייב און
ביים זייט זייערע קינדערלעך מיט א העלער הויט און דינערע גע-
זיכטס-צוגען. דאָרט זיינען זיי מענשען מיט מענשען צוגלייך.
העלפען בויען דאָס לאנד.

אויף דעם ענגלישען אינזעל „בארבעדאס" האָב איך א פרעג
געטאָן א נעגער:

— פאר וואָס זעהט איהר אלע אויס אזוי ארעם דאָ?

— ווייל מיר זיינען טאקע ארימע לייט. מען צאָהלט אונז ווינציג פאר אונזער ארבייט און אלץ איז אזוי טייער.

פרעגט איהר דא א נעגער:

— פאַר וואָס זיינט איהר אזוי ארים און נידערשלאָגען?

— ווייל ווי הינט בעהאנדעלט מען אונז אין אונזער לאנד.

אפילו זיי אליין דאכט זיך אויס, אז א הונט איז די אומגליקליכסטע בעשעפעניש אין די פעראייניגטע שטאטען פון נאָרד אמעריקא, און — ניט דער נעגער.

כ'בין נעגאנגען אין גאס מיט א בעקאנטען. בעמערק איך איהם, ווי אויף א בריקעל פון א רייך הויז זיצט א שווארצע דיענסט מיידעל און ביי איהר אויפ'ן האנט א ווייס קינד. ס'קינד האלט ארומגענומען דער שווארצער מיט ליעבע ארום האלז.

— וואָס פיהלט זי איצטער אָט די שווארצע האלטענדיג צו איהר הארצען ס'ווייסע קינד? אפשר וואקסט עס א ווייסער מאן, וואָס וועט אין צוואנציג יאָהר ארום שענדען איהרע א טאָכטער און שפעטער דעם קרבן דערשיסען — וואָס פיהלט זי איצטער?

אָט, זי פיהלט גאָר ניט — ענטפערט מיר מיין בעגלייטער...

האָט מען דאָך א אידען אויך געלינטשט, און, אז א אידישע מאמע פיהלט, ווייסען מיר דאָך אידען.

* * *

מיט א צייט צוריק בין איך אין שיקאגא אומגעגאנגען אין דעם קווארטאל וואו די נעגער וואוינען. כ'האָב בעגלייט א קאָלעקטאָר פון א פערזיכערונגס-געזעלשאפט, וואָס מאָהנט די צעהן־סענטיגע צאָהלונגען יעדער וואָך אין זייערע הייזער. עס איז גע־ווען פונקט אין לינקאָלנ'ס געבורט־טאָג, וואָס איז דאָ א נאציאנא־לער יום טוב אין לאנד. כ'בין אריינגעגאנגען אין א שטיבעל, וואו שמאַטעס איז געווען אין בערג אָנגעוואָרפען און צווישען די בערג שמאטעס א יונגע נעגער-פּאָר-פּאָלק און קליינע קינדערלאך. מען האָט זיך אביסעל צושמועסט. ביי איהר אויפ'ן האנט איז געווען

ביי א האלב־יעהריג קינד.

— א שעהנער יום-טוב הײנט פאר אײערע לײט — זאָגט מײן בעגלײטער. — לינקאָלן געװען א גרױסער מענש, ער האָט דאָך אײערע לײט פאר פרײע מענשען געמאכט.

— עט, פאר מיר איז עס א קנאפּער יום־טוב — האָט זי מיט א איראָנישען שמײכעל געענטפערט — שטופּענדיג דאבײ איהר שװארצע ברוסט דעם קינד אין מױל ארײן.

— פאר װאָס, אזא גוטער מענש געװען.

— יא, א גוטער מענש; ער איז אָבער בלויז אײנער געװען און דאָס שוין באלד פופציג יאָהר טויט — װען די גאנצע װעלט װאָלט געװען װי ער...

און אָט דאָ, אין דער געגענד װאו מען האָט די נעגער א מ אָ ל געהאלטען פאר קנעכט און א י צ ט ע ר — נאָך ערגער װי הײנט, אָט דאָ האָב איך ערשט פערשטאנען פאר װאָס איהר שטימע האָט דעמאָלט אזוי געציטערט ארויסזאָגענדיג די װערטער.

---

## פלאָרידא

איך האָב ליעב יענע געגענדען, װאו פון דער ערד קוקט ארױס שפע און זאטקײט. דער מענש, װאָס קאלאטשעט זיך דאָרט ארום, זאָל ער זײן א שטיק פון דער געגענד, א חלק פון איהר. האָט דער מענש זײן פראצע ארײנגעלעגט אין דער ערד איז ער פאר זײן מיה בעלוינט געװאָרען.

זומער זאָלען לאָנקעס גרינען, אויף די פעלדער זאָל זיך װיגען א גילדענער זאנגען־ים, זאָלען זיך רויטלען די עפּעל אויף די עפּעל־בוימער און גרינען די בארנעס אויף די בארען־בוימער, זאָלען זייכ־טען אפּעלסינען און זאָל אין דער ערד קװעלען װאָס גרעסער און

פעסטער דער פשוט'ער ערד-עפּעל — דער קאַרטאָפּעל.

און אויב וואַלד — זאָל עס זיין וואַלד. סאָסנע צי דעמב, זאָל זיך הויך און גלייך, פעסט און זיכער פון דער ערד אַרויסהויבען און פון זייערע שטאַמען זאָלען דורות אַרויסקוקען און ווינקען. אין דער מדבר, — וואו קיין מענש איז ניטאָ — זאָלען זיך דאָרט הו־ליען די ווינטען און הורבען דעם זאַמד, זאָלען זיך דאָרט שלאַנגען וואַרימען און צערטלען אויף יענעם ווייכען זאַמד.

אזעלכע זאַטע, רייכע, שעהנע, בליהענדיגע געגענדען זיינען לרוב אין אַמעריקאַ. אפילו דער שטאַט ניו-יאָרק איז כמעט אזוי אין די זומער חדשים. די שטאָט־מענשען אָבער, מיט צוריסענע נערוועז, חלום'ען פון די לענדער, פון די געגענדען, וואָס זעהען אויס שעהן אויפ'ן ביליגען אָבדרוק פון די אנזיכטס-קאַרטלאַך.

איהר פאָהרט אין ניו יאָרקער אָדער אין אַ שיקאַגאָ'ר טראַם־וויי און אייערע בליקען זוכען צווישען די רעקלאַמעס, וואָס ציהען זיך פאַר אייערע אויגען איבער די פענסטער. אַלץ אזעל־כע נישטיגע זאַכען — און אזוי הויך רעקלאַמירט: זייף, שמירעכץ, חזיר־פּאָלקעס און וואורשטלאַך; מעסער, פיילען, רייניג־פּוידער און אַ מיטעל האָר זאָל וואַקסען. און מיט אַמאָל — פלאָרידע! אַ שורה פּאַלמען, די זון לייכט, אַפּעלסינען קייקלען זיך אויף דר'ערד. ס'פערכאַפּט ממש ביים האַרצען. אָט די ביליגע קאָלירען פון די רעקלאַמעס רעדען צו אונז פון אַ שעהנער, רייכער וועלט; פון אַ זאַטע, רחבות'דיגע געגענד — פלאָרידאַ. ס'קלינגט אזוי שעהן, פלאָרידאַ. —

קומט מען קיין פלאָרידאַ, אין דערווירקליכער פלאָרידאַ, ניט אין דער פּאַפּירענער און רעקלאַמע־פלאָרידאַ, ווערט מען ענטוישט. אָבער גאָר ענטוישט. אמוועניגסטען האָב איך אזוי געפיהלט. אין פלאָרידאַ איז וואַרעם און דאָס איז אַלץ. ווער ס'האָט מורא פאַר קעלט אין ווינטער קען זיך דאָ אָנוואַרימען.

די געגענד אַליין איז אָבער אָרים און די מענשען זעהען נאָך אָרימער אויס. פלאָרידאַ איז אַ וועלט אַליין פאַר זיך, אָבער —

אן אָרימע וועלט. פלאָרידא לעבט פון די געסט, וואָס קומען אהער ווינטער צייט פון די ווינטערדיגע געגענדען צוליעב וועמען מען העגגט ארויס אין די וואגאָנעס די ז ו נ י ג ע ב ל י ה ע נ-ד י ג ע רעקלאמעס. און דעריבער איז די שטאָדט צוגעפּוצט ווי א גאסט-הויז און די אייגענטימער פון דער שטאָדט — בעלי־בתים פון גאסט־הייזער, קלענערע און גרעסערע, רייכערע און ביליגערע. אלץ איז גרייט צום דיענסט פאר'ן פרעמדען, אלץ שטעהט אויף די שפּיץ פינגער פאר'ן פרעמדען, אלץ שמייכעלט צום גאסט און פאר געלד אלץ גרייט אלץ אין דער וועלט איהם אוועקצוגעבען. אויף די וואָקזאלען איז שטענדיג א יריד. מענשען קומען און פאָה-רען אוועק, און ארום די וואָקזאלען — אָט די אלע שלעק פון א גאנץ יאָהר, וואָס דערעסען אייך ביז'ן ביין מיט זייער דיענסט-פעהיגקייט, אויב ביי אייך אין האנד איז עפּעס א פּעקעל פּארא-נען...

פאָהרט איהר אָבער ארויס איין תחום שבת פון דער שטאָט. איהר בעטראכט די געגענד, וואו, ניט האָטעל־דיענער האלטען זיך אויף, נאָר די ברויט-געבערס, די האָרעפּאשנע מוזשיקעס, וואָס ווי־לען פערבינדען זייער לעבען מיט דער מוטער ערד — דאָרט, אז איהר קוקט און פערטראכט זיך, ווערט טרויעריג אויפ'ן הארצען. דער גרונד איז א זאמדיגער, פּלאכער, שיטערער און בעוועלדערט געדיכט מיט ארימע סאָסנעס. צוליעב דער ווארימקייט און פייכט־קייט פּרוכפּערען זיי זיך אזוי געדיכט, אז איין בוים לאָזט דעם אנדערען ניט וואקסען. די סאָסנע איז ניט געראָטען און ביי איהר צופוסענס פלאָנטערען זיך געדיכט ווילדע פּאלמען־קוסטעס און גלאט אזוי פּאראזיטען-פלאנצונגען, וואָס פלעכטען זיך און פיהלען אויס יעדער שפּעלטעלע, וואוהין די זון קען זיך ארייגרייסען.

די הונדערטער טויזענטער געסט, וואָס קומען אהער יאָהר־יעהר־ליך בעקומען זייערע שפּייז-פּראָדוקטען ניט פון פלאָרידע, וואו א גאנץ יאָהר גרינען די בוימער. די נ י ו י א ר ק ע ר געסט בעקומען געוויס זייער פרישטיק פון די גוטע זאכען, וואָס איז גע-

בראכט געוואָרען פון שטאאט נ י ו י א ר ק. אייער, פוטער, קעז, דאָס קומט פון די ו ו י נ ט ע ר ד י ג ע געגענדען; און אפילו דעם שעהנעם, פיינעם אפעלסין האָט איהר ניט דאָ. קיין פלאָרידא קענט איהר קומען אין שטאָט אריין פערדארבען דעם מאָגען און שוויצען, אָבער ווען איהר ווילט א גוטען אפעלסין, אפילו א פלאָרידאר אפעלסין, זייט מוחל זוכט איהם אויף סאָפאָלק סטריט אין ניו יארק אדער העסטינגס סטריט אין דעטראָיט. דער פויער אין פלאָרידע איז ניט בכח צו בעקומען פון דער ערד דורך זיין פראַצע גענוג שפייז אפילו פאר זיך אליין און ווער רעדט שוין פון דערנעהרען דער שטאָט מיט די געסט. פאראנען פאסען לאנד, נעהענטער צו די טראפיקס, וואָס געהערען צו געוויסע קאָמפּאניעס אין דער א י ס ט און צו זיי געהערען די בעסערע אפעלסין געגענדען. שטיקלעך ערד בעסערע בעגעגענט מען שוין נאָהענטער צו די גרעניצען פון אלבאמא. אָבער דער דורכשניט — איז זאמד און דלות. איינטאָניג, ענג און שמאָל; מיילען, מיילען און ניטא קיין ישוב. גענוג צו דערמאָהנען, אז אין פלאָרידא איז נאָך פאראן צוויי און דרייסיג מיליאָן אקער לאנד ניט בעארבייט.

איך דערצעהל עס דערפאר, ווייל די אלע, וואָס אינטערעסירען זיך מיט דער ערד-פראגע דאָ אין לאנד, קאָנען זיך זעהר אָפט אנשלאָגען אויף די רעקלאמעס, וואו מען רופט מענשען זיי זאָלען זיך קומען קאָלאָניזירען אין פלאָרידא און זייער פראצע וועט זיין אנגעלעגט.

איך האָב געררייזט א שעה צעהן אין דער לענג און א שעה צעהן אין דער ברייט פון פלאָרידע און בעטראכט גראדע די געגענד, וואוהין מען לאדעט איין מענשען מיט געזונטע הענד און ליעבע צו דער ערד, און געזעהען האָב איך דלות און טרויער:

דאָ און דאָרטען טרעפט איהר די שפורען פון די ערשטע פיאָנירען, וואָס זיינען געקומען, אויסגעוואָרצעלט די בוימער, אויסגערייניגט די ווילדע געוויקסען, און פאר זיי האָט זיך ענטפלעקט זאמד און מעהר גאָרניט. די הייזער, וואָס זיי האָבען געבויט מיט

זייערע אייגענע הענד, פון די בוימער, וואָס זיי האָבען אויסגע-האקט, פוסטעוועס; די שויבען אויסגעשלאָגען און פון די אויסגע-בראכענע שויבען קוקט ארויס טרויער, צער און פערדרוס.

איך שטעל מיר פאָר וויפיעל הארעוואניע מען בעדארף עס ארייגלעגען ביז מען רייניגט אויס איין אקער לאנד. מענשליכע כחות זיינען דאָ געווים ווינציג.

און די קאָלאָניסטען, וואָס זיינען פערבליבען, ניט וועלענדיג אויפגעבען זייערע האָפנונגען — וואָס פאר א פנים האָבען זיי! דאָס שטיקעל פערד אדער מויל־אייזעל, וואָס דרעהט זיך ארום פאר'ן שטוב איז אויסגעדארט, איינגעצויגען, אזש ביים הארצען כאפט עס. קיה — גרויס ווי מאָגערע קעץ, — און קעלבלעך — ווי הונגעריגע מייז. א פויער וואוינט דריי מייל פון דער שטאָט און האָט ניט וואָס צו פיהרען פון זיין ערד אין שטאָט אריין צו פער־קויפען; אויסער אפשר עטליכע בינטלעך האָלץ, וואָס ער פיהרט אוועק אין שטאָט מיט זיין מאָגער פערדעל און פאר'ן אָבגעלייזטען געלד קריגט ער קעראָסין און קיי־טאבעקא. מיט די געהילץ זעהט אויס איז דאָ ניטא וואָס צו מאכען. איהר טרעפט גאנצע שטרעקעס אויף מיילען, האָט דער אייגענטימער פון זיין לאנד, אלע בעסערע און שטארקערע סאָסנעס, ניהדריגער ביי דר'ערד אגעטעשעט א פאָס פון בוים, אויסגעהאקט רינגלאך און טעפעלאך אונטערגעשטעלט די פעך זאָל אָנרינען. ס'מאכט א שווערען איינדרוק צו זעהען טויי־זענדער בוימער אזוי אונטערגעהאקטע, ווי געקוילעטע, און פון זיי רינט די פעך ארויס. שפעטער, זעהט אויס, צינדען זיי אונטער די בוימער, ווען זיי הויבען אָן טריקענען. און אזוי טרעפט מען א געגענד וואו ס'שטעהען הויכע בוימער־האלאוועשקעס — געוועזענע בוימער. קיין מענשען ניט צו זעהן, וועמעס האנד האָט עס געטאָן — דער דורכפאָהרער ווייסט ניט.

די ערד שפעקולאנטען וואָס פערפיהרען אהער מענשען צו קאָ-לאָניזירען זיך, פארמער ווערען, זיי האָבען דאָ א נאָמען:

— די לאנד-שארקס.

די מענשען־פרעסער פיש. דורך זייער לאנד שפעקולאציעס פרעסען זיי אויף אייביג אויף — ניט נאר די מיה — נאר די שעהנע האפנונג אויף א בעסער לעבען נעבען דער מוטער ערד. זיי פוילען זיך ניט צו ברענגען קאלאניסטען, וואס זיינען שוין איין מאל אין די וויסטענישען פון יוטא צובראכען געווארען...

א דאנק דעם, וואס אין אייראפא איז א מלחמה און ס'איז אהין אונמעגליך צו פאהרען, פערגעניגען קלייבען, דעריבער האט פלארידא היי־יאהר געהאט זעהר פיעל געסט פון דער איסט. צו האפען, אז זיי זיינען געקומען צום ברעג ים זיך ווארימען און דארט איז דאך שטענדיג שעהן. צו האפען, אז זיי האבען זיך אין פלא־רידא ניט ענטוישט. און אויב זיי פערברענגען אין שטאט איז אויך קיין בייז. די שטאט איז פיין צוגעפוצט, די שטאט נעהמט די געסט אויף מיט דעם שעהנסטען און ליעבסטען שמייכעל.

איך וואלט ראטהען אט די אלע וואס מיינען, אז די יונגע אמעריקא האט שוין אן אלטע, גרויע היסטאריע און ווילען אמאל זיך לאזען צו זוכען די טריט פון די ערשטע, וואס האבען אמעריקא ענטדעקט, און, אויב די צייט האט זיי פערטראגען אזש קיין פלא־רידע — זאלען זיי ניט פערפעלען צו בעזוכען די שעהנע שטעטעלע סט. אוגוסטין, וואס ליגטביים טייך סט. דזשאנס, פיער מייל פון אטלאנטיק. דאס איז די עלטסטע שטאט אין אמעריקא. זי איז גע־גרינדעט געווארען דורך שפאניער אין יאהר טויזענד פינף הונדערט פינף און זעכציג. דארטען קענט איהר זעהן די עלטסטע פעסטונג, וואס איז אין יענער צייט געווארען אויפגעשטעלט. א גאנצע שורה פארטען אזוי סאליד געמויערט. אין יענע יאהרען האבען די שפא־ניער מלחמה געהאלטען מיט די פראנצויזישע פראטעסטאנטען, די הוגאנאטען וואס גע'רודפ'טע אין דער היים פאר זייער גלויבען, האבען זיי זיך אהער פערקליבען און ניט ווייט, אין סאוטה קארא־ליינא האבען זיי זיך בעזעצט. אט די פעסטונג איז קענגען זיי גע־בויט געווארען. און דערנאך האבען זיך די שפאניער אויף זיי א לאז געטאן און יענע אומגעבעטענע געסט כמעט אינגאנצען פער־

טילינגס.

דער צענטער פון שטעטעל איז מאָדערן און ווי א ליאלקע אויסגעפוצט פאר די געסט וועגען און טוריסטען, וואָס קומען אהער טאָג־טעגליך. אָבער אז איהר פערבלאָנדזשעט אין א זייטיגער פער־וואָרפענער געסעל, דערקענט איהר נאָך די שפורען פון דער ש פ א נ י ש ע ר ק ו ל ט ו ר און שפאנישען סטיל. ניט מעהר, וואָס אנשטאט פלינקע שפאניער און לעבענס-לוסטיגע שפא־ניערינס בעגעגענט איהר פוילע נעגערס און דיקע, צוגאָסענע נע־גערטעס.

נעבען א געשעפט, וואָס פערקויפט נארישקייטען, ארטיגע ס א ו ו ע נ י ר ס פאר די געסט — האָב איך דאָ געטראָפען זיצען אויף דר'ערד, אויף איבערגעקעהרטע קעסטלעך צוויי קאוו־קאזער, גרייז־גרויע לייט מיט געבויגענע פלייצעס, אין זייערע וואַ־טענע כאלדעכעסעס און פעלצענע היטלען, כאָטש דרויסען איז גע־ווען א ברענענדיגע היץ. זיי זיינען עס דאָ די פאָרשטעהער פון דער קאווקאזער קונסט:

זיי בעפוצען מיט זילבערנע טשוועקעלאך און לאנגליכע זילבער־שטיקעלאך, ליולקעס, שירעם-הענטלאך און שטעקענס, שרייב גע־ציינגען און נאָך אזעלכע זאכען. א שטאך מיט דער אָל, א זילבער־דרעטעלע אריינגעשטעקט, מיט א צווייגעלע אָנגעפיקט און מיט א האמעריל צוגעקלאפט. און אזוי ווערען אויפ'ן ברוינעם האָלץ זיל־בערנע בלימעלאך, קווייטעלאך און גלאט אזוי צאצקעס. כ'האָב מיר אָבגעשטעלט נעבען זיי און אזוי גאנץ הויך געוועגדעט:

— זדראוווסטוואויטע!

ביידע האָבען אויף א ווײלע אָבגעריסען די אויגען פון דער ארבייט און פון אונטערן שטערען און ברעמען מיך בעטראכט. אזוי פערדעכטיג מיט די בליקען מיר דורכגעדרונגען און אויף מיין בע־גריסונג ניט געענטפערט.

כ'האָב מיין זדראוווסטוואויטע נאָך אמאָל איבערגע'חזר'ט און דאָס מאָל פון אונטער זייערע צייהן א שטיקעל ענטפער ארוים־

בעקומען.

— לאנג דאָ אין לאנד?

— פינף יאָהר. — ענטפערט איינער מיט א צובראכענעם רוסיש.

— ווייסט ניט, געהען שיפען קיין רוסלאנד? — פרעגט דער אנדערער אין א רוסיש וואָס איז כמעט שווער צו פערשטעהן.

— ניין. געהען ניט קיין שיפען — ענטפער איך — ס'איז נאָך א מלחמה אויף דער וועלט.

— נאָך אלץ די מלחמה?

— יא. מען שלאָגט זיך דאָרט אויף קאווקאז אויך.

— געהען נאָך ניט קיין שיפען אהין?

— ניין, נאָך ניט, אָבער צי ווייסטו, אז אין רוסלאנד איז שוין מעהר ניטא קיין ג א ס ו ד א ר ב א ט י ו ש ק א?

— הא?

— ניטאָ מעהר. מען האָט איהם דורכגעטריבען, מען וויל ניט מעהר קיין גאָסודאר.

ביידע האָבען זיך שווייגענדיג דורכגעקוקט, קיין איין נערוו האָט ניט א ציטער געטהאָן אויף זייער צוקנייטשט פנים. אראב־געלאָזען די קעפּ און אויטאָמאטיש גענומען שטעכען מיט דער אָל אין ברוינעם האָלץ, צוקלאפּענדיג מיט'ן האמערעל. עפּעס האָבען זיי זיך א רגע דורכגעוואָרפען מיט עטליכע אונפערשטענדליכע ווער־טער און ווידער שטיל געבליבען. איך האָב אָנגעהויבען ווידער ווע־גען עפּעס צורעדען, זיי האָבען אָבער מעהר די אויגען פון דער אר־בייט ניט אָבגעריסען. כ'האָב געפּיהלט, אז כ'וועל זיי צו לאסט און בין אוועקגעגאנגען. כ'האָב בעמערקט ווי זיי האָבען אויף א ווײַלע אויפגעהויבען די קעפּ און פון ווייטען מיר נאָכגעקוקט.

און איין גאָט אין הימעל ווייסט, וואָס די צוויי זקנים האָבען דאָרט שפּעטער צווישען זיך גערעדט, איבער'חזר'ענדיג און בע־טראכטענדיג די ווערטער פון דעם פרעמדען, וואָס איז, ווער ווייסט

פון וואגנען געקומען, און אויף רוסיש זיי דערצעהלט, אז זייער נאסודאר באטיושקא האט מען אראבגעווארפען...

---

## ניו-ארלינס

א שטאט פון גענויע פיער הונדערט טויזענד איינוואוינער, ליגט אין מויל פון דעם גרעסטען טייך אין די פעראייניגטע שטאַטען — אין מויל פון דער מיסיסיפי.

ניו־ארלינס מאכט דעם איינדרוק פון א גרויסער שטאט, אין אלע גאסען איז לעבען פאראן. ניו־ארלינס איז ניט שעהן און דאך מאכט די שטאט אן איינדרוק און קריצט זיך איין אין זכרון פון רייזענדען. עס איז איינע פון די ווינציגע שטעט דא אין לאנד וואס האבען זייער אייגענע פיזיאנאמיע, האבען א געוויסען פנים און קאליר.

ניו־ארלינס איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין לאנד, כאטש דער גרונד־שטיין איז פון די פראנצויזען געלעגט געווארען ערשט מיט הונדערט ניין-און־ניינציג יאהר צוריק. עס שמעקט דא מיט היסטאריע דער שניט פון די הייזער און זייער סטיל, איז מעהרסטענס פראנצויזיש. אפילו די מענשען אין די גאסען פון ניו־ארלינס בעוועגען זיך פראנצויזיש און ניט אמעריקאניש. אין די אנדערע דרום־שטעט קענט איהר בעגעגענען מחנות נעגער לעדיג־געהער, כאפען פליגען און ציילען די שטיינער פון ברוק, דער ווייסער איז — פעריאגט און פערטראגען; אין ניו־ארלינס אבער בעגעגענט איהר ווייסע לעדיג־געהער, פיהלען אן אלע פארקס אין מיטען העלען טאג, אויף דעם ריינעם אייראפעאישען אופן, אדער פראנצויזישען שניט. איהר הערט אין די גאסען זעהר אפט די פראנצויזישע שפראך קלינגען, ניט נאר פון אלטע לייט, נאר אויך פון יונגע קינדער. עס איז אפשר דער איינציגער ארט אין

די פּראַיינגטע שטאָטען וואו דער פראַנצויזישער גייסט הערשט נאָך אין לעבען.

ארום ניו-ארלינס, פון די וואַסערען וואָס זיינען אויף מיילען צוגאָסען, קוקען אַרויס רעשטלעך, איבערבלייבענישען פון גרויסע פּאַרטען, שטיקלאך פעסטונגען, וואָס די פראַנצויזען האָבען אין יענע צייטען געבויט אנטקעגען די ענגלענדער. לא-סאַל, וואָס האָט יענע געגענד ענטדעקט איז געווען א פראַנצויז און די פראַנצויזען האָבען געקוקט אויף די מיסיסיפּי-געגענדען ווי אויף זייערס, כאָטש זעהר אין א קליינער צאָהל זיינען זיי דאָ געווען.

ביי א אָרטיגען מענשען איז פערעכענט, אז ניו־ארלינס איז די שעהנסטע שטאָט אין לאַנד, און כ'האָב מיר אַזוי פיין אָנגע-ריסען האָבענדיג די העזה אויסצורעדען א שלעכט וואָרט, זייענדיג אביסעל אונפּאַרזיכטיג:

וואַרטענדיג אויף מיין צוג אין וואָקזאַל, זעה איך ווי פּאַסאַ־זשירען קויפען אַנזיכטס־קאַרטען פון ניו־ארלינס, שרייבען אָן א פּאָר ווערטער און וואַרפען עס אין בריעף־קאַסטען: טראַכט איך מיר: לאָמיר אויך שיקען א קאַרטעל מיט א בילד פון ניו־ארלינס צו א פריינד, און כ'בין צוגעגאַנגען צום פּלאַץ וואו א שלאַנקע בלאָנדע מיידעל האָט די אַלע זאַכען פערקויפט. כ'האָב לאַנג גע-קליבען און עפּעס ניט געקענט זיך צוקלייבען א קאַרטעל מיט א שעהנער אַנזיכט.

— נו וואָס, אַזוי שווער צו געפינען א שעהן קאַרטעל פון ניו-ארלינס? — מאַכט זי אביסעל איראָניש.

—אויפ'ן בילד מיט די ביליגע קאָלירען זעהט אַלץ פיעל שעהנער אויס ווי אין דער ווירקליכקייט — מאַך איך מיר גאַנץ פּשוט. און כ'האָב גאָר אַליין ניט געוואוסט וואָס כ'האָב דאָ אָבגע-טאָן. זי האָט מיך גענומען אויפ'ן פערהער גאַנץ שטרענג, צי איך קען די שטאָט און צי איך בין געווען אין אַלע שעהנע ערטער ארום דער שטאָט?

— וואָס האָסטו דאָ געזעהען אזעלכעס וואָס דיר געפעלט

ניט?

— איך זאָג ניט, אז מיר געפעלט ניט ניו־ארלינס, נאָר...

— איך הער עס צום ערשטען מאָל — האָט זי ביטער מיך גע'מוסר'ט און איהר פנים האָט געפלאמט פאר אינערליכער אויפ-רעגונג, — איך פערקויף שוין דאָ אין וואָקזאל באלד פינף יאָהר אנזיכטס־קארטען פון ניו־ארלינס און קיין מאָל האָב איך נאָך פון קיינעם ניט געהערט אזא בעמערקונג וועגען אונזער שטאָט...

— דאָך האָף איך, אז דו וועסט מיר פערקויפען אָט די דריי קארטלעך?

זי האָט בעטראכט מיין געשמאַק און צוגעגעבען שוין אביסעל מיט א שמייכעל:

— אָט זעהסטו, ביזטו דאָך געוועזן, גלויב איך, אין די ערטער און ווי אזוי קענסטו זאָגען אז זיי זענען ניט שעהן?... עס איז דאָך ווינטער איצטער. מיר האָבען נאָך גאָר ניט לאנג געהאט גרויסע קעלטען און רעגענס, דעריבער אפשר זעהען די גערטנער און בול-ווארען אויס אָבגעלאָזען. דו קום אהער זומער...

אנד'ערע קונים האָבען איבערגעשלאָגען איהר לויב־ליעד און איך בין געוועזן גליקליך, וואָס כ'בין פריי געוואָרען פון איהרע ברענענדיגע בליקען און שטראף־רייד. וואָרים, ווען ס'האלט אָן נאָך לענגער וואָלט איך געמוזט שווערען, אז כ'האָב חרטה, און ניט קענען צומאָל בעמערקען דאָס, וואָס כ'האָב שוין פריהער געזאָגט וועגען דער שטאָט.

איך האָב אין מיינע פריהערדיגע בעשרייבונגען דערצעהלט ווי ווייט ס'איז נאָך ניט פערהיילט אין דער ס א ו ט ה די וואונד פון דער בירגער-קריעג, און ווי ווייט די לייט דאָ עד-היום, שפירען זיך נאָך אלץ געקרענקט וואָס זיי זיינען פון דער נ אָ ר ד דעמאָלט בעזיעגט געוואָרען. און כאָטש אלץ איז דאָך געוועזן צום גוטען, און כאָטש צוליעב זייער טובה איז דעמאָלט, מיט אריבער פופציג יאָהר צוריק, איין ברודער אנטקעגען דעם אנדערען ארויס אין קריעג — און דאָך אויף יעדען שריט און טריט זעהט איהר די

שפורען פון אַט דער וואונה, פון דער ניט בעפרידיגטער בעליידי־גונג און דערנידערונג: כמעט אין לופט קענט איהר עס פיהלען.

אין ניו־ארלינס איז פאראן א מוזעאום, צום אַנדענקען פון די קאָנפעדערירטע העלדען אין בירגער קריעג. — וואָס איז דאָרט ניט צונויפגעזאמעלט געוואָרען פון יענער צייט?... און מיט וואָס פאר א ליעבע און יראת הכבוד אלץ איז אויסגעלעגט געוואָרען אונטער גלעזער! אפילו דער שטויב, וואָס ליגט אויף די פערשיעדענע חפצים ווערט מיט דער גרעסטער ליעבע געהיט; און וואָס איז דאָרט ניט פאראנען?

אלערליי פאָטאָגראַפיעס, בילדער פון אפיציערען, וויזיט־קארטלעך, אויסגעשאָסענע קוילען, אָבגעריסענע קנעפלאך פון מונ־דירען, שטיקלאך פון א שוך און א שפּראַנטשקע פון א פאסעק. עס ליגען צונויפגעלעגט די יוניפאָרמס פון די העלדען פון יענער צייט. מונדירען פון גוטען געוואנט און מונדירען פון ביליגען פשוט׳ען קאָרט. שווערדען, היטלען — אויבען מיט רויטע דעקלעך, רעוואָל־ווערען, ביקסען, זאָטלען פון פערד און אלערליי מעלדונגען וועגען קריעג און רעפּאָרטען פון די שלאכט־פעלדער. אויסשניטען פון צייַ־טונגען און מיינונגען איבער דער טאפּפערקייט פון זייער קאוואַ־לעריע:

מיט גרויסע אותיות איז אויבען, אויפ׳ן וואנט אָנגעמאָלען, וואָס דער העלד פון דער נ אָ ר ד, זייער שונא, גענעראל שער־מאן, האָט געזאָגט וועגען זייערע פייערדיגע רייטערס.

דעם פינף־און־צוואנציגסטען אפּריל, טויזענד אכט הונדערט צוויי־און־זעכציג, איז געלונגען דעם יוניאָניסטישען אדמיראל פאראגאָט זיך דורכצורייסען מיט זיינע שיפען דורך די בעפעסטי־גונגען און די שטאָט איז געפאלען. און אונטער א גלאָז דאָ, אין מוזעאום, ליגט אן אויפרוף צו דער בעפעלקערונג פון ניו־ארלינס פון דעם שטאָט־מעיאר, מאָנרא, ארויסגעגעבען דעם אייגענעם פינף און־צוואנציגסטען אפּריל, וואו ער איז מודיע דער בעפעלקערונג, אז דער נידערטרעכטיגער און אונפערשעמטער שונא איז שוין

באלד ביי די טויערען פון שטאט, אבער מען זאל ניט פאלען ביי זיך; מיט אונזערע קליינע כחות וועלען מיר זיך פערטיידיגען ביז׳ן לעצטען טראפען בלוט. און טאמער וועט אויסקומען צו לויפען, איז דער שטאט-מעיאר מודיע, זאלען זיי זיין זיכער, אז ער וועט מיט זיי מיטגעהן...

קוקענדיג אויף די אלע קלייניגקייטען, וואס זיינען מיט אזוי פיעל ליעבע געזאמעלט געווארען, קוקסט צו די אויסשניטען פון צייטונגען, וואס זיינען אויפגעמישט און אזוי אנידערגעלעגט, אז דער היינטיגער מענש זאל קענען לייענען פון דער עהרליכקייט, גרויסקייט און ג ע ר ע כ ט י ג ק י י ט פון די קאנפע־דערירטע, זעהסטו אז בלויז מיט פופציג יאהר צוריק איז יענער בירגער-קריעג געשעהן און — ווען עס קומט נאך צו א זקן פון יענער צייט, וואס הרעהט זיך דא אום אין מוזעאום צווישען די אלע אלע טויטע ז כ ר ו נ ו ת פון יענער צייט, און ער הויבט אן מיט זיין אלטער, ציטעריגער שטימע צו רעדען און דערצעהלען, וויזענדיג אויף זייער ערשטען און לעצטען פרעזי־דענט ד י י ו ו י ס — טראגט זיך דיר ניט ווילענדיג:

— ווי יונג איז דאס פאלק נאך, און ווי יונג איז דאס לאנד!

צייטענווייז זעהט מיר דאס אמעריקאנער פאלק אויס ווי א געזונטער, איבערגעוואקסענער יונגאטש, וואס געהט נאך אין קינ-דערשע קליידער כאטש ער איז מיט א קאפ העכער פון טאטען און מיט גאנצע אנדערהאלבען קעפ העכער פון דער מאמען. ווי א קינד נאאיוו און ווי א קינד העזה׳דיג.

— — — כ׳בין געווען א פאר טעג אין וועג און ניט געהאט קיין געלעגענהייט מיט אימיצען א שמועס צו כאפען און אומגע־הענדיג אין די גאסען פון ניו־ארלינס גאנץ אליין — האט זיך מיר פשוט פערבענקט צו זעהן אונזערען א אידען. מען האט מיר גע־זאגט, אז אין ניו־ארלינס איז פאראן עטליכע טויזענד אידען, האב איך געוואלט כאטש איינעם פאקען, זיך אויספרעגען און זיך דער־וויסען נייעס פון דער אידישער קהלה דא. עס איז מיר ניט שווער

אָנגעקומען אויפצוזוכען א גאס אַ גאנץ ברייטע און א גאנץ לאנגע, וואָס הייסט ד ר י ד ע ר סטריט און וואָס איז פון עק ביז עק פערנומען מיט אידען. ממש אָנגעפיקעוועט. געשעפטען גרעסערע און געשעפטען מיטעלע און קליינע — איך האָב מיר באמת דער־פרעהט. עס האָט זיך מיר פערוואָלט אריינגעהן אין ערשטען און בעסטען געשעפט, ארויספאָהרען מיט א ברייטען "גוט מאָרגען" און טאקע בעקומען צוריק דעם שעהנעם "גוט יאָהר" און אפשר — א "שלום עליכם פון וואנען קומט א איד " אלס א צוגאָב. אָבער ווי ביטער כ'האָב מיך ענטוישט...

דערמאָנט איך אָן דער אלטער היים. ווען א פרעמדער מענש האָט זיך בעוויזען, אריין אפילו אין א קלייטעל, וואו מען פערקויפט סחורה, ער האָט געזאָגט: "ג ו ט מ אָ ר ג ע ן, איך בין ניט קיין היגער, איך געה דאָ דורך". איז א מאן געוועזן אין קראָם האָט ער שלום עליכם אָבגעגעבען, איז א פרוי געווען — האָט זי געבעטען זיצען, געבעטען אין שטוב אריין, געפרעגט: אפשר איז דער פרעמדער הונגעריג. געפרעגט: פון ווי ווייט איז דער פרעמדער און אפשר וויל ער זיך אָברוהען. מען האָט זיך אויסגעפרעגט וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט און מען האָט פערבעטען דעם אורח אויף א נאכט-לעגער. יא אזוי געהט זיך עס דאָרטען.

דאָ אין אמעריקא איז די זאַך ניט אזוי. אונזערע אידען וואָס האָבען זיך אָבגעריסען פון דער רוסישער ערד און אהער אין א פריי לאנד פערוואָרפען געוואָרען — עפּעס האָט זיך פון זייער הארץ אָבגעטאָן דער צוטרוי, וואָס מען האָט געהאט צום פרעמדען, וואָס איז געקומען און גערעדט מיט דער היימישער שפראַך. פערקעהרט עס רופט נאָר ארויס א חשד צו אייך ווען איהר רעדט די היימישע שפראַך. פאר מיין פשוט'ען, גוט הארציגען ג ו ט מ אָ ר ג ע ן האָב איך גאָרניט נעקענט בעקומען. ניט קיין ליעבען שמייכעל פון א מוטער; ניט קיין ליעבען בליק פון דער טאָכטער און ניט דעם אידישען שלום-עליכם פון דעם מאן און פאָטער. עס ווילט זיך מיר רעדען אידיש מיט מיינעם א אידען. כ'האָב שוין צוויי טעג מיט

קיינעם ניט געהערט. וואס קומט מיר דערפאר? מיר איין מיר אויס אידען שטעהען אין זייערע געשעפטען און ווארטען אויף קונים. זיצט א מיידעל ביים שוועל און קוקט אריין אין א אידישער ציי-טונג קום איך אריין און זאג:

— גוט מארגען!

ענטפערט זי נים.

דערצעהל איך, אז כ׳בין אזוי זיך אריינגעקומען. איך בין א פרעמדער, א דורכפאהרער, פערבענקט זיך צו בעגעגענען א אידען און אביסעל זיך דורכרעדען. איך זעה איהר לייענט א אידישע ציי־טונג — זיינען דא א סך אידען פאראנען אין ניו־ארלינס?

זי אבער קוקט אויף מיר און שווייגט. איז מיר אין עפעס חושד. זי פרעגט מיך אין ענגליש וואס איך וויל, און כ׳זעה, זי איז אויף מיר אנגעשטויסען. זאגט מיר מיט איהרע אויגען, אז כ׳זאל ארויסגעהען. מיט איהרע בליקען טרייבט זי מיך ארויס פון געשעפט כאטש זי לייענט א אידישע צייטונג און כאטש אויף איהר פנים איז אנגעשריבען, אז נאך גאר ניט לאנג איז זי פון דער אלטער היים.

כ׳האב מיר געלאזט ווייטער, געטראפען מאנסבילען.

— גוט מארגען!

מען קוקט מיך ארום, מען בעטראכט מיך מיט א בליק פון ביטול און — "געה צו אלדע גוטע יאהר". כ׳זעה, אז מיין ג ו ט מ א ר ג ע ן איז גאר ניט ווערט. דא אין אמעריקא איז עס א ווערטלאזע זאך, און כ׳הויב מיר אן ארויסצוקלויבען פון דער אי־דישער נאם מיט א געפיהל פון פערדרוס און בעליידיגונג. שוין ביים עק גאס הער איך פלוצלונג רעדען אידיש, כ׳דערקען א ביאַ־ליסטאקער אידיש. א איד א פאבריקמאכער א יונגערמאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג, עפעס שרייט ער זיך דורך פון זיין טיר צו א פרוי, וואס איז פערבייגעגאנגען.

— גוט מארגען!

— גוט מארגען, זאל זיין ג ו ט י א ה ר.

— איהר זענט א איד?
— ווארום וואס, איהר האט זיך דערפרעהגט?
— געוויס האב איך מיר דערפרעהגט.
כ'האב איהם דערצעהלט, אז איך בין א פרעמדער און ער האט מיר געגעבען שלום עליכם. האט אנגעהויבען אויספרעגען פון וואנען איך קום. און אז ער האט זיך דערוואוסט, אז מיר זיינען כמעט פון איין א ו י ע ז ד איז די שמחה געווארען גאר גרויס. ער האט זיך נאכגעפרעגט אויף די ארומיגע שטעטלעך און ווי זיי זעהען אויס. ער האט מיר געוואלט דוקא ארויפנעהמען צו זיך אין שטוב אריין און כ'זאל ביי איהם מיטאג עסען. און ס'דאכט זיך מיר, אז ער האט קיין שום חשד אויף מיר ניט געהאט. כ'האב מיך ווארים מיט איהם געזעגענט און ער האט מיר בעגלייט אפאר גאסען און געוואונשען א גליקליכע רייזע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און איצטער, שרייבענדיג די דאזיגע צייל‏ען פיהלט מיין הארץ א גרויסען דאנק צו יענעם אונבעקאנטען מענשען אין ניו-ארלינס, וואס האט מיר מיט זיין פריינדליכקייט א שטיין פון הארצען אראבגענומען, אויף א ווײלע פערטריבען פון מיר די שלעכטע מחשבות, אז אונזער מדה פון הכנסת אורחים איז פון אונזערע אי-דען פערשוואונדען געווארען ווי נאר זיי האבען אריבערגעטראטען דעם שוועל פון דער פרייער און גאלדענער מדינה.

---

## שלי'מזל'ניקעם

אונזערע רוסישע אידען, וואס האבען זיך פערקליבען מיעף אין די דרום-שטאטען מאכען דעם איינדרוק, אז ניט אליין, מיט זייער איגענעם ווילען זיינען זיי אהער געקומען, נאר דער ווינט האט זיי אהער פערטראגען.

א גאנץ אנדערער סארט איד איז עס. דוקא אינטעליגענטער,

א בעסערער פון דער היים און דאָ איז ער פערגרעבט געוואָרען. דאָס זענען מענשען, וואָס דערוויטערען זיך פון כלל. אין דער היים געווען אידעאליסטען, זוכערס. און דאָ, אין אמעריקא, האָבען זיי זיך ניט געוואָלט אָבשטעלען אין ניו-יאָרקער קעסעל-גרוב, פיהלען ארום זיך א מיליאָן אידען און זיין געצוואונגען צו לעבען אין ענג־שאפט. דאָס זיינען אידען, וואָס האָבען ניט געוואָלט שלום מאכען מיט זייער מזל און געהן אין א שאפּ ארבייטען, א לעבען לאנג אויסנייהען לעכלעך אין העמדער אדער איינגייהען קנעפּלעך אין הויזען. דאָס זיינען מענשען, וואָס פּרואווען זיך. ניט גרויס און ניט ברייט איז דער כאפּ, אָבער מען זוכט גליק.

אין דער א י ס ט איז שוין פעדלען אינגאנצען ארויס פון דער מאָדע. אָבער דאָ, איז עס נאָך אביסעל אין דער מאָדע. איבער־הויפּט דער נעגער־עולם איז נאָך אויף אזוי פיעל אָבגעשטאנען, אז מען פוילט זיך געהן אין שטאָרט אריין קויפען א בגד; א קנעפּעל אדער א בענדעל קויפען. זיי לאָזען זיך ווארטען ביז דער פעדלער וועט עס אין שטוב אריין ברענגען. און דער איד איז עס דער, וואָס קומט מיט'ן פעקעל אויפ'ן פּלייצע. כאָטש ער לאָזט זיך בע־צאָהלען פאר זיין טרחה, דאָך קויפט מען ביי איהם. און מען ווערט דעם אידען א שונא... מען דינגט זיך און מען קויפט אמאָל אויף אויסצוצאָהלען און אמאָל פאר מזומנים. אָט די פאקען־טרעגער טרעפט איהר נאָך דאָ און דאָרטען, שלעפּען זיך ארום הארף-איין דאָרף אויס, און אזוי שפּרייזט מען דורך גאנצע שטאטען מיט'ן פעקעל סחורה אויפ'ן פּלייצע. מען נעכטיגט ביי א גאסטפריינדלי־כען פארמער אין הויז, צי אין אן אפענער שטאל, אָדער אין פעלד און אזוי ציהט מען פון יום-כפור ביז יום-כפור.

כ'האָב געטראָפען אזעלכע, וואָס טראָגען שוין צעהן, פופצעהן יאָהר ארום דעם פאק. פריהער געווען אין דער איסט און ווען דאָרט איז געוואָרען שוואך דער עסק האָט מען זיך אהער אריבערגעקלי־בען, און מען שפּרייזט אלץ ווייטער און ווייטער ביז די גרעניצען פון מעקסיקא: ביז אין מעקסיקא אפילו דערגרייכען זיי.

און זעהר א גרויסער טייל פון זיי איז פון דער היים דער פיי־נער בחור, איידעלער יונגערמאן; מענשען וואס האבען אין דער היים, פריהער געלערענט אין דער ישיבה, שפעטער זיך גענומען בילדען און נאך שפעטער זיך אוועקגעלאזען גליק זוכען. אין דער היים איז זיי ענג געווארען און נאך ענגער האבען זיי זיך דער־שפירט אין דער ניו־יארקער געטא; אין דער שטיל האבען זיי זיך ארויסגעמאכט און אהער פערבלאנדזשעט אהער זיך פערקלי־בען, פריהער מיט דער דעה פון אלץ זיך אבצוזאגען אויף א צייט און א ב ס י י פ ע ן א פאר דאלער און — אזוי איז עס אוועק. צוזאמען מיט די פאר דאלער ס י י פ ט מען זיך אב גרויע האר, א געבויגענע פלייצע און א ביטערען שמייכעל אויף די אמאליגע גוטע און יונגע יאהרען. ס'איז צו בעוואונדערען, ווי איהר טרעפט דא תלמידי-חכמים, וואס האבען נאך זייער תורה ניט פערגעסען. ווי בעהאלטען און איינגעפאקט טראגען זיי עס אין א ווינקעלע פון זייער מוח. וואו ס'איז אנגעשטאפט כלומר'שט פראקטישע פלענער און וויכטיגע ביזנעס-ענינים. איהר כאפט דא א אידען, וואס וועט גערען מיט אייך אנציהען א שמועס איבער א הארבען ענין אין תלמוד אדער פוסקים. גערענקט נאך אלע קניפלעך אין די פערדרעהטע סוגיות. ווי א גילדען פינגערעל האלט ער עס ערגעץ בעהאלטען, א זכרון פון יענע צייטען. אפילו די וויכטיגע כללים פון דקדוק אדער רוסישער גראמאטיקע ווערט נאך ערגעץ וואו בחדרי-חדרים אבגעהיט.

איהר טרעפט אבער אויך אזעלכע, וואס זיינען געווארען אפיקורסים. אויף אלץ א מאך געטהאן מיט דער האנט:

— אמעריקא טויג ניט. אלץ וואס מ'האט געלערענט אין דער היים איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. לשון-קודש, תלמוד — ארויסגעווארפענע יאהרען. אבי א יוגענד דערביי בעגראבען. וואס האב איך פון דעם? וואס גיט עס מיר איצטער?

איהר טרעפט דא רבנים, וואס געהען אום צופוס און זוכען צו פסק'ענען א שאלה ערגעץ ביי א פערווארפענעם אידען. שוחטים —

וואָס טראָגען־אום זייערע חלפים ביז זיי ווערען פערזשאוועט, זו־כענדיג א מעגליכקייט די היימישע השלמה אויסצונוצען. איהר גע־פינט מגידים, וואָס געהען־אום צופוס איבער דער הייסער געגענד זוכען א געלעגענהייט דער וועלט מזכה צו זיין מיט א דרשה. איהר טרעפט אויך שעהנע בכבוד'יגע אידען, וואָס טהוען ניט אוים די יארמולקע, כאפען אריין א פרק משניות און לעכצען נאָך א מנין, אז מען זאָל קענען כאַטש א קדושה אריינכאפּען.

איהר טרעפט דאָ מענשען, וואָס בלויז מיט וועלכע ס'איז צעהן — צוועלף יאָהר צוריק זיינען זיי געווען אין דער היים פאָר־שטעהער פון דער ב ע ו ו ע ג ו נ ג, גרינדער פון פארטייען, אָנגעזעהענע א י נ ט ע ל י ג ע נ ט ע ן צווישען די ארבייטער, בעליעבט און געאכטעט פון די אייגענע חברים און גענאָסען, האָ-בען געהאט א גרויסען חלק אין דער ערשטער רעוואָלוציע, אין פלע-ווע'ס צייטען ט ר י פ ה ליטעראטור געפיהרט איבער די גרע-ניצען, און דאָ —

דאָ האנדלען זיי מיט אלטווארג. מיט ד ז ש אָ נ ק. מיט שמאטעס און פערזשאווערטע אייזען, מיט ביינער און צובראכענע פלעשער. און ווען אונזערער א מענש בעגעגענט זיך מיט אזא ג ע-ו ו ע ז ע נ ע ם, איז ביידע רייבען די אויגען און קענען זיך ניט פערוואונדערען. איך קוק אויף איהם און טראכט:

— ווי אזוי טוט עס א מענש א מאך מיט דער האנט אויף אלץ מיט אנאנדער.

און ער קלערט געוויס:

— אט, מענשען; נאָך ביי היינטיגע צייטען אזוי נאאיוו, טראָ־גען זיך נאָך מיט אידעאלען ארום....

פאראן אויך דאָ אזעלכע, וואָס האָבען זיך פאָרט צו עפּעס דערשלאָגען. אראָבגעוואָרפען דעם פעקעל און געעפענט א געשעפט. מאכט פיינע ביזנעס. האָט א שטוב, האָט מעבעל, האָט אויסגעהאָ־דעוועט קינדער, דערצויגען און געמאכט פאר מענשען און איצטער בעטראכטען זיי זיך פאר אלטגעזעסענע דאָ. דאָס איז אָבער פאָר־

לויפיג דער פרט. אין אלגעמיין אָבער טראָגט נאָך דער ישוב ניט דעם בעשטענדיגען כאראקטער.

אין דער צייט וואָס אין דער איסט איז פאר מיינע אויגען פאר די לעצטע עטליכע יאָהרען דאָ און דאָרט גאנצע אידישע שטעט אויפגעבויט געוואָרען; די אידישע גאס צעוואקסט זיך און פונדערוועט זיך איין; פון הונדערט איז געוואקסען טויזענד, פון טויזענד אידען איז געוואָרען צעהן טויזענד — אידישע קהלות זענען אויסגעוואקסען. און דאָ אָבער, אין די ווייטע דרום שטאטען שטעהט עס אויף אן אָרט. פריהער געווען טויזענד אידען און איצטער — אפשר עלף הונדערט און אפשר — ניין הונדערט. דער עולם בייט זיך שטארק. ווי זומער-פויגלען, געקומען, א שמעק גע-טאָן און אוועקגעפלויגען נאָכ'ן ערשטען זומער, ערגעץ צו נייע גע-גענדען.

אהער קומען מענשען וואָס ווילען זיך ארויסטאָן פון דער וועלט. געוואָרען מיעד פון דעם לעבען ד אָ ר ט ע ן.

— דרעה מיר ניט דעם קאָפּ, כ'האָב עס געגנוג געהאט דאָר-טען אין רוסלאנד.

אדער:

— כ'האָב עס געהאט איבערגענוג אין ניו־יאָרק. כ'בעדארף א לעבען מאכען און — דאטס אָל.

אבער דעם ל ע ב ע ן דא מאכט מען זעהר שווער. אין דער איסט, דאכט זיך מיר, זענען דאָך אונזערע ניט אזוי פעריאָגט, ווי דאָ. דער ארבייטער דאָרטען, נאָך זיין טאָג ארבייט, ווי ס'איז — קומט אהיים. זוכט רוה. שלאָגט זיך אלי'ן ארויס פון קאָפּ אין די פאָר שעה פון זיין רוה. דאָ אָבער, זוכענדיג גליק צווישען אָט די אלע ווינט־פרנסות, ווייסט מען ניט פון קיין רוה. אלע זיבען טעג אין דער וואָך, אלע שטונדען וואָס מען קען נאָר פון מעת־לעת אָב־רייסען ווערט אין דעם ווינט־עסק אריינגעלעגט.

פונקט ווי אין בראזיליען אזוי טרעפט מען דאָ א גרויסען עולם ניט בעווייבט. אלטע און יונגע בחורים, אדער — ווייב און קינד

האָט מען געלאָזען ערגעץ ד אָ ר ט ע ן. בלויז אויף א ווײַלע געקומען. און די ווײַלע פערציהט זיך אין די גרויסע יאָהרען אריין. און צווישען דעם אונרוהיגען וואנדער-עולם, ווען איהר שלאָגט זיך אָן אויף א הויז מיט ווייב און קינד, מיט מעבעל, מיט שאפעס ספרים, רוסישע און אידישע און אביסעל ענגלישע, אמאָל נאָך אן אויסגענעהטער מזרח אויפ׳ן וואנט — ווען איהר קומט אריין אין אזא הויז שפּירט איהר ווי איהר זענט פון א קארוסעל אראב, וואו די גאנצע וועלט האָט זיך געשווינדעלט ארום אייך, און מיט אמאָל האָט איהר באָדען דערשפּירט אונטער די פיס... אָט צווישען דעם עולם וואָס שווינדעלט פערביי און פערשווינדט, טרעפט איהר אמאָל א אידען א געזעצטען. איהר פרעגט איהם:

— ווי לאנג וואוינט שוין דאָ א איד?

און ער וועט ענטפערען מיט א געוויסער ווירדע:

— שוין באלד דרייסיג יאָהר. כמעט דער ערשטער רוסישער איד אין דער געגענד. ערשט איצטער האָבען זיך אהער א לאָז גע-טאָן אָט די יונגעלייטלעך. דער גוטער יאָהר ווייסט, וואָס זיי זוכען דאָ. קומען אָן ווי דער ווינט און ווערען פערשוואונדען.

— נו, און ווי געהט עס עפּעס?

— געוועזען אמאָל גרינגער א לעבען צו מאכען, אבער — די קינדער אויסגעגעבען צו מענשען גלייך. כ׳וואָלט עס אין רוסלאנד ניט געקענט בעווייזען. מיט זיי האָב איך שוין גאָר קיין זאָרג ניט. געקומען אהער קליינע, נאָר מיט גוטע קעפּלעך. האָבען זיך פיין ארויפגעארבייט.

און כאָטש ער איז דאָך אויך א ס י ט י ז ע ן, אָבער די אמת׳ע בירגער פון לאנד זיינען זיינע קינדער, וואָס כאפּען זיך אמאָל אריין צו טאטע-מאמע פרייטאָג צו נאכט עסען א שטיקעל אידישע געפילטע פיש....

און, ווען מען ווארפט א בליק און מען בעטראכט די גאנצע פּאנאראמע פון דעם אידישען לעבען דאָ, כ׳מיין דעם רוסישען אי-דען, וואָס אין די דרום שטאטען, ווערט פערדריסליך. דער עולם איז

קליין און איהר קענט איהם בעטראכטען. עפּעס איז עס א בילד וואָס די פארבען זיינען אָבגעקראָכען. א ספר — וואָס די אותיות זיינען געוואָרען אָבגעריבען. ווייז, וואָס שטעהט אפּען, אירט און ווערט זויער.

דער ליטוואַק ווערט דאָ אלטגעבאַקען און אָבגעשטאנען.

דער דרום־רוסישער — פערגרעבט און וואָכעדיג.

דער פּוילישער — אויסגעוועבט און אָבגעבליאקעוועט.

די דייטשע אידען בלויז, וואָס זיינען פון קיינעם ניט געיאָגט געוואָרען, שטעהען דאָ אויף זייערע אייגענע פיס, לעבען דאָ מיט'ן לעבען פון לאנד און געניסען פון די זאפטען פון לאנד.

---

## אידיש

לעצטען זומער. אין א הייסען נאָכמיטאָג, בין איך אומגעגאנגען מיט מיינעם א פריינד צווישען די רייכע, ניט־אידישע, זומער וואוינונגען וואָס ביים ים. מיר האָבען זיך אויף א ווייל־ע אָבגעשטעלט אויף א ווינקעל גאס און בעטראכט די הייזער וואָס ארום אונז; צווישען זיך געריערט פון דער רוהיגקייט און שטילקייט וואָס הערשט ארום.

מיט אמאָל איך ווייס ניט פון וואנען און פון ווען, ווי א קליין מיידעל, אזוי פון א יאָהר אכט, איז אויסגעוואקסען פאר אונז. אין אן אלט, אָבגעטראָגען, און אויסגעוואָקסען, געקעסטעלט קליידעל איז זי געווען אָנגעטאָן, און איהרע שטארקע, ראָזע פיס האָבען זיך ביז צו די קניה ארויסגעזעהן. די נאקעטע פיס זיינען געווען שטארק צוגראבעלט, ווי פון קלעטערען אויף ביימער און צוגראבעלט זיינען געווען איהרע פולע, רונדע, רויטע באקען. די אויגען איהרע, אזעלכע ליכטיג פרעהליכע האָבען אונז אין פנים אריינגעלאכט. האָט זיך אָנגעהויבען אזוי צו לאשטשען צו אונז ווי א יונג קעצעל און

געוואַרט מיר זאָלען איהר עפּעס זאָגען. ניט קענענדיג זיך דערוואַר-
טען, האָט זי אַליין אָנגעהויבען אין ענגליש:

— איהר זוכט אפשר דעם האָטעל ג ר י ן? איך קען אייך
בעווייזען וואו ער איז.

— ניין, קינד, מיר זוכען ניט דעם האָטעל, — האָב איך גע-
ענטפערט.

— איהר זוכט ניט... יאָ, איהר זיינט אידען?

— יאָ, קינד, מיר זיינען אידען.

— איך בין טאקע אויך א אידישע. — און איז רויט גע-
וואָרען.

— ווי אזוי רופט מען דיך?

— ראָזי איז מיין נאָמען. מיין מאמע האָט דאָ א גראָסערי.

— פאַרוואָס ביזטו נאָר אַליין, ווילסט זיך ניט שפּיעלען מיט
די קינדער דאָרטען און איך האָב איהר אָנגעוויזען אויף א גרופּע
קינדער וואָס האָבען זיך געשפּיעלט אין שאָטען, אריבער דער גאס.

זי איז מיט אמאָל אומעטיג געוואָרען, בעטראַכט די קינדער
און שטיל געענטפערט:

— ניין, איך שפּיעל זיך ניט מיט זיי. איך האָב זיי אַלעמען
געשלאָגען.

— דו זיי?

— יאָ, איך אַליין. איך בין שטאַרקער פון זיי אַלעמען. זיי
רופען מיך "קייק" און איך שלאָג זיי. כ'האָב זיי פיינט.

— קענסט רעדען אידיש?

— מיין מאמע רעדט, אָבער איך ענטפער ניט.

— פאַר וואָס? דו קענסט ניט רעדען אידיש?

— איך קען, נאָר — איך וויל טאקע ניט.

— פאַר וואָס, קינד, ווילסטו ניט רעדען קיין אידיש?

— איך ווייס ניט פאַר וואָס. אזוי, איך וויל ניט.

— ווילסטו ווערען א קריסטין? —

— האָ?

— יאָ: אפשר וועלסטו ווערען א קריסטין; אַט אזוי ווי יענע קינדער זיינען?

זי איז מיט אמאָל בלאס געוואָרען; זיך דערשראָקען פאר מיי־נע רייד און איהרע בליקען האָבען געבלאַנדזשעט אמאָל אויף מיר און אמאָל צו מיין פריינד, ווי געפאָרשט צי איך מיין עס ערנסט, און מיט אמאָל האָט זי ווידער איבערגעפרעגט:

— איהר זיינט טאקע אידען?

— יאָ, קינד, מיר זיינען אידען. איך פרעג דיך, צי דו וואָלסט וועלען ווערען א קריסטין ווי אַלע קינדער דאָ? וועט דיר זיין גוט די קינדער וועלען זיך מיט דיר שפּיעלען, וועלען דיך ליעב האָבען...

— ניין, ניין, — האָט זי זיך אָנגעהויבען צו וועהרען — איך וויל ניט זיין קיין קריסטין. זיי זיינען שלעכטע מענשען. זעהר שלעכטע מענשען, איך האָב מורא פאר זיי.

— דו קענסט דאָך זיי שלאָגען? ביזט דאָך שטארקער פון זיי?

— ניין, איך וויל ניט, איך וויל ניט. איך האָב מורא. — האָט זי אַלץ מיט שרעק אין די אויגען איבערגע'חזר'ט.

איך האָב איהר געזאָגט, אז איך האָב בלויז א שפּאס געמאכט און, אז מיר זיינען אויך אידען. — זי האָט אָבער פחד בעקומען פאר אונז.

מיר האָבען זיך געזעגענט מיט איהר, וואָרים איהר האנד גע־גלעט אָבער דער פחד פון איהרע אויגען איז ניט פערשוואונדען.

ווען איך בין שוין געווען ווייט אָבגעגאנגען, האָב איך מיך אומגעקוקט. זי איז נאָך אַלץ געשטאנען ווי א פערגליווערטע און פערוואונדערט אונז נאָכגעקוקט...

* * *

כמעט אין דער איינענער וואָך האָב איך געמאכט א בעזוך מיינעם א פריינד, א רוסיש־ענגלישען איד, וואָס האָט די לעצטע עטליכע יאָהר פערבראכט אין פאלעסטינא. מיר האָבען פערלאָזען זיין האָטעל וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון ר י ו ו ע ר ס י י ד ד ר י י ו ו און, אויפזעצענדיג זיך אויבען אויף אַן

אמניבאָס, האָבען מיר זיך געלאָזט אראָב מיט דער פינפטער עוועניו. ניט האָבענדיג לאַנג שוין, ווייזט אויס קיין געלעגענהייט צו רע־דען אידיש, האָט ער זיך מיט א מין הונגעריגקייט, אויפ'ן הויכען קול, זיך אזוי צוגעכאפּט צום אידיש, איש ענגליש און רו־סיש געמישט איז ווי גלאָז צובראָכען געוואָרען אונטער זיין צונג. כמעט שרייענדיג האָט ער מיר דערצעהלט פון דעם לעבען אין פּאַ־לעסטינא און פון די אידישע קאָלאָניסטען און פון די תימנ'ער אי־דען און פון די אידישע בחורים און מיידלעך דאָרטען. אז מיר זיי־נען געקומען צו צוויי־און־דרייסיגסטער סטריט האָבען מיר געדאַרפט אויסשטייגען און ווארטען אויף דעם נעקסטען אמניבאס וואָס גיהט אהין וואוהין מיר האָבען געדארפט. מיין פריינד האָט זיין שמועס ניט איבערגעריסען און, מיט א קלינגענדער שטימע, פאָרטגעזעצט זיין ערצעהלונג איבער פּאלעסטינא.

— זייט אזוי גוט, איך וואָלט אייך בעטען בעסער ניט צו רעדען דאָ קיין אידיש — דערהערט זיך פּלוצלונג הינטער אונז א חנינה'דיגע שטימע אין אידיש.

איך קוק מיך אום; ס'איז דער מ ע נ ש מיט'ן בלעכעל אויפ'ן היטעל וואָס שטעהט אויפ'ן טראטאור און טיילט אויס אויס־שטייגס־צעטלען צו די אלע וואָס בעדארפען בייטען זייער אמניבאָס און ביי וועמען מיר האָבען נאָר וואָס צעטלען גענומען. א מענש אזוי א דרייסיגער פון א מיטעלען וואוקס און מיט שווארצע אויגען און ברוינע מאָגערע באקען. דינט ביי דער אָמניבאָס קאָמפּאני. ער קוקט צו אונזער ביידענס פערוואונדערטע אויגען און חזר'ט איבער נאָכאמאָל די אייגענע ווערטער אין אידיש:

— אזוי, רעדט דאָ בעסער ניט קיין אידיש, ס'איז זעהר ניט גוט.

— פאר וואָס?

— אזוי. זיי ווילען עס ניט ליידען.

— ווער וויל ניט ליידען? וואָס פאר א — זיי?

— זיי... אָט זיי. און ער שטרעקט אויס זיין האנט צו דעם

שטראָם מענשען וואָס אין די טויזענדער שפּאַרען זיי זיך דאָ, לענג און ברייט, אין די נאָך־מיטאָג שעה'ען; ווער ווייסט עס ניט יע־נעם ווינקעל — ביי פינפטע עוועניו און צוויי-און-דרייסיגסטער סטריט אין ניו יאָרק?

— "זיי ווילען עס ניט ליידען"...

און הער ז י י — גאָט מיין גאָט — דאָרט זיינען דאָך מעהר אידען ווי ניט-אידען!

* * *

אין דער געגענד וואו עס דאכט זיך דיר צומאָל אויס, אז אפי־לו די גאסען זיינען מיט אידען געברוקירט, דאָרטען ארויף גרענד סטריט, האָבען רייכע אידען פון דער פינפטער עוועניו אויסגעבויט פאר די ארימע אידען פון דער א י ס ט ס י י ד א קליין, שעהן טעאטערל, צו אויסאיידלען דעם געשמאק פון אונזערע לייט...

די טעג בין איך דאָרט געזעסען אין דעם ווייך-בעלויכטענעם זאל, מיינע אויגען האָב איך געהאלטען פערשלאָסען און דורך מיין הארצען האָט אזא ביטערער טרויער געצויגען; אזא טרויער... מען האָט דאָרט געזונגען אידישע פאָלקס־ליעדער.

געזונגען האָט די ליעדער פאר'ן עולם די ליעבע, טייערע קאָנ־סטאנסע גדעון. א קינד פון סקאָטישען פאָלק, א קריסטין, וואָס איז געפאנגען געוואָרען פון די אידישע פאָלקס־ליעדער. זי זאמעלט זיי מיט אזוי פיעל ליעבע און מיט נאָך מעהר ליעבע זינגט זי זיי פאר'ן עולם. איהר שטימע איז שוין פערהאידישט געוואָרען, אָבער די ווערטער קומען ארוים ביי איהר אזוי ווי זיי וואָלטען בעלאנגען צו א פאָלק וואָס איז שוין לאנג געשטאָרבען.

איידער זי הויבט אָן זינגען א ליעד דערקלערט זי עס פריהער אין ענגליש. פערטייטשט דעם אינהאלט און פערטייטשט דאָס אי־דישע לעבען וואו די ליעד איז געבוירען געוואָרען. און איך זיץ און הער עס צו. און דער וועהטאָג אין הארצען נאָגט און נאָגט, עס דאכט זיך:

געשטאָרבען איז דאָ א טייל פון אונזער אידישען לעבען, גע-

שטאָרבען איז דאָס אידישע וואָרט: געשטאָרבען פאר אייגענע זינד און, אז ניט א קינד פון סקאָטישען פאָלק זינגט עס איצטער פאר'ן עולם אידישע פאָלקס-ליעדער נאר די נשמה פון דער נייער אידישער מוטער דאָ בלאָנדזשעט ארום און זוכט איהר תיקון. די אידישע מו-טער — מען האָט זי פער'משפט אומצוגעהן צווישען די אלטע קברים און פון די מצבות ס'אלטע אידישע וואָרט אראבלייענען און פאר זיך עס זינגען... זינגען...

"שלאָף מיין קינד, מיין קרוין, מיין אוצר"...

עס קלינגט אזוי ציטריג, מוטערליך איהר שטימע און מיר דאכט זיך אויס אז די וויעג־בעט איז שוין לאנג ליעהר.

"לאָמיר אלע פרעהליך זיין"...

און די אידישע, די אמת-אידישע פרייד — וואו איז זי?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אך, צי ווייס עס גאָר, אָט דאָס ליעבע, טייערע קינד פון א פרעמד פאָלק, אָט די סקאָטישע טאָכטער וואָס איז שוין כמעט אינגאנצען פעראידישט געוואָרען — צי ווייסט זי גאָר וואָס פאר א טיעפע וואונד זי ריהרט אָן ביי אונזערען א מענשען אין הארצען זינגענדיג פאר אונז אונזערע פאָלקס־ליעדער?...

*  *  *

דאָס איז מיר געקומען אויפ'ן געדאנק צוליעב א קלייניקייט וואָס כ'האָב געהערט אויף מיין רייזע אָט דאָ ניט לאנג — — —

ס'איז געווען אין דזשעקסענוויל, פלאָרידא. כ'בין איינגעשטא־נען אין א אידישער אכסניה ביי בכבוד'יגע לייט, וואָס וואוינען שוין דאָ אריבער צוואנציג יאָהר. האָבען דאָ קינדער געבוירען; קינדער אויסגעגעבען.

זיץ איך זיך ביים טיש, אונטען אין עסען־צימער און עס מיין פריהשטיק. ביים לאנגען טיש זיצען נאָך יונגעלייט, וואָס וואוינען דאָ אין דער אייגענער אכסניה. און געגענאיבער, ניט ווייט פון מיר זיצט אן עלטערער איד, שוין גרוי, אזוי פון א יאָהר זעכציג. א פערשוויורען בערדעל גאנץ זויבער געקליידעט. זעהט אויס ווי א היי־

מיש אלטער משכיל.

מיט אמאל קומט אריין די איננסטע טאכטער פון בעל-הבית; א שווארצ׳חנ׳עווריגע מיידעל פון א יאהר פערצעהן. זי האט זיך געזעצט צווישען די געסט און געווארט אויף איהר פריהשטיק.

— היינט איז דאך זונטאג, טא וואס-זשע טהוסטו היינט? — פרעגט ער איהר ווידער. — וואס טהוסטו א גאנצען זונטאגדיגען טאג?

— איך געה באלד אין דער שולע.

— וואס פאר א שולע זונטאג?

— א אידישע.

— וואס?

— איך געה דא אלע זונטאג זיך לערנען אידיש.

— אזוי גאר, דו לערענסט זיך העברעאיש?

— ניין, אידיש.

— האסט א טעות, העברעאיש מיינסטו געווים צו זאגען.

— ניין, כ׳מיין ד ז ש ו א י ש, וואס מען רעדט.

— ארויסגעווארפען די צייט, מיין קינד.

— פארוואס, כ׳וועל זיך ניט אויסלערנען? — פרעגט זי גאנץ נאאיוו.

— פארוואס... ס׳איז שווער דיר צו זאגען פארוואס. דו ביזט א קינד. נאר אט וואס. אט געה צו צום שפיגעל... שטעל זיך אזוי אוועק ביים שפיגעל מיט׳ן פנים און פאס אויף: ווי שעהן איז דיין פנים, ווען דו רעדסט ענגליש און ווי העסליך ער קוקט אויס, ווען דו רעדסט אידיש. יא, יא, געה צו צום שפיגעל.

זי איז רויט געווארען, געקוקט אויפ׳ן עולם ארום, געפארשט וואס פאר אן איינדרוק ס׳האט אויפ׳ן עולם געמאכט. ס׳אייגענע איז געווען מיט איהם. ער האט זיך עפעס אליין פערוואונדערט פון זיינע רייד און האט צום עולם בליקען געווארפען.

כ׳האב איהם שפעטער א ווילע געהערט רעדענדיג מיט דער ווירטין אידיש. מיט דעם קאוונער אקצענט. מען האט געשמועסט

פון שעהנעם וועטער. פון שווערע צייטען. פון מלחמות אויף דער וועלט און שלעכטע שפייזען.

ס׳קלינגט דאך אלץ ווי א וויץ. ווי א וויץ. ווי א שפאס — אפילו ניט קיין טרויעריגער שפאס...

---

צוויי ווינטערען האב איך געוואוינט אינ׳ם מזרח טייל פון די בראנקס, דארט אין ניו יאָרק. טאג־טעגליך בין איך שעה׳ן-ווייז אומגעגאנגען אין די געדיכטע, אידישע גאסען. קינדערלעך קיין עין-הרע ווי מאָן. און קיין איין מאָל דורך דער גאנצער צייט האָב איך ניט געהאט די זכיה צו הערען ווי קינד מיט קינד שרייט זיך דורך אין דער שפראך פון זיין טאטע־מאמע.

ווידער האָב איך בעגעגענט דאָ און דאָרט א יונגערמאן, אן אוניווערזיטעט שילער, געבוירען געוואָרען דאָ אין לאנד, וואָס האָט זיך געבראָכען די צייהנער ערקלערענדיג מיר זיין ליעבע צו אידיש און, אז שלעכט, זעהר שלעכט האָבען זיין טאטע־מאמע געטהאָן, וואָס האָבען פערגעסען צו געבען איהם אין דער יוגענד ז י י ן שפראך...

און ווער ס׳האָט צער דערפון, וואָס אידיש געהט אונטער דאָ אין לאנד און קען זיך מיט יענעם׳ס צרה טרייסטען — איהם קען איך דערצעהלען, אז —

— די קינדער וואָס קומען ארויס פון שטאָלצע, דייטשע טאַטע־מאמע, שעהמען זיך אויך צו רעדען אין גאס די שפראך פון זייער פ אָ ט ע ר ל א נ ד.

זאָלען זיי זיך טרייסטען אויך מיט דעם — אויב זיי זוכען א טרייסט, אז —

— ניט נאָר שפראכען אליין געהען דאָ אונטער אין געיעג צו „מאכען“ א לעבען....

---

# גאלוועסטאָן

ביי א חודש צייט האָב איך דא געוויילט. א ביסעל צופיעל פאַר דעם וואָס רייזט און וויל זיינע איינדריקען פערשרייבען. אז מען ווערט א בירגער אין שטאָט הערט מען אויף צו זעהן דאָס, וואָס עס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אין דעם ערשטען אוי־גענבליק ווען דיין פוס האָט אריבערגעטראָטען איבער'ן שוועל פון שטאָט. גאַלוועסטאָן פערמאָגט ביי א פערציג טויזענד איינוואוינער, און וויפיעל אזעלכע שטעטלעך זיינען פאראן אין לאנד און קיינער פון אונז האָט פון זייערע נעמען ניט געהערט, אדער יא גע־הערט און גלייך פערגעסען — אָבער גאַלוועסטאָן ווייסט מען.

אין רוסלאנד, פאַר'ן ארויספאָהרען קיין אַמעריקא, ישובט מען זיך צו פאָהרען דורך ניו יאָרק אדער אפשר דורך גאַלוועסטאָן וואָס אין מעקסיקאנער ים־אויסגוס. כאָטש קיין ניו יאָרק קומט מען אָן אין א וואָך צייט און קיין גאַלוועסטאָן, אז גאָט העלפט — אויפ'ן פינ־און־צוואנציגסטען טאָג. דער נאָמען גאַלוועסטאָן איז פערבונ־דען מיט טעריטאָריאליזם מיט ווייטע האָריזאָנטען: דער טויער צום שטאָט טעקסאס, וואָס איז אזוי גרויס ווי גאנץ דייטשלאנד, פערמאָגט פעטע ערד און, וואָס אינגאנצען ביי א פיער מיליאָן מענשען קלאָטשען זיך ארום אין דער ברייטער, ווייטער, פרוכטבארער געגענד. מיר האָט אויך דער נאָמען צופיעל געקלונגען אין די אויערען און איך האָב בעטראכט אהער צו פערקירעווען.

געוואַרט האָב איך צו טרעפען א האפען־שטאָט, ווי דער שטיי־נער, וואו מענשען זיינען שטענדיג אין א בהלה און וואָס אויפ'ן חשבון פון פאָרט איז די שטאָט פערלאָזען און וואו געלט איבער דער מאָס שיט זיך אין דער לענג און דער ברייט; געטראכט צו געפינען א שטאָט פון די שטעט, וואָס כ'האָב פיינט און וואָס זיינען מיר צו לאסט אויף מיין לעבענס־וועג....

און געפונען האָב איך א קליין שטעטעלע מיט א ליבען, רו־

היגען אויסזעהען, דיין צוגעפוצט, מענשען איילען ניט און פאל-
מעס און אַליעאנדרען זיינען די איינציגע בוימער וואָס ציערען די
שטאָט. די פאלמעס זיינען פון כלמורשט׳דיגען ווינטער א ביסעל
אָבגעשאָסען אָבער די אַליעאנדרען וואקסען און גרינען אויף גאָט׳ס
בעראָט, האָבען זיך אזוי צובליהט, אזש א חיות איז צו געהן אין
די שטילע גאסען. פאראן דאָ טראַמווייען אין שטאָט, וואָס פערנעה
מען זיך מיט איבערפיהרען די לופט פון איין עק שטאָט צום אנדער-
רען. מענשען ווינציג. הייזער זיינען טאקע פאראנען פאר פערציג
טויזענד נפשות, אָבער נפשות פעהלען.

און אזוי האָב איך מיר דאָ אָבגעשטעלט אויסרוהען אביסעל
די ביינער און אָנוואַרימען זיך אביסעל פון די גרויסע קרירות וואָס
האָבען מיך שוין צופיעל גע׳רודפ׳ט אין וועג, פאר די לעצטע
חדשים.

אז איהר רעדט מיט אן אָרטיגען איינוואוינער, וואָס האָט נאָך
ליעב גאלוועסטאָן דערצו, בעקלאָגט ער זיך:

— אונזער שטאָט האָט שוין איצטער געקענט זיין אזוי גרוים
אפשר ווי ניו־ארלינס, וואָס קאָנקורירט מיט אונזער האַפען, אָבער
צוליעב די שטורם-ווינטען קען אונזער שטאָט ניט וואקסען און מענ-
שען קענען זיך דאָ ניט איינפלאנצען.

און גאלוועסטאָן איז דאָך איינע, פון די וויכטיגסטע פּאָרטען
אין לאנד. דער גרעסטער טייל וואטע פון לאנד וואָס ווערט אין די
דרום־מערב שטאטען געשאפען ווערט דורך גאלוועסטאָן ארויסגע-
פיהרט און די שטאָט האָט מעגליכקייטען געהאט אויפצוואוואקסען
מיט דער אייגענער שנעלקייט ווי פיעל אנדערע שטעט דאָ אין
לאנד, וואָס זיינען כמעט איבער נאכט בעשאפען געוואָרען. נאָר
צוליעב די שטורם־ווינטען, וואָס קומען כאָטש זעהר, זעהר זעלטען
איז גאלוועסטאָן פער׳משפט געוואָרען צו זיין קליין און בעשיידען
און איהרע שכנ׳ישע שטעט, ווייטער פון ים, וואקסען און ענטוויק-
לען זיך.

גאלוועסטאָן אליין איז פאקטיש א אינזעל. אז איהר קומט אָן

מיט דער אייזענבאהן בעראָרף דער צוג אריבערגעהן א בריק, גע־מויערט אין ים־אויסגוס, גאנצע צוויי מייל לאנג. און די גרויסע שטורם־ווינטען וואָס טראָגען זיך פון צייט צו צייט ביי די ברעגעס פון מעקסיקאנער ים-אויסגוס האָבען זיך ספּעציעל אויף גאלוועסטאָן אָנגעזעצט. לאָזט ניט די מענשען דאָ זיך איינצופונדרעווען. דער שטורם אין יאָהר נייננצען הונדערט האָט דעם ים געטריבען דער גאנצער שטאָט גאלוועסטאָן אראָבצוואַשען, און שיעור שיעור איז עס ניט געשעהן. דעמאלט זיינען טויזענדער מענשען אומגעקו־מען און א טייל פון דער שטאָט איז אָבגעשווינקט געוואָרען. א גרויסער טייל פון די לעבען־געבליבענע האָבען די שטאָט פערלאָזען און דער מעהר איינגע'עקשנ'טער עולם האָט גענומען זוכען פלענער ווי אזוי דעם שטורם בייצוקומען.

דעמאָלט האָט מען געמויערט א וואנט ארום שטאָט. פון ים ארויס, כדי צו געבען א ווידערשטאנד די כוואליעס וואָס האָבען זיך אין נוטע צייטען צו־נאָהענט צום ברעג גערוקט. די וואנט איז איי־נע פון די מערקווירדיגסטע שטיקלאך ארבייט, וואָס זאָגט עדות אויף דעם מענשענס עקשנות דער ווילדער נאטור מנצח צו זיין. די וואנט איז מאסיוו, זיבעצען פוס הויך און אזוי פיעל איז איהר דיק אין דער טיעף; גארטעלט ארום די שטאָט אויף גאנצע פיער מייל. און כדי שוין צו זיין גאָר זיכער, האָט מען אָנגעפיהרט א וועלט מיט שטיקער גראניט און אונטען ביים וואנט אָנגעוואָרפען כדי די כוואליע, ווען זי קומט אָן זאָל זיך איהר ערשטער אימפּעט אָן די שטיקער גראניט אָבשלאָגען אזוי, אז די וואנט זאָל זיין וואָס מעהר בעשיצט. אויבען, צום ים ארויס, לויפט א ברייטער בולוואר, א ווענ פאר אויטאָמאָבילען. נאָך יענעם שטורם האָט מען אין גע־וויסע ערטער די שטאָט געהויבען, אום זיכער צו זיין פאר א נייעם אומגליק, אָבער אינגאנצען זעהט אויס האָט עס ניט געהאָלפען.

פאַר צוויי יאָהרען, אין אויגוסט האָט דער שטורם מיט ים ווידער זיך פערמאָסטען אָבצושווינקען גאלוועסטאָן פון דער ערד. עס איז איהם ניט געלונגען, אָבער גענוג חורבן האָט ער אָנגע־

מאכט. די וואנט האָט טאקע איחר דיענסט געטאָן בראוו. האָבען זיך אָבער די וואסערען געקליגט הינטען ארום זיך ארייגצוקלייבען אין שטאָט אריין און ארויסטראָגען די סחורות פון די געשעפטען. די כוואליעס האָבען זיך ערטערווייז אונטער דער וואנט ארונטער־געגראָבען און די ערד מיט דעם בולוואר אינאיינעם ארויסגע־שווינקט. קיין לעבענס זיינען דעם מאָל ניט אומגעקומען אָבער ס'איז געווען א ווארנונג צו די מענשען, אז זיי זאָלען זיך האלטען א ביסעל ווייטער פון דאנען. א גרויסער טייל פון די וואָס ווילען לעבען זיכער און רוהיג אויף גאָטס ערד, האָבען זיך ארויסגע־קליבען און אויף זייער חשבון בליהען די שכני'שע שטעט. דאָס פערבליבענע אָבער געהט זיך אָן מיט זיין עקשנות. זינט נאָכ'ן שטורם געהט אָן די ארבייט ארום דעם ווידערשפענסטיגען ים, איהם אויף צו להכעיס. מען האָט פון ים ארויסגעפּאָמפּעט זאמד און דעם איינגעפאלענעם בולוואר צוריק צו זיך געבראכט. נאָך איצטער ארבייטען ארום הונדערטער ארבייטער טעגליך ביי דעם בולוואר, יענע שפורען פון חורבן צו פערווישען. צעמענט און געהאקטע שטיי־נער, ציגעל און ווידער צעמענט, דראָט און אייזען שטאבער ווע־רען אינאיינעם געגאָסען און פערגאָסען. טאָג-טעגליך קומען אָן צוגען, ברענגען אין זייערע פראכט וואגאָנעם שווארצע פעטע ערד פון ערגעץ. מיט דער ערד הויבט מען אויף דעם גאנצען פּאס לאנד וואָס לויפט מיט דער לענג פון ברעג. דאָ וועט ווערען פערפלאנצט גראז, בוימער; מאכען, אז די כוואליעס זאָלען אזוי לייכט עס ניט קענען אראָבטראָגען יעמאָלט ווען זיי פּאטשען איבער דער הויכער וואנט.

רעדט מען אָבער מיט די געשעפטס־לייט אין צענטער שטאָט פון דער ארבייט וואָס ווערט ביים ברעג ים געטאָן, שמייכלען זיי סקעפּטיש:

— גאלוועסטאָן וועט שוין ניט ווערען דאָס וואָס זי האָט בע־דארפט זיין, ניטאָ קיין גליקען. געשעפטען מאכען זיך צו.

אין דעם איצטיגען קריזיס אָבער איז געווים מעהר שולדיג

די מלחמה ווי דער פאר צוויי יאָהרינער שטורם. גאלוועסטאָ׳נער פּאָרט איז פערבונדען מיט אלע אויסלענדישע שיפען־ליניעס און זייענדיג דער צווייטער פּאָרט אין לאנד נאָך ניו יאָרק, האָט אהער פּרנסה געדארפט שטראָמען דורך טיר און טויער. דורך גאוולעסטאָן האָט מען ארויסגעפיהרט וואטע, אויל, תבואות, געהילצען און אהער האָט מען אריינגעפיהרט קאַפע, צוקער, פּרוכטען פון די טראָ־פּישע געגענד׳ען, שטאָל און אייזען פאר׳ן געברויך פון דער געגענד.

זינט די מלחמה האָט זיך דער האנדעל מיט אייראָפּא כמעט איינגאנצען אָבגעשניטען און דער פּאָרט איז ווי אָבגעשטאָרבען. ס׳קומט אָן ווען-ניט־ווען א שיף. עפּעס רודערט זיך כלומר׳שט אין פּאָרט, עפּעס לאָדט מען אָן, עפּעס לאָדט מען אויס — אָבער אָהן לעבען, אָהן מזל און ברכה...

אונזערע אידען זאָגט מען זיינען דאָ פאראן אריבער טויזענד, אָבער דער גוטער יאָהר וויים וואו זיי זיינען. שווער זיי צו זעהן אלע אינאיינעם. פון די צעהן טויזענד אימיגראנטען, וואָס זיינען אין פערלויף פון די לעצטע יאָהרען פאר דער מלחמה אָנגעקומען דורך גאלוועסטאָנער פּאָרט, איז בלויז א פּאָר הונדערט פון זיי האָבען זיך דאָ אָבגעשטעלט; די איבריגע האָבען זיך צושאָטען אין די איבעריגע שטעט און שטעטלעך פון טעקסאַס. ווער ס׳פּעדעלט, ווער ס׳האנדעלט מיט אלטווארג און ברוך, ווער ס׳האָט גלאט אזוי קיין פּרנסה נים. אנדערע האָבען זיך דוקא ארויפגעארבייט פון די אויבענדערמאָנטע פּרנסות.

אומ־יי־־ענדיג אין די גאסען פון גאלוועסטאָן קען מען בעג־געגנען זעהה אָפט צוויי שעהנע אידען מיט שעהנע אידישע בערד. יעדערער אויף זיין וועגלע טרייבט זיך אויף זיין מלמד׳עשען אופן אָן זיין פערדעל און די נעגער ביים זייט, וואָס האָבען צייט אויף אלץ זיך צו פערקוקען, בעטראכטען אָט די װ ו י ל ד ע פאר־שוינען און לאכען.

דאָס זיינען שוחטים. קוילענען אליין, און שפּעטער צופיהרען זיי די פליייש צו זייערע קונדען. ניט קיין גרויסער נייס דאָ אין

לאנד.

אפשר פסק׳ענען זיי דא שאלות אויך. כ׳ווייס ניט. דאס בי־סעל גריניוואר ג איז איינגעטיילט און צוטיילט אין קליינע פארטיי־צווייגעלעך. אלע שטעהען אין פערבינדונג מיט ניו־יארק, מיט דעם גרויסען פארטייען־ים און זיינע גרויסע פיש.

איין מאל בין איך דא אויפגעטראטען מיט א פארטראג. ס׳איז געווען אויף דעם פערלאנג פון די ס. ט., ס׳מיינט סאציאליסטען־טעריטאריאליסטען. כאטש זיי זיינען בלויז א בינטעלע פון צעהן מיטגליעדער, דאך זיינען זיי ווייט ניט די קלענסטע פארטיי־גרופע. פאראן פארטייען אידישע אין לאנד, וואס האבען דא נאך קלענערע צווייגעלעך. און כאטש צוליעב מיין כבוד וועגען האט עס מיט קיין גרויסער קאנקורענץ ניט געשמעקט, פונדעסטוועגען האט זיך בלויז אן עולם פון א פופציג נפשות אויפגעקליבען, שוין אריינגערעכענענ־דיג ביי א טוץ קליינע, שעהנע און קלוגע קינדערלעך, וואס האבען זיך זעהר שטארק אמוזירט ביי זייערע מאמעס אויף די הענט און הארציג געלאכט. בלויז א פאר קינדערלעך, אויך שעהנינקע און ליכטיגע, האבען ניט אזוי גוט פערשטאנען דעם רעדנער און האבען זיך פערנאנדערגעוויינט.

זומער צייט קומען אהער און זעהר פיעל זומער־געסט צום ים, פון וואנען ס׳בלאזט שטענדיג א קיהלער ווינטעל. פאר מיר איז אבער דער חודש אפריל דא געווען זומערדיג געווען, גענוג ליכטיג געווען. און די צובליהטע אליעאנדרעס, וואס אויף יעדען שריט און טריט, וועלען לאנג, לאנג אין זכרון מיינעם אויפהאלטען אט די שעהנע ליעבע שטעטעלע, וואס הייסט גאלוועסטאן און וואס האט נאך א צונאמען: „די שטאט פון אליעאנדרען“.

---

דורכזיכטיג מיט אליוועו-קאליר איבערגעגאסען. וואו די ערד האט זיך מעהר צום הימעל ארויסגעבויגען, העכער די ברוסט ארויסגע־שטעלט — דארט איז דער גראז העכער און די גרינקייט זיכערער און טיעפער.

עס ציהט זיך א קאקארוזע פעלד אוועק. נאר וואס פון דער ערד דער דרייערדיגער, פיערערדיגער, ברייטע גראז-בינטעלע זיך ארויסגעשלאגען. עס טוט א בלאז א ווינטעלע איבער זייערע שפי־צען און די אלע בינטעלעך גרינינקע בויגען זיך אהין וואו דער ווינט איז אנטלאפען געווארען. וואו־ניט-וואו א הויז אין פעלד. ניטא קיין שטאל. די בהמות זומערען און ווינטערען אונטער'ן פרייען הימעל. א סך ערד פערמאגט דא איין מענש און איין הויז פון דער אנדערער איז דעריבער ווייט. פון דער ערד אליין קוקט אזוי פיעל ליעבע, אזוי פיל געדולד ארוים:

— צו וואס אזא קליין שטיבעל האסטו דא אוועקגעשטעלט און פאר וואס נאר איינע? — דאכט זיך ווינקט די ערד.

— פאר וואס בלויז צוויי קינדערלעך האסטו נעבען שטוב און ניט אזא גרויסע מחנה ווי די הינדעלעך, וואס לויפען נאך דער מא-מע-הון? אלע, אלע קען איך דאך מפרנס זיין; אלע, אלע קען איך טראגען; אלע, אלע קענען זיך צוזאם אנעסען...

און די ערד דא שמייכעלט מיט דעם אייגענעם שמייכעל ווי דארט אין ארגענטינע, די ווייטע לאנד, אויף ביים ברעג פון אט־לאנטיק. און די גרינע גראזען, וואס שלאגען זיך פון דער ערד ארוים שמייכלען און ווינקען מיט'ן אייגענעם חן, ווי דארט ווייט, אויף יענער זייט ים אין די פעלדער פון ליטא און פוילען... און דער עפעל וואס בליהט הינטער'ן פענסטער ביים פויער-הייזעל אטעמט מיט דעם אייגענעם שמעקענדיגען ריח, וואס דער עפעלבוים ערגעץ דארט אויף יענער זייט פון די שטיינערנע בערג, אויף יענער זייט, ביים ברעג פון ש ט י ל ע ן י ם.

ווייטער, ווייטער טראגט זיך דער צוג. מיט אמאל גאטס חסד האט זיך אבגעטאן פון א שטיק ערד. דער מענש האט זיך מיט זיין

צוטען ווילען צו איהר ניט דערנעהענטערט. עס האט איבער איהר די שליטה דער קארגער און טרוקענער ווינט.

אימיצער האט די גרויסע שטרעקע ערד אבגעקויפט. זעהר בילינ געקויפט. כמעט פאר אומזיסט אפשר געקראגען. אבער קיין ליעבע צו איהר האט ער ניט. קליין־געלט האט ער אויסגעגעבען און ער ווארט אז דערפון זאל גרויס־געלט ווערען. טיעפע זעק האט ער זיך אנגעגעהט פאר גאלדענע מטבעות אבער ניט פאר גאלדענע ווייץ און בריליאנטענע קארן. אט דאס פעלד בעלאנגט צו איהם; ער האט דעם קנין אויף דעם. האט ער עס מיט שטעכעדיגע דראטען ארומגעצאמט און אויף הפקר צום ווינט איבערגעגעבען. ער ווארט דארט און ווארט אין שטאט זיצענדיג, געניסענדיג דעם שטויב פון שטאט, ווארט ער אויף בעריכטען וואס קומען אן פון ווייטען צו איהם; וויפיעל איז דער מקח פון גאטס ערד געשטיגען. מיט וויפיעל קען שווערער זיין קעשענע ווערען? און דא אויפ׳ן פעלד וואקסען קאלטענעס־גראזען. גראבע גראזען. קומען פון דער ערד ארויס גראב און טרוקען; אפילו די קוה — גאט׳ס בעשעפעניש — קען זיי ניט צוקייען.

עס איז דערפאר, וואס די ערד האט מען נאך ניט צואקערט, און גאט האט נאך איבער די צואקערטע בראזנעם, זיין ברכה ניט געשיקט. עס איז דערפאר וואס קיין קערענדלעך האט נאך דער מענש מיט זיין האנט דא ניט געזעעט און מיט האפנונג דעם קערענדעל אין דער ערד אריין ניט בעגלייט. ערגעץ פון ווייטען האט דער ווינט אהער קערענדלעך געבראכט און נעלאזט זיי פאלען אויף א ניט-צואקערט פעלד, אויף א ניט־געבענשטען גרונט. און עס וואקסען דא גראזען ווילדע, גראבע, פאר׳ן ווינט א שפיעל, פאר׳ן שטויב צום רוהען. עס קען גאט׳ס רעגען זיי ניט דערוואשען, זייער גרינ־קייט גרינער מאכען.

אט דאס גרעזעלע וואס איז פון א ווייץ אדער א קארען, אדער א גערשט און אפשר פון א האבער, וואס איז אין דער ערד געלעגען און געקוואלען, אט די פרוכט וואס מענש און בהמה פיהלען אין דעם יערערער דעם טעם פון דער ערד — גיסט א רעגען וואשט ער

דעם גראז, מאכט זאט דער ערד און מאכט ליכטיג גרינען די גרע־זעלעך און בלעטעלאך וואס שפרייטען זיך און וויקלען זיך ווייט, גאר ווייט אוועק ביז צו דעם ברעג פון די הימלען, מזרח, מערב, צפון און דרום. פון וואנען עס זעהען זיך איינציגע הייזלעך; וואו עס בעווייזען זיך רויטע פלעקען, רויטע קיה און קעלבער אויף דעם גרינעם, אויסגעשפרייטען גראזען־קלייד און בלעטער־געוועב...

ווייטער, ווייטער שניידט זיך דער וועג. א דערפעלע זיך בע־וויזען, איין קלויסטערעל, איין שוהלע ארום וועלכער עס שוויבלען קינדערלעך. איין קרעטשעלע וואו מען פערקויפט אלץ און גאר נים. איין האטעל, א שטאק הויף און דריי פענסטער ברייט. דער צוג שטעלט זיך אב. א סך מענער און איין פרוי, א מיידעל, קומען צום באהן ארויס, בעטראכטען מיט בליקען פרעמדלאך די מענשען וואס געהען אויף א רגע פון צוג ארויס. מענער ברייטע, מיט ברייטע הענט און פלייצעס. די מיידעל א שלאנקע, ווינטיג, און מיט אומעט איז איהר לעבען פול געווארען ווייל באהנען געהן דא טאג און נאכט פערביי. און די מענער, יונגע, ברוינע פנים׳ער, קייען טאבאק און שפייען צו די רעדער פון אונזערע וואגאנעס. אט די איינע מיידעל אפשר מיט איהר ווינטיג און שארפע, דרייסטע בליקען, טיילט זי ליעבע צו די אלע מענער דא מיט די ברייטע הענט און פלייצעס און מיט ליעבע און מיט לוסט איז איהר הארץ נאך אלץ פול אי־בער די ראנדען. אפשר איינער פון די יונגען דא, וואס ברייט ערגעץ הינטער׳ן דערפעל גריינט שוין זיין פעלד, ער וועט אין די תבואות שפעטער זי בעגעגענען און זי וועט זיינע ווערען. וועט איהם א מאמע ווערען פריהער פון איין קינד און דערנאך פון א צווייטען; וועט זי איהרע בליקען אוועקנעהמען פון די באהנען וואס טראָ־גען זיך דורך די גרינע פעלדער און לאזען א בענקעניש נאך זיך איבער; לאזען א קלעמעניש אין הארצען איבער. עס וועט זיך מעהר איהר הארץ פרעהען צום לאכען פון איהרע קינדער, אדער נחת שע־פען הערענדיג דעם גערויש פון מילך־שטראמען אין גרויסען שעפעל אהיין ווען א יונג וועט די זאטע קיה איהרע מעלקען....

ווייטער, ווייטער טראָגט זיך דער צוג. דער טאָג איז שוין באַלד פערגאַנגען. די רעדער רוישען אַלץ טרוקען און טריקענער. עס ליגט אַ צייטונג נעבען מיינע פיס, אויף דער ערד אראָבגעפאַלען. מיט גרויסע אותיות, שרעקליכע אותיות, רויטע און שווארצע, דער־צעהלט מען פון שרעקען, פון מלחמות אויף דער וועלט. א הונגער אויף דער וועלט. דאָ אין לאַנד איז אויך מלחמה. דאָ אין לאַנד איז אויך א הונגער...

—ווער קלערט עס אויס אַזעלכע שרעקען ווען אַלץ ארום גרינט אַזוי שעהן?

מיט פרידען ווינקט דער בוים ווען אונזער צוג טראָגט זיך שנעל פערביי. אַזעלכע ברייטע וועלטען, אַזא רייכע ערד און הונגער נאָר זאָל הערשען!.. הונגער גאָר זאָל שרעקען...

אפשר דאָרט, די שטעט, די גרויסע שטעט — ווי רופט מען זיי דאָרט? שיקאַגאָ, ניו יאָרק און נאָך אַזעלכע שטעט אויף דער וועלט, וואָס פערגעסען האָב איך זייערע נעמען. זיי האָ־בען עס די מלחמות אויסגעקלערט און איצטער רופען זיי דעם הונ־גער אויך ארויס. אָבער דאָ — וו'הייסט א הונגער?! קען דאָ הונגער נאָר א טריט וואו שטעלען. אַזוי פיעל קערענדלעך אין דער ערד בע־האַלטען האָבען זיי אָנגעקוואָלען און גרינען איצטער; אַזוי פיעל תבואות נאָך אין שפייכלערס פאַראַנען. עפּעל, באַרנעס וועלען פרי־שע באַלד שוין צייטיג זיין. צוויי חדשים; דריי חדשים. און וואָס איז דעם מענשענ'ס לעבען אין די רייכע רחבות'דיגע געגענדען?... א אייבינער לעבען. אָהן סוף יאָהרען פון פריעדען דערצויגענע.

איז אמת, אז ערגעץ וואו איז איצט מלחמה? איז אמת, אז ערגעץ וואו האָט מען די פערד פון אקער אויסגעשפּאַנט, אין האַר־מאַטען איינגעשפּאַנט און טרייבען זיך איבער די נאָר וואָס אויפ־געגאַנגענע קאָרען און ווייצען-פעלדער, טרעטען און טויטען די מתנה פון גאָט, די ברויטען וואָס וואַקסען פון דער ערד ארויס?

אָט איז דער צוג שוין ווידער שטעהן געבליבען, מענשען, א גערעמעל אוים'ן סטאַנציע זיך פערזאַמעלט. א יונג, א שעהנער בע־

זעגענט זיך מיט'ן עולם. חריי מיידלעך, צוויי שוועסטער אין איהם גערעטען און איינע א פרעמדע. די מאמע אין מיטען. איין מיידעל א פרעמדע און דאך וויינט זי צום שטארקסטען. עס וויינט אין דער שטיל די מאמע, עס בייסען די ליפען און שלינגען די טרערען די צוויי שוועסטער, ס'ווישען די אויגען געזונטע מענער ארום, ס'גע־זעגענט זיך דער יונג, בייסט די ליפען. און עס ציטערט זיין פנים פון געוויין. עס ריהרט זיך דער צוג מיט'ן יונג. עס ציטערען די פנים'ער, עס פליסען די טרערען, עס וויינען דריי מיידלאך און א מאמע אין מיטען...

א מלחמה... מען רופט איהם אין מלחמה אריין. עס רופט די שטאט. די שטאט, וואס האט דעם ריח פון גראז אויף רויך פון פאבריק פערביטען, זי רופט די יונגען פון פעלד אין מלחמה אריין...

עס פאלט צו די נאכט. ניטא וואס צו זעהן דורך די פענסטער. עס לייכטען די עלעקטרישע לעמפלעך פון אויבען. די רעדער רוי־שען איצטער נאך שטארקער. דער גערויש פון די רעדער איז טרו־קען און פרעך, פון שטאט קומט ער דער שטאלענער קלאנג וואס הערשט איבער דער וועלט. איך פערמאך די אויגען און וויל דער טאג זאל זיך צו מיר אומקעהרען, כ'וויל נאך אמאל די גרינע פעלדער זעהען און מיט דעם גרויסען פרידען, וואס הערשט איבער זיי נאך אמאל מיין הארץ אנזעטיגען און בערוהיגען, אבער פאר די אויגען קומען ארויס יענע דריי מיידלאך און די מא־מע אין מיטען, וואס קלאגען און וויינען און... — — — — — — —

ס'איז ניט קיין חלום, ס'איז אויך ניט די ווירקליכקייט. ס'איז בלויז דאס לעבען צווישען ט ו י ט א ו ן ל ע ב ע ן.

———

# דענווער

יעדעס לאנד האָט זיך איין שטאָט וואָס אלע ווייסען איהר נאָמען; וואָס יעדער איינציגער וואָלט דאָרט געוועלט אמאָל אין לעבען זיין, פאָהרען אהין ניט פון געשעפטען וועגען נאָר אזוי זיך — בעסער פיהלען, שעהנער לעבען, זיך ארויסצוטאָן פון דער אלטעגליכער גרויקייט.

צו דעם סאָרט שטעט דאָ אין לאנד געהער ד ע נ ו ו ע ר, וואָס ביים שוועל פון קאלאראד-בערג.

די שטאָט ליגט פינף טויזענד פוס הויך, אויפ'ן מיטען וועג פון אטלאַנטיק צום פאַסיפיק. מיט דעם נאָמען דענווער אויף די ליפען פאָהרט יעדערער פון זיין היים ארויס, אויב זיין געדאנק איז דאָס לאנד דורכצושניידען.

און דער דענווערער אליין — ניטאָ קיין געגוג צערטליכקייטען און איידעלע ווערטער מיט וועלכע ער זאָל ניט דערמאָנען דעם נאָמען דענווער. ווען איך שרייב די ווערטער געפין איך מיר שוין ביי פינף און זיבעציג מייל ווייט פון דענווער און א סך העכער אין די בערג און מיינע געדאנקען זיינען נאָך מיט די לעצטע פאַר טעג מיינע אין דענווער.

וואָרים אין ערגעץ, דאכט זיך מיר, האָב איך זיך ניט אָנגע-זעטיגט אזוי גענוג מיט ליכטיגקייט ווי אין די לעצטע טעג דאָ אין דענווער. דאכט מיר, אז אין ערגעץ דאָ אין לאנד איז די ליכ-טיגקייט ניט אזוי ברייט, אזוי קלינגענדיג ווי ארום דענווער. מיר האָט זיך צייטענווייז אויסגעוויזען, אז די ליכטיגקייט ארום דענ-ווער קלינגט מיט מיליאָנען ליכטיגע גלאָקען און די קלאנגען גיי-סען זיך אין געשטאלט פון זונענשטראלען. די קאָלאָראדער בערג שליסען זיך האנט-ביי-האנט ביי די ווענט פון דער שטאָט. די שעה-נע, זוניגע טעג, וואָס זיינען אויסגעפאלען אויף מיין גורל, האָבען די בערג גאָר נאָהענטער צום שטאָט דערנעהענטערט און צייטענ-

ווייז האָט זיך מיר אויסגעדאכט: אָט באלד קומען זיי, די בערג אריין, אין שטאָט אריין, מיט דעם שניי אויפ'ן קארק און וועלען אין די פענסטער, אין די הייזער אריינקוקען. וואָרים די גרויסע ליכטיגקייט מאכט די בערג אויסזעהען צייטענווייז אזוי גרינג, אזוי נאָהענט, אזוי הארציג בעפריינדעט, כאָטש גיס זיך צונויף מיט זיי אינאיינעם; כאָטש ווער א טייל פון זיי און טראָג אין מיטען זומער דעם קלאָרען שניי אויפ'ן קאָפּ.

מיט פינף טויזענד פוס איז דענווער נאָהענטער צו די הימלען ווי ניו יאָרק. און מיט זונענשיין קענט איהר זיך דאָ אזוי אָנ־טרינקען, אזש פון די אויגען זאָלען שטראלען שיסען.

אבער צו גרויס אביסעל איז דענווער. צו גרויס; אזוי אמווע־ניגסטען דאכט זיך מיר אויס. פאר א שטאָט וואָס טוליעט זיך צו־פוסענס די פעלזען־בערג איז צופיעל דריטהאלבען הונדערט טוי־זענד איינוואוינער. צוויי הונדערט פופציג טויזענד מענשען־קינ־דער. איך וואָלט אָבער דער שטאָט ניט גערופען מיט'ן נאָמען דענ־ווער נאָר — האָפנונג.

ווייל נאָר די האָפנונג האָט אהער אזוי פיעל מענשען גע־בראכט. כ'מיין ניט די וואָס טראָגען זיך דאָ דורך ווי דער ווינט, אויפ'ן וועג צום שטילען ים. כ'בין אויסען די וואָס זיינען אהער געקומען און ווי מיט א מאגנעט האָט עס זיי צוגעצויגען צו די פיס פון די בערג. אָט דער ברוינער גרונט דאָ ציהט די מענשען צו זיך כאָטש טרוקען, זעהר טרוקען איז ער. אָט די פעלזען־בערג וואָס טראָגען שניי אויף זייער קארק ווינקען און כשופ'ן פון ווייטען. דורך זייער כשוף האָט זיך די שטאָט דענווער אויסגעבויט.

״...קומט אהער — ווינקען די בערג — קומט אהער און זעהט וואָס מיר טראָגען אין אונזער טיעפעניש! דאָס שעהנסטע, דאָס טייערסטע פון וואָס איהר מענשען־קינדער, חלומ'ט טאָג און נאכט. זילבער, גאָלד און איידעלע שטיינער; קוילען, קופער, צין און בליי. מיליאָנען דורות טראָגען מיר עס ביי זיך אין דער טיעפעניש; מיליאָנען דורות היטען מיר עס שוין אויף. קומט און טיילט זיך

מיט אונזער פערמעגען. מיר וועלען פאר זיך לאָזען דעם שניי וואָס וועט אין הייסען זומער בלאַנקען פון ווייטען אויף אונזערע שפּי- צען און איהר גראָבט זיך ביי אונז צופוסענס, גראָבט זיך וואָס טיעפער, וואָס טיעפער און קלייבט פון אונזערע אוצרות ארויס אלץ וואָס איהר קענט נאָר דערגרייכען אייער פערלאַנג צו בעפריעדיגען. היט זיך אָבער ווען איהר טהוט עס. וואָרים צו גליק איז דאָ אומ- גליק א ברודער. זיי זיינען א צווילינג, געהען צוזאמען און דאָרטען קענט איהר זיי ביידען בעגעגענען..."

אזוי האָבען די בערג מיט דעם שניי אויפ'ן קאַרק געוואונקען און געוואונקען. בעמערקט האָבען עס מענשען בראווע, מענשען דרייסטע, מענשען וואָס האָבען זיך ליעב מיט'ן לעבען בעגעגענען ביים שוועל פון טויט, ביים טויער פון אייביגען לעבען. אהער האָ- בען זיך געצויגען מענשען וואָס ווערען ניט זאַט מיט די געוועהנ- ליכע טעג אונטער געוועהנליכע הימלען; הימלען וואָס שפּרייטען זיך איבער א פּשוט'ען לעבען אין דער נידער, איבער'ן טאָל. אהער האָבען זיך געצויגען די זוכער פון גליק און האָבען אין איילעניש אויסגעלעגט ביים צופוסענס פון די בערג א שטאָט, וואָס האָט פאַר זיי בעדאַרפט בלויז פאַר א נאַכטלעגער דיענען. א סך פון יענע בראווע, פלינקע, מענשען נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אין די בערג בעגעגענט מיט דעם גלאַנץ פון גאָלד — האָבען זיי אויפגעעפענט זייערע אָדערען און פערבונדען זיי מיט די גאָלד־אָדערען וואָס אין די בערג. גאָלד האָט אין זייערע אָדערען, אין זייער בלוט אריינ- געשטראָמט און זיי זיינען שווער געוואָרען; האָבען זיך פאַר שווער- קייט פון די בערג אראָבגעגליטשט. איצטער זיצען זיי אין שטאָט און זייערע מ ע נ ש ע ן, גערונגענע, פרייע-קנעכט טהוען פאַר זיי זייער ארבייט אין די בערג. זייערע גערונגענע מענשען גראָבען זיך אלץ טיעפער און טיעפער אריין אין די פונדאמענטען פון די בערג, וואו גאָלד-אָדערען, זילבער-אָדערען, קופּער און קויל־אָדערען פלעכטען זיך ארויס פון הארצען פון די בערג און צולויפען זיך אויף אלע זייטען לענג און בנייט, הויך און נידעריג.

ניט די וואָס פערקויפען דאָ צאצקעס פאר טוריסטען זיינען עס דאָס הארץ און נשמה פון דער שטאָט. ניט זיי האָבען זייער לעבען פערקניפט מיט די אוצרות־סודות פון די בערג. דער ריכטיגער גייסט פון דער געגענד דאָ שפיעלט זיך אָב אין די איינצעלנע, גאנץ בעשיידענע הייזער וואו אין א פענסטער ליגען זיך גאנץ שטיל און בעשיידען אויסגעלעגט שטיקלעך מינעראלען; גאָלד־רודע, זילבער־רודע און מיט קליינע נומערלעך פערצייכענט מיט קליינע, שטילע אויפשריפטען — אין וואָס פאר א מינע מען האָט עס געפונען פון וואָס פאר א טייל בארג מען האָט עס ארויסגעפונען.

אָט די אלע שטיקלעך רודע אין די פענסטער זיי זיינען עס די אָנזאָגער פון גרויס גליק; זיי ווינקען צו מענשען ריזיקאנטען, זיי זאָלען זייער שיקזאל מיט די קאלאראדער בערג פערבינדען.

אָבער ניט אלע, וואָס האָבען זייער לעבען מיט די סודות פון די בערג פערבונדען האָבען אין זייער לעבען מיט גליק זיך בע־געגענט. די האָפנונג האָט זיי פערפיהרט און צוריק אויף דעם פשוט׳ען לעבענס־וועג ניט אומגעקעהרט...

פאראנען אָבער נאָך אנאנדער עולם וואָס ציהט זיך אהער. אנאנדער מין מענש, וואָס ניט דער גלאנץ פון גאָלד און דער קלאנג פון קופער ציהט איהם אהער. נאָר די שעהנע, ליכטיגע זומער־טעג, די בלוי־בלויע הימלען ווינקען און כשופ׳ען צו איהם פון וויי־טען; מאכען אז דער נאָמען ד ע נ ו ו ע ר זאָל קלינגען מיט האָפנונג און לעבען.

קיין דענווער קומט אויף דער עולם, וואָס האָט ערגעץ אין די גרויסע שטעט זיצענדיג געבויגען ביי א שטעפ־מאשין, אדער וויקלענדיג סיגארען, אדער טרינקענדיג צופיעל פון דעם לעבענס־בעכער, אדער — גאָר אפשר אמאָל ניט דערעסענדיג און פון צו־פיעל זארג, אָט אלע, אלע, דאָ און דאָרט, וואָס האָבען פלוצלונג אין לעבען זייערע צולעכערטע לונגען דערשפירט; און פונקט אין פריהלינג ווען די פעלדער ציהרען זיך און גרינען, פארבט זיך זייער לעבען רויט, פארבט זיך זייער לעבען מיט זייער אייגען בלוט — אט

די אַלע ציהען זיך אַהער. ניט צום בלישטש פון גאָלד נאָר — צום ליכטיגען טאָג, צו די קלינגענדיגע זונענשטראַלען.

דענוועד איז פאַר א י י נ ע ר א אָרט וואו זי קומט העל־פון דעם מ אַ ן טראָגען זיך אין גאַלאָפּ אויפ'ן וועג פון גליק, און פאַר איינער — א שטילער ווינקעל וואו זיך אויסצוהוסטען און אויסוויינען און מיט שרעק פאַרנעהמען צום קלאַפּען פון אייגענעם האַרצען.

כ'האָב געזעהען ערנסטע פערטראַכטע לייט אומגעהענדיג צווי שען די בערג, אין די מינען־געגענדען, בעטראַכטענדיג די בערג־רודע, וואָס איז פון דער מינע אַרויסגעפיהרט געוואָרען און זייערע מחשבות האָבען זיך אַלץ טיעפער און טיעפער אין באַרג אַריין גע־גראָבען...

און איך האָב געזעהען אַזעלכע מיט איינגעפאַלענע באַקען און וואָס א פייער האָט אין דער איינגעצויגענער הויט געשפּיעלט און מיט א ווידער דורשטיגקייט האָבען זיי די ליכטיגקייט געשלונגען; געוואָלט דעם גאַנצען ליכטיגען טאָג אין זיך אַריינזאַפּען. אַהער קומען מענשען, וואָס זייער לעבען איז ווי א קריסטאַלענער לייכטער אויף דר'ערד געפאַלען און אויף פּיצלעך זיך צעשפּליטערט און זיי לאָזען זיך קלייבען די שפּליטערס, ווילען דעם לייכטער גאַנץ מאַכען און ווידער איהם אָנצינדען און פון זיין ליכטיגקייט געני־סען.

און זעהר פיעל וואָס האָבען געוואָלט מיט זונען־שטראַהלען זייער האַרץ היילען, די לונגען פערצירעוועז, די וואונדען פערווע־בען, זיינען אהער געקומען און אונטער די בלויע הימלען דאָ האָט זיך זייער לעבען אויפ'ס ניי אָנגעהויבען, זיכער און רוהיג, און אָנ־שטאָט דעם וועהטאָג אין האַרצען האָט זיך צו זיי אין זייער גאַנ־צען וועזען אַריין פערקליבען א שעהנע ליכטיגע ליעבע צו די פעל־זען בערג דאָ, וואָס טראָגען דעם שניי אויף זייערע קעפּ אין די הייסע תמוז־טעג...

● פאַראַן דאָ אין לאַנד א שורה שטעט וואָס ליגען ביים ברעג

פון אטלאנטיק; פאראן אויך שטעט ביים ברעג פון שטילען ים. די מענשען וואס ביים מזרח־ראנד פון לאנד בענקען צום ווייטען מערב. און די פון דער שעהנער ווייטער ו ו ע ס ט בענקען און ציהען זיך צו די ברעגעס פון אטלאנטיק. טאג־איין טאג־אויס פיהרען די באהנען אויסגעפוצטע לייט, וואס מיט א נערוועזער נייגעריגקייט אין זייער וועזען; פון מזרח קיין מערב און פון מערב קיין מזרח ציהען זיי און דענוועער איז דער מיטעלפונקט פון לאנד וואו די לייט וואס פערבינדען דעם אטלאנטיק מיט'ן פאסיפיק, שטעלען זיך אב צו רוהען. יעדער טראגט דעם נאמען ד ע נ ו ו ע ר אויף זיינע ליפען פון דער תיים ארויספאהרענדיג. סיי די קינדער פון דער ג א ל ד ע נ ע ר ו ו ע ס ט, סיי די קינדער פון דער ש ט א ל־א ו ן־ש ט י י נ ע ר נ ע ר א י ס ט שטייגען דא אויס און מיט אזא נאאיווער, קינדערשער נייגעריגקייט בעטראכטען זיי אלע וואס די שטאט פערמאגט. און כאטש די שטאט פערמאגט אליין גאר ניט אויסער זונענשטראלען, בלויע הימלען און די בערג וואס שליסען זיך האנט אין האנט ביי די גרענעצען פון דער שטאט, דאך איז פאר די פרעמדע דער נאמען ד ע נ ו ו ע ר שעהן און דערהויבען.

זיי לאזען זיך פיהרען דורך די גאסען דורך פיהרער, וואס מאַ־כען אן ערנסטע מינע און רעדען פון יעדער קלייניגקייט מיט דעם טאָן פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. כאטש די הייזער זיינען גרוי און נאקעט, די גאסען ווי אלע גאסען פון א ניט־שעהנער שטאט, און דאך בעמערקט איהר ווי די אלע פרעמדע קוקען מיט אויגען פון פערליעבטע צו יעדען איינפאכען בנין וואס קומט זיי אן אין זייער וועג.

זיי זיינען פערליעבט און, ווי קליינע קינדער קויפען זיי זיך איין סואווענירס, צאצקעס קינדערשע, מיט דעם אויפשריפט "דענ־ווער"...

די בערג און די ליכטיגע טעג האבען א כשוף אָבגעטאָן די

קינדער פון דעם לאַנד און אין זייערע כשוף־נעצען זעהט אוים בין איך אויך געפאַנגען...

---

## שטיין-קויהלען

מען הערט זיך אַן פיעל מעשיות פון דעם לעבען אונטער דער ערד; ניט וועגען ווערעם, וואָס לעבען אין דר׳ערד, נאָר איבער מענשען וואָס פערברענגען אונטער דער ערד די  ט ע ג  פון זייער לעבען. גאָלד-זוכער, קויהלען-גרעבער. מען לייענט פון די אומגליקען, קאַטאַסטראָפעס, וואָס טרעפען מיט די מענשען, וואָס לאָזען זיך אוועק אונטער דער ערד — ניט גליק זוכען, נאָר איינפאַך זייער ברויט צו פערדיענען; ארבייטער, וואָס ארבייטען אָב זייער טאָג און בעקומען די ארימע, בעשיידענע שכירות.

אמאָל פרעגט מען קשיות רעדענדיג וועגען אזוינע זאַכען און מען נעפינט פאר זיך גלייך אַן ענטפער. מען פרעגט:

— פאר וואָס נעפעלט גראַדע אָט די מענשען צו ארבייטען  א ו נ ט ע ר  דער ערד ווען מען קען ווי ס׳איז ברויט פערדינען אויף דער ערד, אונטער׳ן הימעל?

און מען ענטפערט:

— אימיצער מוז דאָך טאָן אָט די אלע געפעהרליכע און אונאנגענעהמע מלאכות; אימיצער מוז דאָך צושטעלען גאָלד פאר דער וועלט, זילבער, קופער, אייזען, צין; און ווער זאָגט נאָך אזא נויטיגען ארטיקעל ווי שטיין־קויהלען, וואָס אָהן דעם קען מען גאָר אין דער גרויסער שטאָט ניט אויסקומען....

מיר איז אויסגעקומען גאַנץ אפּט צו הערען פון מענשען, אז אָט די אלע לייט וואָס לעבען אָב זייערע טעג  אונטער דער ערד פיהלען זיך בעסער פון זייערע קאַמעראַדען, וואָס ארבייטען שווער און ביטער  א ו י ף  דער ערד. קויהלען־גרעבער ליעבען די לופט

אונטער דער ערד, ווייל די טעמפעראטור איז שטענדיג א גלייכע.

אפשר. נאר, אז איך האב מיך דערשפירט א מייל טיעף אונ־טער דר'ערד, צווישען ענגע קויהלען-ווענט און נידעריגען קויהלען־געוועלב איבער מיין קאפ, האב איך דעמאלט איינגאנצען פערגעסען צו קלערען ווי אזוי ס'פיהלט דער סלאוו, נעגער אדער איטאליע־נער — כהאב זיך בלויז איבערגעגעבען מיינע אייגענע געפיהלען און איבערלעבונגען. איינגאנצען איין מייל אונטער דער ערד פער־בראכט, און בלויז צוויי שעה, און דאך, שוין באלד הריי טעג, אז ס'איז געשעהען און כמעט יעדער ווײלע קעהרען זיך אום צו מיר יענע איבערלעבונגען אין קוילען־גרוב, איין מייל אונטער דער ערד.

איך מוז מיר גאנץ פשוט מודה זיין, אז ווען מען האט מיר אנגעטאן א ספעציעלע היטעל מיט א שווערען לעמפעל אויף מיין שטערען, אט די אייגענע לעמפלעך, וואס די קויהלען־גרעבער טרא־גען אויף זייער שטערען, צו בעלייכטען דעם פלעק וואו זיי שטעהען און וואו זיי בעדארפען מיט'ן שפיציגען האמער דערלאנגען — אז כ'האב דערפיהלט אט די היטעל אויפ'ן קאפ, האט זיך מיר עפעס אין הארצען אבגעריסען, א סקרוך איז מיר דורכגעלאפען דורך מיין גאנץ לייב און באלד האב איך דערשפירט, אז פון דער פרעמדער היטעל קומט אזא טעמפע רוהיגקייט און קלייבט זיך אריין אין מיין מוח. איך בין געגאנגען צום מייל פון דער קויהלען־מינע מיט דער אייגענער "פעסטקייט", וואס דער העלד ביים צאהן־דאקטאר בעת ער עפענט דאס מויל, דער רופא זאל איהם א צאהן רייסען. און אפשר איז עס א קליינער טהייל פון דער רוהיגקייט וואס בעהערשט דעם פער'משפט'ען ווען ער ווערט געפיהרט צו דער תליה אדער עלעקטריק שטוהל.

און איך גלויב, אז יעדער נייער קויהלען־גרעבער ווען ער בע־דארף זיך צום ערשטען מאל אראבלאזען אונטער דער ערד איז פון אזא געפיהל ארומגעכאפט. וואס מען פיהלט טיעף אונטער דער ערד איז שוין עפעס אנדערש. דארט איז מען אנאנדער בעשעפעניש. דארטען איז רוהיג, שטיל. אפשר אביסעל צו שטיל צייטענווייז.

און א ביסעל צו רוהיג...

מיט מיין לעמפּעל אויפ'ן שטערען, האָב איך זיך ארייננעזעצט אין איינעם פון די קליינע פלאכע וואגאָנעלאך, וואָס זיינען אָנגעלאָדענע מיט קויהלען פון אונטער דער ערד ארויסגעשלעפּט געוואָרען, מיט דעם כח פון פאָרע וואָס די ריעזיגע קעסלען בעשאפען ניט ווייט פון מויל. כ'האָב מיר אינ'ם קוילען שטויב ארייננעזעצט, דעם קאָפּ איינגעבויגען צו די קניה. נאָך דעם ווי די גאנצע קויהלען איז געוועזען אויסגעלאָדען, אלץ פארטיג, האָט זיך דער צוג פון אָרט א ריס געטאָן און מיט א טרוקענעם געררויש זיך אוועקגעקייקעלט אין בארג אריין, אלץ טיעפער, ווייטער, ווי א פייל פון בויגען, האָבען זיך די וואגאָנעלאך געטראָגען דורכ'ן שמאָלען, פינסטערען טונעל. אזוי איינגעבויגען אין דרייען, אז כ'זאָל דעם קאָפּ ניט צושמעטערען אין דעם קוילען־געוועלב, האָב איך אָנגעהויבען צו שפּירען דעם גרויסען בארג וואָס איבער מיר. וואָס ווייטער און טיעפער איך בין אונטערן בארג געקומען, אלץ קלענער און קלענער האָב איך מיך דערשפּירט אזש קליין און נישטיג ווי אָט דער רעגענוואָרעם האָב איך מיך דערשפּירט.

די וואגאָנעס זיינען מיט אמאָל שטעהן געבליבען. דאָ איז דער הויפּט פּונקט פון וואנען די וועגען צולויפען זיך אויף אלע זייטען, פון דאנען האָב איך מיר גענומען לאָזען צופוס. מיין בעגלייטער וואָרענט מיר כ'זאָל זיך היטען דעם קאָפּ ניט צושלאָגען. דער טונעל איז נידריג און ס'קומט אויס צו געהן כסדר איינגעבויגען, אונטען צווישען די שמאָלע רעלסען פאר וואגאָנעלעך וואָס ווערען מיט מויל־אייזלען געשלעפּט. כ'בין א ווײלע געבליבען שטעהן און זיך אָנגעהויבען צוצוהערען צו אלץ ארום. שטיל. אן אונטערערדישעם שטילקייט. איך האָב געקענט הערען דעם וועלט־געררויש, וואָס געהט ארויס פון מיין קאָפּ דורך די אויערען. די לופט ווערט אהער פון דרויסען געטריבען דורך מאשינען. מען שפּירט ניט אז דאָ איז ווינציג לופט. איין זאך אָבער איז מיר געווען קשה'דיג: פאר וואָס שלאָגט א פאָרע פון מיין מויל אנטקעגען ליכט פון מיין לעמפּעל,

גלייך ווי אין ווינטער, און מיין העמד קלעפט זיך מיר צום לייב, כאטש כ׳בין ניט פון די שוויצער?

באלד האב איך אנגעהויבען צו פערנעהמען פון דער שטיל־קייט אזעלכע געהיימניספולע גערוישען.

— וואס רוישט עס אזוי ווי א וואסער ערגעץ ווייט?

— דאס הערט מען ווי די לופט קומט אן אין די זייטיגע קא־מערען.

— וואס קנאקט עס אזוי אין די ווענט, גלייך ווי אימיצער ברעכט האלץ אויפ׳ן קניה?

— דאס דריקט די משא אויף די ווענט; שטיקער קוילען־שפע־נער פלאצען אב פון די ווענט. ניט קיין געפאחר.

מיט אמאל האבען זיך דערהערט טריט פון פערד און גע-רויש פון אייזערנע רעדער האט זיך געלאזט פיהלען אין די רעלסען ביי מיינע פיס.

— וואס איז עס?

— דאס קומען אן מויל-אייזלען, זיי פיהרען ארויס קויהלען צום צענטער. לאמיר זיך בעהאלטען ווארים דער וועג איז דא שמאל און דער וואגאן קען אין אונז פערטשעפען.

מיט א הונדערט טריט ווייטער איז געוועז א לאך אין וואנט, ווי א גרויסער אויוועז, און כ׳האב מיך אהין אריינגערוקט; די פיס אונטער זיך און בעלויכטען מיט מיין לעמפעלע נעבען מיר, זייט ביי־זייט, מיין בעגלייטער, אויך א קויהלען-גרעבער, וואס איז דער-הויבען געווארען צו א העכערער מדרגה.

אזוי אין הייל זיצענדיג און צוהערענדיג זיך צום גערויש פון ווייטען, האב איך געוואלט פרעגען מיין בעגלייטער, ווי אזוי עס פיהלען זיך קויהלען-גרעבער לעבענדיג אט אזא לעבען? כ׳האב אבער ביים שיין פון לעמפעל דערזעהען זיין פנים, וואס איז נא־הענט צו מיין פנים אויסגעקומען און כ׳האב פערשפארט צו פרעגען. ווארים וועז ער ענטפערט מיר ווי דער שטייגער דא: א ל ל־ר י ט! וואלט איך דאך איהם סיי ווי ניט געגלויבט.

צוויי מויל־אייזלען זיינען אָנגעקומען, לויפענדיג אונטער דעם קנאַק פון א בייטש שלעפענדיג א וואגאָן קויהלען. מיט דער בייטש קנאַקט א געשטאַלט פון א מענש וואָס שטעהט ביי דער הינטער־שטער טייל פון וואגאנעלע. ביים שוואכען שיין האָב איך בעמערקט ווי די מויל־אייזלען בויגען איין זייער רוקען אין דער העלפט, ניט אָבצושלאָגען זיך אָן דעם טונעל־געוועלב און אזוי איינגעבוינגענער־הייד זיינען זיי פערבייגעלאָפען און פערשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערניש. מערקווירדיג ווי נאָך פון דער וויטענס האָב איך בעמערקט ווי די אויגען האָבען ביי זיי געברענט ווי ביי א קאַץ אין דער פינסטערניש. מען זאָגט, אז זיי ווערען דאָ בלינד אין די שאכטעס. ביים שיין פון לעמפעל האָב איך נאָך א זאך בעמערקט, אז די מויל־אייזלען האָבען זעהר א געזונטען און פעטטען אויסזעהן כאָטש זיי קומט אויס צו שלעפען די משא איינגעבויגענערהייד און ס׳האָט מיר געוואונדערט פאר וואָס מיין בעגלייטער האָט אזעלכע איינגעצויגענע באקען...

מיר האָבען זיך אוועקגעלאָזען ווייטער צופוס. וועגען און הינטער־וועגען. הויפט גאסען און זייטיגע קאמערען. מיט א סדר צושניטען און צומאָסטען און כסדר די סאָלידע קויהלען־ווענט. אויף די ווינקלען אויפשריפטען, נומערען פון די גאסען. די קויהלען־ווענט גלאנצען און פינקלען מיט זייער שווארצקייט אנטקעגען דעם שיין וואָס אויף מיין שטערען.

ס׳הויבען זיך אָן צו דערהערען איינציגע קלעפּ. מיט שפיציגע האמערס האקט מען ערגעץ אין וואנט. ווייט גאָר ווייט איז עס נאָך. דאָרט, אין דער ווייטקייט ווינגט זיך א רויטליכער שוואכער שיין. אין דעם שיין וויגען זיך צוויי שאָטענס פון מענשען. מיינע אויגען האָבען זיך צוגעוואוינט צו דער טונקעלקייט און כ׳זעה גאנץ גוט פון ווייטען. דאכט זיך מיר, אז מיין לעמפעל אויפ׳ן שטערען איז מיר איבעריג. איך קום אַלץ נאָהענטער צו די שאָטענס וואָס בעוועגען זיך און ווארפען דעם רויטליכען שיין פון זיך און — זיי בעקומען א ממשות. מענשען. דאָס זיינען צוויי קויהלען־גרעבער ביי

דער ארבייט. צוויי-ווייז, צוויי-ווייז, נעמינען זיי זיך ביי זייער ארבייט יעדער אין זיין גאס, ביים עק גאס, מיט'ן פנים צום וואנט און האקען, און האקען די סאלידע קויהלען-וואנט און מאכען דעם טונעל אלץ טיעפער...

— העלאו!

זיי ענטפערען שטיל. לאזען אראב זייערע שפיציגע האמערס, קערען אב זייערע פנים'ר צו אונז קוקען און שמייכלען, די פנים'ר שווארץ. בלויז וואו דער טראפען שוויים האט זיך אראבגעקייקעלט איז געלבלאך. מיר האכט זיך, אז אט די צוויי מענשען האבען גאר קיין שום שיכות ניט מיט די אלע וואס לעבען אויף דער ערד. דאכט זיך, אז קיין מאל וועלען זיי די ליכטייקייט פון טאג ניט זעהן. זיי זיינען פון בייזע רוחות פערשאלטען געווארען און פער־משפט געווארען אזוי דעם גאנצען לעבען צו שטעהן מיט'ן פנים צו דער שווארצער קויהלען־וואנט און מיט שפיציגע האמערס האקען, האקען; אלץ טיעפער און אלץ לענגער דעם פינסטערען אונטער־ערדישען וועג מאכען.

מיין בעגלייטער אבער פרעגט זיי — וויפיעל זיי האבען נעכ־טען געמאכט? און איינער ענטפערט:

— אכט דאלאר. צו פיער דאלאר אויף א מענשען.

די אילוזיע ווערט פערשוואונדען. עס זעהט אויס, אז זיי האבען דאך א שיכות מיט אונזער וועלט. ד א ל א ר ס פ י ע ר, א כ ט. ס'אי דאך די שפראך פון מענשען אויף דער ערד. די שפראך פון אונזער לעבען. זיי זיינען פערדונגענע דא. ניט קיין פער־משפט'ע, זיי ארבייטען און קריגען בעצאהלט פאר זייער ארבייט. ניט קיין פערשאלטענע. פרייוויליגע.

טא פאר וואס אבער זעהען דא אויס די מויל-אייזלען אזוי פעסט און אזוי געזונט, און די מענשען, פרייוויליגע, אזוי איינגע־צויגען און אויסגעדארט? ס'רינט דער שוויים פון פנים, א שווארצער שוויים אויסגעמישט מיט'ן קויהלען-שטויב און ער רינט אראב ביז צום אויסגעצויגענעם תאלז, דער שוויים־טראפען קייקעלט זיך

און ווערט פערשוואונדען אונטער די קליידער און דארט געווים בע־
נעגענט ער זיך מיט נאך שווייס־טראפענס, שוין ניט אזוי ברודיג,—
אבער פון דעם אייגענעם לייב ארויסגעקומענע... פאר וואס?

דאכט זיך יונגע מענשען נאר, און דאך זעהען זיי אויס דורות־
אלט; אט ווי דער בארג וואס איבער אונז — אזוי אלט....

— ארבייט, ארבייט; א שאד די צייט. איהר ארבייט דאך פון
טאג.

און זיי זיינען אין זייער נעדאנק מסכים דערצו. נעהמען זיך צו
דער ארבייט. איינער הויבט אויף זיין שפיציגען האמער און הויבט
אן צו האקען אויטאמאטיש אין דער נידער, נעבען זיינע טריט האקט
ער אלץ טיעפער און טיעפער דעם שפיציגען האמער אין וואנט
אריין. דער אנדערער נעהמט א לאנגען עגבויער, וואס האט פון דער
אנדערער זייט אזא אויסגעבוינענעם, ברייטליכען אנלען פאר'ן
ברוסט. און ווען ער שטעלט צו דעם שפיץ פון בויער צום וואנט
שפארט ער אן זיין מאגערע, ביינערדיגע ברוסט אן דעם אנלען,
דריקט פעסטער, פעסטער הרעהענדיג דעם בויער אין וואנט אריין,
בויערענדיג אלץ טיעפער און טיעפער די לאך אין דער שווארצער
קויהלען־וואנט. אז ער וועט מיט זיין ברוסט און עגבויער גענוג
טיעפע לעכער מאכען, וועט ער דערנאך זיי מיט פולווער אנפילען,
אונטערצינדען דעם קנויטעל, אנטלויפען, זיך אין א ווינקעל בעהאל־
טען אוןווארטען ביז עס וועט אויפרייסען...

פון זייער ארבייט ווערט דער קויהלען-שטויב געדיכטער און
ער ווירבעלט זיך ביים שיין וואס שלאגט פון מיין שטערען-לעמ־
פעל. איך שפיר, אז איך האב איהם דעם שטויב אין מיין גאנצען
וועזען. פון מיינע לונגען צוגעהט ער זיך אין אלע ווינקעלעך פון
מיין זינדיגען גוף און ער בעשאפט עפעס א מין טרוקענעם גערויש
אין מיר...

מיין בעגלייטער דערמאנט מיך, אפשר איז שוין צייט פאר
מיר ארויסצוגעהן פון דאנען און איך — איך פערשטעה זעהר
שלעכט זיין מיין. וואוהין בעדארף איך געהן?

איינגאנצען א פּאָר שעה פערבראכט און כ׳שפּיר, אז צווישען מיר און דער וועלט, וואָס כ׳האָב מיט א פּאָר שעה צוריק פערלאָזען, הערשט שוין עפּעס א מין פרעמדקייט. וואָס וועל איך דאָרט טהאָן?

דער ערשטער מענש, וואָס וועט מיך בענעגענען, וועט בעמער־קען מיין פערמאָרזעט פּנים און וועט געוויס פרעגען:

— געוועזען אין א קויהלען־גרוב, איז עס עפּעס אינטערעסאנט?

— וואָרים אזוי איז דאָך דער געוועהנליכער שמועס צווישען די איבעריגע מענשען אויף דער ערד. און איך האָב זיך שוין אזוי צוגעוואוינט צו דער שטיינערנער שטילקייט דאָ אונטער דער ערד. מיר הויבט זיך אָן צו דאכטען, אז ניט קיין וואָרעם בין איך דאָ נאָר בלויז א קליין מילבעלע וואָס האָט זיך פערקליבען ווייט ווייט אונטער׳ן בארג. ווען כ׳וועל דאָ נאָך לענגער בלייבען, וועל איך פערוואנדעלט ווערען אין א שטויבעלע, א קויהלען־שטויבעלע אין א שפּאלט פון דער שווארצער וואנט.

— נו, ווי געפעלט עס דיר? — פרעגט מיך פּלוצלונג מיין בע־גלייטער?

— האַ?

— ס׳איז דאָ נאָר ניט אזוי שרעקליך ווי איהר אלע שטעלט זיך פאָר דאָרט אויבען. דאָ ווערען גע׳הרג׳עט ווינציגער מענשען ווי אויף דער ערד.

עס קומען אָן ווידער א פּאָר מויל־אייזלען בויגען זיך צו דער ערד און אזוי איינגעבויגענערהייד טראָגען זיי זיך דורך, שלעפּענ־דיג מיט זיך דעם קויהלען־וועגעלע אויף די שטאָלענע רעלסען. ס׳הערט זיך א קנאק פון א בייטש.

— וויפיעל געמאכט נעכטען? — שרייט מיין בעגלייטער, אהין, וואוהין דער געוויש איז פערשוואונדען. און פון דאָרט קומען זיך צוטראָגען אן ענטפער:

— פיער!

א שטימע פון א מענשען, וואָס שטעהט געוויס פון הינטען אויף זיין וועגעלע, נאָר דורכפאָהרענדיג אין דער פינסטער, האָב

איך אפילו זיין שאָטען ניט בעמערקט.

מיר קומען ווידער ארויס צום הויפּט-וועג. צום צענטער. פון וואנען ווענען צולויפען זיך אויף אלע זייטען. כ'האָב מיר ארייננע-זעצט אין א לעדיגען קויהלען-וואָגען וואָס איז געשטאנען אויף די רעלסען, אין דעם קויהלען־שטויב וואָס כ'האָב געשפּירט אונטער זיך, האָב איך מיך גאנץ גוט געפיהלט. מיין בעגלייטער האָט מיט א לאנגען אייזען א שניט געגעבען אין צוויי דראָטען, וואָס האָבען זיך איבער אונז נעצויגען. פונקען האָבען זיך א שאָט געטאָן. ס'איז אן עלעקטרישער סיגנאל צו דער וועלט וואָס דרויסען. צו דער גרוי-סער דינאמא מאשין דאָרט ביים מויל פון קויהלען־גרוב — און אונ־זער וואנאָנעלע האָט זיך פון אָרט א ריס געטאָן, טראָגענדיג מיך און מיין בעגלייטער.

מיט א ווילדער קראפט האָט עס אונז געריסען בארג ארויף, בארג ארויף אלץ נאָהענטער צום ארויסגאנג פון דעם שטאָלענעם געדויש האָב איך געמיינט, אז די ווענט פון טונעל ווערען אָט, אָט צוטרייסעלט. פון ווייטען האָט זיך בעוויזען א דורכזיכטיגער זילבערנער פלעק. דאָס איז דער ארויסגאנג פון דער מינע, וואו דער ליכטיגער טאָג האָט גערוהט. וואָס נעהענטער צו יענעם העלען פלעק, אלץ פערענדערטער בין איך געוואָרען.

כ'האָב געשפּירט ווי פון שטויב ווער איך צוריק אין מענש פערוואנדעלט און דער לעמפּעל אויף מיין שטערען איז מיר שווער געוואָרען ווי דער בארג פון אונטער וועלכען איך בין ארויסגעקומען. און ווען דער וואגאָן האָט זיך מיט אימפּעט ארויסגעטראָגען פון בארג ארויס און אין טאָג אריין זיך אריינגעשניטען — האָב איך געשפּירט ווי איך בליה אויף; אוים מילב און אוים שטויב! דעם גאנצען רוים צווישען הימעל און ערד מאך איך מיט מיין וועזען פול...

...און לאנג, לאנג דאכט זיך מיר וועט עס דויערען, און ווען איך וועל זיצען ביי א קאמין וואו שטיין־קויהלען וועלען גליהען און וואַרפען פון זיך א רויטען שיין, וועט זיך פאר מיר אין יענעם

רויטען שיין בעווייזען יענע קויהלען-וואנט אונטער דער ערד, אונ-טער דעם הויכען בארג; ביי דער וואנט צוויי מענשען-געשטאלטען; איינער מיט א שפּיציגען האמער און דער אנדערער מיט א לאנגען עגבויער; האקען און בויערען די קויהלען-וואנט. דער שיין, וואס פאלט פון די לעמפּעלעך אויף זייערע שטערנס צו דער שווארצער וואנט — פאלט פון וואנט אויף זייערע פּנים׳ער. א טייל פון פּנים איז בעלויכטען; בעלויכטען איז דער לאנגער, אויסגעצויגענער האלז, און אזוי איבער דער אבגעדעקטער, ביינערדיגער ברוסט, ביז זיי ווערען אונטער די קליידער פערשוואונדען...

---

## קאלאראדאָ־ספּרינגס

כ׳האָב ביי א חודש צייט פערבראכט אין די קאָלאָראדאָר בערג, דער שטאָלץ פון לאנד, און מיר האָט זיך גאנץ אפּט אויסגעדאכט, אז ניט לאנג וועט עס דויערען און איך וועל ווערען א טייל פון זיי.

וועלטען ווערען געבוירען פאר דיינע אויגען און וועלטען געהען אונטער יעדער רגע, ווען דו לעבסט אין שכנות מיט די גרויסע פעלזען־בערג. און אז דיר געלינגט זיך איינצולעבען מיט זייער לעבען, הויבען זיי אָן צו מאכען זייער וועג דורך דיין הארצען, גיסען זיך אין דיין בלוט אריין.

ווען די וואָלקען בעהאלטען זיך ערגעץ ווייט אהינטער זיי, און די זונען־שטראהלען דעקען אָב זייער גרויסקייט — ווי נאָהענט זיי־נען זיי יעמאָלט צו אונז! דאכט זיך אָט קומען זיי צו, דערנעהענטע־רען זיך צו דיר מיט זייער דורכזיכטיגער גרויסקייט. קענסט הערען א שטימע אזוי גרויס און אזוי צערטליך:

— ברודער מיינער, דו מענש, זעהר ווינציג פעהלט דיר, דו זאָלסט מיט דיין קאָפּ אונטערשפּארען די הימלען, און די זונען־שטראהלען און די קאלטע טויען אינאיינעם זאָלען אויף דיין קאָפּ

רוהען...

גאנץ אנדערש אבער, ווען איבער די בערג לאזען זיך אראב לייכטע נעבלען און פערשלייערען זיי — ווי הויך זיינען זיי יעמאלט און ווי ווייט זיינען זיי יעמאלט פון דיר! שווער איז אפילו צו חלום'ען פון זייער נאהענטקייט. מיט די בליקען קען מען זייער גרויסקייט ניט ארומכאפען און אלץ העכער און העכער שניידען זיי זיך אריין אין די הימל-געוועבען. מיט זייערע שארפע שפיצען צושניידען זיי די הימלען און אלץ העכער און העכער שטייגען זיי. דאכט זיך, אט באלד וועלען זיי זיך אברייסען פון דער שפל'דיגער ערד, וועלען ווערען פערוואנדעלט אין וואלקענס, אין טוי וועלען זיי ווערען איבערגעביטען און, אז די זון וועט זיך בעווייזען, וועלען יעמאלט שוין מעהר ניט זיין קיין בערג צו זעהן; בלויז זייערע שפורען וועט מען נאך זעהן, דארטען ביים זוים פון די הימלען, אין געשטאלט פון ווייסע וואלקענדלעך, אזוי ווייס ווי דער שניי וואס האט גערוהט אויף די העכסטע שפיצען פון די בערג...

און קאלאראדא־ספרינגס איז אפשר דער שעהנסטער ווינקעל אין די בערג. זעקס טויזענד פוס הויך ליגט אט די שעהנע נעסט פון מענשען־קינדער מיט זייערע הייזער האק־און־פאק. און אויב די שעהנקייט, די דערהויבענקייט פון די בערג האט אהער דעם קליינעם בינטעל מענשען אראגעבראכט און דא זיי בעזעצט — אויב דאס איז די סיבה — יעמאלט ווילט זיך אויף א רגע ליעב קריגען מענשען און מוחל זיין זיי אויף א רגע זייערע קליינליכקייטען. מוחל אפילו דאס, וואס זיי קומען צו חלום די גאלדאדערען, וואס פלעכטען דורך די הארץ פון די דאזיגע בערג...

ווארים ווי קען מען נאר פון גאלד טראכטען ווען דער פריהמארגען הויבט זיך אן אין אזא שעהנעם ווינקעל אויף גאט'ס ערד? יעדער פריה־מארגען, אויב נאר די זון איז אויפגעגאנגען, אז מען שטעהט אויף און מע בויגט ארויס דעם קאפ פון פענסטער, בעטראכסט די בערג, דאכט זיך אויס, אז דורך נאכט האבען זיך די בערג מיט זייערע ערטער געביטען; זיי האבען זיך אין דער בעהעל־

טעניש פון דער נאכט אויסגעריסען מיט די װאָרצלען און זיך גע־לאָזט אין דער װעלט אריין. און ערשט װען די שטערען האָבען זיך שוין גענומען לעשען, האָבען זיי זיך אין געאייל צוריק אויף זייערע ערטער אומגעקעהרט — אָבער אין איילעניש האָבען זיי זיך מיט די ערטער פערביטען. אָט אפילו דער העכסטער פון אלע בערג־שפּיצען דאָ, דער פ י י ק ס־פּ י ק, װאָס דער שניי אויף זיין קאָפּ זילבערט זיך שטענדיג, װי נאָר די נעבלען הויבען זיך אויף און פערשװינדען — אפילו ער, דער פיהרער פון די אלע בערג־שפּיצען, האָט מיר אויסגעזעהען, אז יעדען פריהמאָרגען האָט ער זיין אָרט געביטען.

אין דער צייט פון האלבען טאָג, אז די זון רייסט זיך פון אונ־טער די װאָלקענדלעך ארויס, יעמאָלט װערט פון זונענשטראהלען אויסגעפלאָכטען א נעץ װאָס כאפּט אריין דעם גאנצען בערג־ענגעל; אין דעם ליכטיגען נעץ װיגען זיי זיך אלע בערג, מיט דעם פערשניי־טען, גרייז־גרויען און זילבער־בעשטויבטען פּייקס־פּיק אין מיטען. אזוי װיגען זיי זיך; אזוי פארבען זיי זיך יעדער רגע אין אן אנדער קאָליר אויס:

טיעף־בלויע טעפּיכער שפּרייטען זיך פון די פערשנייטע שפּי־צען ביז צו דער נידער און פון דעם בלויען גרונט הויבען אָן ארויס־צוקװעלען שאָטען־פארבען, פּיאלעט־גרוי און פּורפּור־גרין. באלד אָבער צוגעהן זיי זיך די פארבען בעזונדער; גרין זוכט זיך זיין װעג אויס און פּורפּור פארבט אליין פאר זיך פלעקען דאָ און דאָרטען אויס. בלוי געהט איבער און װערט אין בלאנקיט פערװאנדעלט און אויף דעם טונקעלען זיך בוימער־פלעקען. פון הימעל הויבט זיך אָן װי א שטויב צו שיטען — אראנזש און אש־גרוי מיט זילבער־פונקען און גאָלד פונקען בעשטויבט. און אָט דער שטויב װירבעלט זיך איבער די קאנטורען פון די בערג און ציהט, און ציהט די שטראהלען פון דער זון ארוים... ערגעץ װאו האָט זיך א בלויער שלייער אָבגעדעקט און פון אונטער דעם קוקט ארויס א טיעפע ברוינקייט, װי א ברוינער װאסער װאָלט זיך איבער׳ן שפּוע פון די

בערג גיסען. דאָס איז דאָס אָבגעדעקטע לייב פון די בערג; דאָס איז די נאקעטקייט פון די קאָלאָראדאָ'ר בערג. זייער נאקעטקייט נעהט צוזאָמ איבער פון ברוין אין רויט און עס דאכט זיך דיר, אז די בערג האָבען אנגעהויבען צו בלוטיגען. די זונען שטראהלען האָבען אזוי לאנג זייער לייב געשמיסען — אזש בלוטיגען האָבען זיי אנגעהויבען...

אָבער די אלע וואָס האָבען אזוי ליעב די בערג, וואָס טראכטען פון זיי און ווילען זייער לעבען מיט זיי פערבינדען; אָט די אלע ליעבע מענשען־קינדער, ווען דער שטויב וואָס אין זיי הויבט אָן צו ציהען צוריק צו זיין ערשטען יסוד — צו גרויס זיינען די בערג, צו דערהויבען, אז דער מענש זאָל זיך קענען מיט זיי שפיעלען ווי מיט זיינעם א גלייכען. די אָרעמע דערלאנגען ניט און די בליקען אונמעכטיג; ס'הארץ בלויז צאפּעלט זיך און צאפּעלט זיך. דעם מענשענס בליק האָט זיך אָבגעשטעלט אויף די קלענסטע, אויף די מינדסטע קינדערלעך, שפּליטערלעך פון די בערג. דאָ, אין קאָלאָראדאָ-ספּרינגס זיינען ווינקעלעך פאראנען אין דעם בוזים פון די בערג וואוהין מענשען ציהען זיך צום מיינסטען און קענען יעדען קנייטשעלע אין יעדען פעלז; קענען יעדען פעלזען-קינד וואָס האָט זיך פון דעם פאָטער-פעלז אָבגעטיילט. היימיש פיהלט זיך דאָ דער מענש מיט די אלע פעלזען־קינדער און מען האָט זיי געמען געגעבען, כמעט פאר מענשען געמאכט.

— דער גאָרטען פון די געטער:

ברוינלעך־רויטע פעלזען-שפּיצען קוקען פון דער ערד ארויס, ווי איבערבלייבענישען פון אלטע אונבעוואוינטע שלעסער. פארנאכט ווען די זון פערגעהט און אין פריהמאָרגען ווען די זון געהט אויף זעהען אָט די אלע פעלזען-שפּיצען אויס ווי אָנגעצונדענע, צוגליהטע בראָנזען־שטיקער. עס האָבען רעגענס דורך דורות זיי געוואשען און געשווענקט, און די ערטער אינ'ם פעלז, וואָס איז ניט גענוג פערשטיינערט געווען, האָבען די רעגענס אויסגעוואשען, שטויבלעך-ווייז ארויסגעשווענקט, ביז אָט די אלע פעלזענשטיקער האָבען בעקומען

געשטאלטען נאך דעם מענשענס פערלאנג און בענריעף. איינער זעהט אויס ווי א לייב; דער אנדערער — ווי א מכשפה אויף א בעזים, איינער ווי אן אלטע סאווע און דער צווייטער — א לעבע־דיגער אדלער.

און דא, גאר א מחנה פעלזען־קינדער שטארצען פון דער ערד ארויס, אונטערגעשוועגקט ביי דער ערד און אויבען ברייטער, און ווי גרויסע, גאר גרויסע פעלזען־שוואמען קוקען זיי ארויס... און דאס איז געגוג, אז אלע וואס האבען אויגען און קינדערשע פער־לאנגען, זאלען זיך דא פערשפיעלען אין דער נידער, ביים צופוסענס פון די קאלאראדער בערג, ביים צופוסענס פון די פעלזען־בערג און זיך גאר פערגעסען צומאל דעם קאפ פשרייסען און זוכען יענע שטאלצע בערג־שפיצען וואו דער שניי רוהט ווינטער און זומער לאנג.

פון די שנייען, וואס שמעלצען זיך דארט הויך און ווייט, ציהען זיך פריהער גאנץ שמאלע וואסער־סטענגעס, ציהען זיך דורך די שטיינערנע שפאלטען; בעגעגענען זיך אין וועג מיט וואסערען קלארע און קאלטע, וואס שלאגען פון פערבארגענע קוואלען ארויס און צוזאמען מאכען זיי זיך דעם וועג בארג־אראב, בארג־אראב, בע־שאפענדיג דעם פרעהליכען וואסער־גערויש און וואסער־געמורמעל. פאראנגען וואסער־פאלען וואס נאך פון ווייטען הערט מען זייער רוישען און מען קען מיינען, אז ערגעץ גאר נאהענט טרייבט דער ים זיינע כוואליעס צו די ברעגעס און צושלאגט זיי אויף שטויב, אדער גאר א וואלד איז דא נאהענט און דער ווינט האט זיך אריינ־געריסען צווישען זיינע בוימער און ברעכט די צווייגען.

— ס'אי דער גערויש פון די ז י ב ע ן  ו ו א ס ע ר פ א ל ע ן וואס קומט גאר פון ווייטען זיך צוטראגען. ס'אי דער דרייסטער שטראם וואס האט זיך געלאזט פון גאר־דער־הויך צו גאר־דער־נידער און אין וועג אויף זיבען טיילען צושלאגען געווארען; ס'אי איין שטראם וואס האט פאלענדיג אויף זיבען שטיק זיין געניק צובראכען און אין ווילדען געיעג יאגט איין טייל דעם אנדערען

פאַלענדיג פון די זיבענפאַכיגע פעלזען-כ״עפּ. און ערשט אונטען בע־
גענענען זיי זיך און טרעפען זיך אלע וואסערען אינאייענם. ערשט
גאַנץ אונטען וואו פעלזען־ווענט, ברוינע און גרויסע, הויכע — אזש
מיט'ן אויג ניט צו דערלאַנגען, האָבען זיי זיך זייט ביי זייט קייַ־
לעכדיג אויסגעשטעלט און א ברונעם א שטיינערנעם פאַר דעם
האַסטיגען און אָטעם־פערשלאָגענעם וואַסער-פאַל געמאַכט. דאָ אין
דער טיעף ווערען די זיבען וואַסער־שטיקער צונויפגענומען, זיי רו-
הען זיך דאָ אויס. אַריינבאַפענדיג אויף א ווײַלע אין זייער טיעפ-
קייט די שאָטענס פון די בערג וואָס האָבען זיך ארום און ארום צו־
שטעלט. די וואַסערען אָבער וואָס קומען און קומען פון אויבען בע-
דעקען דעם שפּיגעל מיט פערלאַך־שפּריצערלאַך און בלעזעלאַך און
צורונצלען דעם שפּיגעל פון וואַסער און טרייבען די שאָטענס פון
די בערג ארויס, און אזוי בעפערעלט און גערונצעלט און מיט א
זיסען געמורמעל לאָזט זיך א טייכעלע פון שטיינערנעם ברונעם,
לאָזט זיך אין א ווייטען וועג אוועק; ערגעץ וואו דורך פעלדער צו א
ווייטען ים אוועק...

פאַראַנען אויך דאָ אונטערערדישע קוואַלען וואָס יעדער איינ־
ציגער זוכט אליין פאַר זיך א וועג. דורך זיין איינענעם וועג רייסט
ער זיך צו דער ליכטיגער וועלט ארויס. איינער האָט אין דער טיעף
זיך בעגעגענט מיט די אייזען-אַדערען, און די נשמה פון אייזען
אוצרות טראָגט ער אויס צו דער וועלט און דער אנדערער קוואַל
קומט פון שוועבעל־געגענדען אָן. פון דער ערד קומען'זיי ארויס מיט
א שוים און מיט א געבייזער. שיסען פאָנטאַנען; וואָלטען וועלען
אין דער לופטען א וועג פאַר די וואַסערען מאַכען, אָבער צו דער ערד
פאַלען זיי און פאַלען. אויך דאָ קלייבען זיך מענשענקינדער, שטעהן
לאַנג און בעטראַכטען די ברונז'ע וואַסער וואָס שיסט פון דער ערד
ארויסברענגענדיג מיט זיך סודות פון דער ערד. אנדערע שטעלען
זיך איין דעם לעבען און פערזוכען פון אָט דעם אונבעקאַנטען קוואַל.
פּרוּאווען פריהער צו די ליפּען און פערזוכען; שלינגען אראָב א
זליינעם שלונג און הערען זיך צו, וואָס אזעלכעס בעשאַפט אין די

נעדערים דאָרטען אַט די אומרוהיגע וואסער וואָס האָט דעם ריח פון פערזשאווערטע אייזען... עפּעס מאכט מען דאָך פון אייזען מעסערס, פיילען, העק און טשוועקעס.... און ס׳דאכט זיך אויס: אַט באלד וועלען די אונבעקאנטע וואסער־טראָפּענס ווערען פערוואנדעלט דאָרט אינוועניג אין די נעדערים, אין שארפע טשוועקעס, מעסערס און פיילען און וועלען זיך נוקם זיין אין די נייגעריגע מענשען־קינדער....

איינע פון די איידעלע אמעריקא׳ס פרויען, וואָס האָט ליעדער געזונגען איהר לעבען־לאנג, האָט דאָ, אין דעם שעהנסטען ווינקעל, איהרע יאָהרען אָבגעלעבט: העלען דזשעקסאָן איז איהר נאָמען. אין איהרע ליעדער האָט זי ניט בעזונגען אַט די גרויסע בערג. זיי האָבען אפשר אין איהר געלעבט. ווי ס׳וואָלט גע־טראָפּען מיט יעדען איינציגען פון אונז. זי האָט די אלפּען־בערג דאָרט אין אייראפּא, געפּרואווט זייער גרויסקייט בעזינגען, ווען זי האָט זיי דעם ערשטען מאָל אין איהר לעבען דערזעהן. אָבער די קאלאָראדאָ־בערג, — דאָס איז איהר איינענע נשמה געוועזן. בלויז איין בארג, שייען איז זיין נאָמען, און איבער די זי־בען וואסער־פאלען הויבט ער זיך ארויס, אַט דער איינציגער קוקט פון איהר הארצען ארויס. דעם איינציגען וואָס זי האָט ביים נאָמען גערופען אין זיין גרויסקייט, זיין ליכטיגקייט בעזונגען:

„אָ, ווי ליעב איך דיר, דו בארג שייען...
איך טו דיך גרויסען, ווי דו יעדער בעגינען גרויסט די זון.
נאָך איידער ס׳איז פריהמאָרגען—מיין איינענעם פריה־
מאָרגען שיקסטו צו מיין הארץ...."

איך ווייס ניט ווי אזוי האָבען עס מענשען פערשטאנען צו מאכען איהר קבר אויף דעם הויכען בארג שייען, איבער די זיבען וואסער־פאלען, און ווי אזוי איז עס אויסגעקומען, וואָס שפּעטער האָט מען איהרע ביינער ארויסגעטראָגען און אין דער ני־דער, ערגעץ אויף א שטאָט בית־עולם בעגראָבען. אז איהרע ביינער זיינען אויס׳ן הויכען בארג שוין ניטאָ האָב איך מיר דערוואוסט

שוין שפעטער, ווען כ׳בין אויף דעם הויכען, הויכען בארג ארויף און אנשטאַט אַ קבר, האָב איך אַ גרויסען בארג שטיינער געפונען.

עס ווילען די נייגעריגע ניט וויסען, אז איהרע ביינער האָט מען פון בארג אראָבגעטראָגען. מען קלעטערט אויבען מיט אַ פער־שלאָגענעם אָטעם און מען קומט צום אָרט וואו עס רוהט די נשמה פון יענער איידעלער אמעריקא׳ס טאָכטער. יעדער איינער ברענגט אַ שטיין און ווארפט אויף דעם אָרט, ווייל ער קען זיין האַרץ ניט ארויסרייסען און ווארפען דאָ, און לאָזען דאָ צו אנדענקען.

דער בארג שטיינער וואַקסט און וואַקסט, צום בארג שטיינער פיהרט אַ וועג אן אויסגעטראָטענער, ווערט ניט פערוואַקסען און ווערט ניט פערשאָטען. פון ווייטען הערט זיך דער גערויש פון די ז י ב ע ן ו ו א ס ע ר פ א ל ע ן און דאָ שטעהן מענשען וואָס האָבען אויפ׳ן הויכען בארג געקלעטערט און הערען זיך צו צום קלאַפען פון זייער הארצען. בחור און מיידעל שטעהן ארומגע־נומען פערוואונדערט און קוקען צום בארג שטיינער. פשוט׳ע גרויע שטיינער. און ווער עס קען קוקען לאַנג צום בארג שטיינער, נאָך דעם ווי זיין האַרץ האָט זיך בערוהיגט, ער פערנעהמט צום קלאַפען פון אַ האַרץ דאָרטען אונטער די שטיינער. ס׳האַרץ פון אמעריקא׳ס אַ איידעלע טאָכטער...

---

## גאָלד

צוויי מאָל אין טאָג געהט אָב דער צוג פון קאָלאָראדאָ־ספּרינגס אהין, העכער אין די בערג אריין, צו ק ר י פ ע ל־ק ר י ק צו. זעכציג מייל איז דער וועג און פון זעקס טויזענד פוס הויך קלע־טערט דער צוג אוועק איבער די בערג־שפּיצען ביי אַ הויך פון ארום עלף טויזענד פוס. ניט איין מאָל קומט אויס דעם צוג דורכצומאכען זיך אַ וועג דורך וואָלקען, אָדער שארען דעם שניי מיט דער שטאָ־

לענער ברוסט ביז ער דערשלאָגט זיך אהין צו די גאָלד-בערג, קיין קריפעל־קריק.

דאָרט איז דער גאָלדענער חלום פון דעם היגען לאַנד. דאָרט זיינען די גאָלד-גריבער די בעריהמטע, וואָס ערשט מיט גענויע דרייסיג יאָהר צוריק זיינען זיי אויפגעדעקט געוואָרען. יענע געגענד האָבען געקענט אויסגעפינען און אויפדעקען נאָר מענשען, וואָס זיי־נען געבוירען געוואָרען מיט דעם גאָלדענעם חלום: מענשען, וואָס ביי זיי אין מוח איז א ווייזער געווען, וואָס האָט רק אהין גע־ציעלט, צו יענע בערג, אריבער צעהן טויזענד פוס הויך און וואָס די מעהרסטע טעג און נעכט פונ׳ם יאָהר זיינען זיי מיט שניי בעדעקט. אָט דער ערשטער מיט דעם נאָמען ו ו א מ א ק, וואָס איז געווען א פשוט׳ער פאסטוך און וואָס אלע האָבען איהם גע־האלטען פאר א משוגענעם, ווייל ער האָט פערלאָזען די סטאדע און זיך געגריבעלט אין די בערג זוכענדיג גאָלד — ער וואָלט זיך מיט זיינע בהמות ניט געלאָזען אזוי וויים און אזוי הויך, ווען ניט דער ווייזער אין זיין מוח, וואָס האָט געציטערט און רק אהין געציעלט; א ה י ן איהם געצויגען דעם מענשען, דעם פאסטוך, וואָס האָט געהייסען ראָבערט וואָמאַק. וואָרים אויף הונדערטער, הונדערטער מייל ציהען זיך אוועק אין דער נידער פלאכע געגענדען, וואו פאַ־שע איז פאראַן לרוב, און איהם האָט עס אהין געצויגען, צו יענע בערג, וואָס אפילו איצטער, ווען מען קומט אהין מיט׳ן באהן צו־פאָהרען וואונדערט מען זיך.— וואָס פאר א נוטער יאָהר אָדער בייזער יאָהר האָט געטריבען די מענשען צו זוכען זייער תיקון אין די בערג? הונדערטער מיילען ציהען זיך אוועק די בערג און איינער ווי דער אנדערער פון אויבען בעדעקט מיט שטיינער אָנגע־וואָרפענע, מיט פעלזען-שפיצען, מיט אָרימע סאָסנעס, מיט מאָך און מיט שניי־פלעקען, — וואָס האָט זיי געבראכט די מענשען אהער? ווי ז׳עס דאָך געשעהן?

איצטער איז אין יענעם ראיאָן, וואָס הייסט קריפעל־קריק, פאראַן ביי דרייסיג טויזענד נפשות, וואָס די מעהרסטע פון זיי לי־

גען דעם גאַנצען טאָג לעבעדיגערהייד בעגראָבען אונטער דער ערד, אין די פונדאַמענטען פון די בערג, נאָר פאַרנאַכט, אַז די זון קלייבט זיך שוין צו פערגעהן הויבען זיי אָן ווי מוילוואָרפען פון דער ערד אַרויסצוקומען, פערשטויבטע, מידע, אין שווערע, הויכע שיך און מיט א בלעכען קעסטעלע אין דער האַנט, וואו עסען האָבען זיי פאַר'ן טאָג מיטגענומען...

קריפּעל־קריק איז די רייכסטע גאָלד־געגענד דאָ אין לאַנד. און די מענשען, וואָס גראָבען די גאָלד, און די מענשען צו וועמען די גאָלד-בערג געהערען — ס'איז א פאָלק, וואָס איז אָבגעטראָטען פון דעם דורכשניטס מענשען, וואָס איהר בעגעגענט טאָג־טעגליך אין גאַס — מענשען, וואָס גראבען גאָלד!

גאָלד! וואָס איז עס דען ניט? אלץ. ווילט איהר איז עס א חלום; ווילט איהר איז עס די ווירקליכקייט; ווילט איהר איז עס ליעבע, און ניט — איז עס האַס; ווילט איהר איז עס מענש, און ווילט איהר איז עס גאָט אָדער דער טייוועל; ווילט איהר איז עס די נ ש מ ה פון אלץ וואָס עס לעבט, און ווילט איהר איז עס דער מ ל א ך ה מ ו ת פון אלע צייטען...

און דער וועג, וואָס פיהרט צו די גאָלד-גריבער אין קריפּעל-קריק איז געווים דער שעהנסטער, וואָס מיר איז ווען ס'איז אויס־געקומען דורכצומאַכען. די זעכציג מייל פון קאָלאָראַדאָ־ספּרינגס קומט אוים דעם צוג צו מאַכען איבער די ריפּען און קעפּ פון די בערג. פון איין באַרג צום אנדערען שלייכט זיך דער באַהן אזוי קונציג באַרג-אַרויף און באַרג־אַראָב, אַז איהר קענט צומאָל ניט בעגרייפען ווי אזוי ס'איז געשעהען, אַז איהר האָט זיך צום אנדער באַרג דערקליבען. אַז איהר קוקט אויף צוריק, דערקענענדיג פון ווייטען דעם סליאַד אויף דעם באַרג אונטען, הויבט איהר אָן צו גלויבען, אַז דער צוג איז אריבערגעפלויגען פון איין באַרג־שפּיץ צום אנדערען. די אָבגרונדען, וואָס עפענען זיך יעדע ווייל¢ אויף רעכטס און אויף לינקס, די גוואַלדיג נאַקעטע פעלזען וואָס שטעהען אויף אנטקעגען איין — זיי וואַרפען אָן א פּחד קוקענדיג דורכ'ן

פענסטער. פרעגסט: ווי אזוי וועט מען עס איבערקומען און דאך קלייבט זיך דער צוג זיי ארומצוגעהן און איבערשפּיצען.

ס'אי שוין זומער אין דער נידער, אין טאָל; און דאָ אויבען, אין שאָטען פון די שווייגענדיגע בערג, שטעהען די טענענבוימלעך פערשנייטע און, ס'זעהט אויס, אז אהער קלערט נאָך גאָר דער זומער ניט צוקומען אזוי גיך. דאָ און דאָרט א לאָך אין בארג, ווי א גרויסער מוילוואורף וואָלט פון בארג ארויס די בערגלעך ערד ארויסגעשאַרט. אימיצער האָט זיך דאָרט געגראָבען און אפשר גראָבט ער זיך נאָך איצטער אויך און זוכט שפּורען פון אוצרות: גאָלד, זילבער אדער קופּער...

ביי אכט טויזענד פוס הויך און א זאווערוכע האָט אונז בע-געגענט. אזעלכע זאווערוכעס האָבען געוויס אין זייער וועג בעגע-גענט אָט יענע, די ערשטע, וואָס האָבען זיך נאָך צופוס אהער גע-לאָזען זוכען די גאָלד-אדערען אין די בערג. דער שניי האָט יענע צופוסגעהער דעם וועג ניט געקענט פערשטעלען און איצטער איז שוין אומזיסט: דעם וועג געפונען; אלץ אויפגעדעקט. ס'קענען שוין איצטער שעהנע וועטערען אויך זיין. שניי צי שטורם ווינט — דער צוג קרעכצט און שלאָגט זיך דורך זיין וועג, געהט פאראויס אויף דעם שטאָלענעם וועג צו דעם בעשטימטען אָרט.

מיר פאָהרען אין א וואָלקען אריין. מען זעהט ניט וואָס עס טהוט זיך דרויסען און וואו מיר זיינען. רעכט, מיר זיינען באלד נאָהענט צו דער לבנה, וואָס צוליעב סוף חודש האָט זי זיך פער-שפּעטיגט צו פערגעהען.... אָבער דער ווינט טראָגט אוועק דעם וואָלקען און וויעדער בעווייזען זיך נאַקעטע בערג, שטיקלעך בלויער הימעל פון אויבען. וואו-ניט-וואו וואקסען פון די בערג אָריימע סאָסנע-בוימער. דער פעלז איז אזוי גוט געווען און געלאָזט זיך שפּאלטען און געמאכט א וועג פאר דעם צארטען וואָרצעל, וואָס זוכט אין די פעלזען-שפּאלטען יניקה, חיונה פאר'ן בוים מיט די

פערשנייטע צווייגען.

אָט בעווייזען זיך שוין קליינע הייזלעך צוגעקלעפּטע ביים צו־פוסענס פון די בערג. און די בערג אליין פערלירען זייער נאַטיר־ליכען, לאַנגאַנעדיגען אויסזעהען. אנשטאָט איינגעפונדרעווטע פעל־זען מיט בוימלעך אָרימע בערעקט, בעווייזען זיך גרויסע וואלען, בערג. אָנגעשאָטענע; דראָבנע, צוהאקטע, גרויע שטיינדלעך. ערגעץ ביים זייט שטארצען דריי, פיער שווארצע קוימענס און זיי רויכע־רען. דער רויך זאָגט עדות, אז דאָרט, אין דער טיעף איז דער עיקר לעבען און ניט דאָ אין דער הויך, וואו טוריסטען און גלאט מענשען בלאנקען זיך ארום... די אָ נ ג ע ש אָ ט ע נ ע בערגלעך ווערען אלץ אָפּטער. מען קען מיינען, אז ערגעץ אונטער דער ערד זיינען בעשעפענישען מיט שטאָלענע צייהן, וואָס גריזשען דאָרט און גריי־זשען דעם פעלז און די שטיקלעך, קרישלעך שטיין טראגען זיי דרויסען ארויס; טראָגען גאנצע בערג אָן... עס בעווייזען זיך דראָ־טען, וואָס זיינען פערצויגען איבער די אָנגעשאָטענע בערג, פון ערגעץ קומט אָן אן אייזערנער קויש, וואָס גליטשט זיך מיט דער לענג פון דראָט; ער איז מיט שטיינדלעך פול. און אז ער קומט צו א בעשטימטען פלאץ מהוט ער זיך אליין פון זיך אן עפען אויף און שיט אוים די משא, וואָס ער האָט מיט זיך פון אונטער דער ערד ארויסגעבראכט. קערט זיך מיט ליידיגען אום צוריק; ווערט צווי־שען די שווארצע קוימענס פערפאַלען...

ס'לאָזט זיך ווידער אראָב פון ערגעץ א וואָלקען א געדיכטער, פייכטער און גרויער. און אז דער צוג שטעלט זיך אָב אין קריפּעל־קריק איז אזוי פינסטער, אז איך זעה ניט וואו א טריט צו שטע־לען. ערגעץ דאָ איז א שטעטעל געווים פאראן און געה זוך עס אין פייכטען וואָלקען. איך בין געקומען זעהן ווי מען גראָבט גאָלד; מענשען וואָס גראָבען גאָלד האָב איך געוואָלט בעגעגענען און אפשר רעדען מיט זיי און צום סוף בין איך אין א כמארע אריין. כ'האָב גענומען נאָכגעהן די מענשען, וואָס האָבען זיך בעוויזען ארויסגעהענדיג פון צוג און וואָס א פּאָר טריט פון מיר ווערען

זיי אין וואָלקען פערשוואונדען. און מיין הארץ האָט אזוי הויך אָנגעהויבען צו קלאפּען, ממש קלינגען. נים חלילה פאַר שרעק, נאָר פּשוט — עלף טויזענד פוס הויך. נים געוואוינט. א קינד פון דער נידער, פון טאָל איז ארויף עלף טויזענד פוס הויך און געבליבען שטעהן אויף גאָלד. כ'האָב געפיהלט, אז איך שטעה אויף גאָלד. און די פּאָר הייזער, וואָס האָבען זיך מיר רעכטס און לינקס בעוויזען שטעהן אויף גאָלד געמויערט. ס'הארץ האָט געקלאפּט: טיק-טאַק-גאָלד! טיק-גאָלד, גאָלד־גאָלד...

און א ווידער קול האָט אבגעענטפערט: גאָלד-גאָלד־גאָלד...

די כמארע איז געוואָרען צוביסלעך שיטערער; זונענשטראהלען האָבען זיך אָנגעהויבען דורכצושלאָגען, און באלד האָט זיך א צופלאמטע זון בעוויזען איבער די בערג אויף איהר וועג צו מערב־זייט. ס'אי געווען ארום פיער נאָך האלבען טאָג און אין די בערג פון צווישען די שווארצע קוימענס האָבען די פאַרע־סיגנאלען אָנגעהויבען איינער נאָך דעם אנדערען צו ברילען אזש די לופט האָט געציטערט און די ווידער־קולות האָבען זיך איבער די שפּיצען פון די בערג צוטראָגען. עפּעס האָט זיך געגומען ריהרען, צווישען די גרויע בערגלעך האָבען זיך טונקעלע פלעקען בעוויזען. די ארבייט האָט זיך אונטער דער ערד געענדיגט. מענשען האָבען זיך פון דער ערד ארויסגעשלייכט, פריהער איינער און דערנאָך מעהר. אין די הונדערטער האָבען זיי זיך בעוויזען פון אהינטער די פעלזען און אלע האָבען זיך געצויגען צו דער נידער, צו דער זייט, וואו דאָס שטעטעל איז אויסגעשאָטען; געצויגען צו די שורות שווייגענדיגע הייזלעך, וואָס האָבען די דאָזיגע מענשען אבגעוואָרט.

אין די שמאָלע געסלעך האָבען זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו בעווייזען שווייגענדיגע פיגורען, שטארקע, מיט סמנים פון גבורה, פערשטויבטע אין הויכע פערשנורעוועטע שיך און א לאנגען סיגאר אין מויל. בעגעגענדיג א פריינד, וואָס איז פון דער אנדער זייט אָנגעקומען, ערגעץ פון אן אנדער גרוב ארויסגעקומען — בעגריסט מען זיך. אנדערע שטעלען זיך אָב און ווארפען זיך דורך

ניט עטליכע ווערטער. אנדערע האָבען נאָך צייט אפילו פערבייגע־ענדיג צו בעמערקען דעם פרעמדען, וואָס איז געשטאַנען אין מי־טען גאס און בעטראַכט אָט זיי, די גאָלד־גרעבער, ווי עטוואָס אַזעלכעס וואָס מען זעהט ניט אין דער נידער. געוועזען אַזעלכע, וואָס האָבען צוגעהוסט און געשנאָרכט מיט דער נאָז, ווי זיך ווער־גענדיג מיט דער לופט...

צוביסלעך זיינען אָט די אַלע פון אונטער דער ערד ארויס־געקומענע פערשוואונדען אין די זייטיגע געסלעך; אנדערע אין די קליינע האָטעלס, וואָס אין דער הויפט גאס, אדער אין די קאווע־הייזלעך, אין א שפייז־קרעמעלע.

איינציגווייז האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען פון די טיר־רען ארויס — פרויען, מיידלעך מיט אָנגעפּארבטע פּנים׳ער און פערשייטלאָך די האָר ביי די שלייפען פערקעמט; אין קורצע קלייד־לעך און וואוילערישע טריט. מיט זייער בעווייזען זיך איז עפּעס אין גאס ליכטינער געוואָרען. אויף די פּנים׳ער פון די שטומע שוויי־גענדיגע גאָלד־גרעבער, וואָס האָבען דאַכט זיך גאָר רערען פער־געסען פאר׳ן טאָג אונטער דר׳ערד — אויף די פּנים׳ער פון די פער־שטיינערטע מענשען האָט זיך בעוויזען א שמייכעל און פערבייגע־ענדיג דעם קאָפּ געניגט צו דער אדער יענער מיידעל. צומאָל זיך אָבגעשטעלט, אין דער שטיל וועגען עפּעס גערעדט אדער אָבגע־רעדט. זי שיסט אויס מיט א געלעכטער, וואָס קלינגט אין דער שטילער גאס, און פערוכט די האָר ביים אויער און ער שפּייט אויס און כאַפּט זי ארום ביים טאַליע גאַנץ פאַרזיכטיג, אז ער זאָל זי ניט איינשמירען אין זיינע פערשטויבטע בגדים... עס הערט זיך א געלעכטער, א פרויען געלעכטער פון דער אנדער זייטיגער געסעל און ס׳ענטפערט מיט א געלעכטער א ברייטע מענער־ברוסט...

אין גאס צינדען זיך עלעקטרישע לעמפּלעך אָן. די נאכט הויבט אָן פון ערגעץ אָנצוקומען און שלייכט זיך ארויף, ארויף צו די בערג־שפּיצען, וואו די לעצטע זונענשטראהלען שפּילען זיך אויפ׳ן ווייסען שניי:

טיק־טאק־גאָלד...
מען בעראַרף קלערען פון א נאכט־לעגער...

* * *

די גאָלד־טריבער צו וועלכע איך האָב בעקומען א צוטריט, זיינען איינע פון די טיעפסטע און עלטסטע אין דעם קריפעל־קריק ראיאָן. ווינדעקייטאָר, אזוי איז דער נאָמען פון דער מינע. מען קען ניט זאָגען, אז אזוי לייכט איז עס מיר אָנגעקומען. ניט מיט גרויס חשק לאָזט מען צו א זייטיגען מענשען. אגב איז עס א קאָפּ־ דרע־העניש. מען קען דאָך דעם פרעמדען ניט לאָזען אליין וואנדערען אונטער דר'ערד. מען מוז דאָך איהם מיטגעבען א וועג־ווייזער. און צו וואָס דער גאנצער עסק? מיר איז אָנגעזאָגט געוואָרען, אז איך זאָל קומען גאנץ פריה, אינאיינעם מיט די ארבייטער און מיט זיי אין איין צייט זיך אראָבלאָזען אין די שאכטעס. און ווייל די אוי־בענדערמאָנטע מינע ליגט ביי א האלבע שעה מיט דער באהן פון דעם שטערטעל, דעריבער האָב איך מיר געראַרפט א ביסעל פעדע־רען.

די טראַמוויי און ספּעציעלע ארבייטער־צוגען הויבען אָן ארום האלב נאָך זעקס אָבצוגעהן צו די ווייטערע, אָבגעלעגטע מי־נעס וואו די ארבייט הויבט זיך אָן האלב נאָך זיבען. נאָר אז איך בין ארויס ארום האלב נאָך פינף אין נאס איז שוין די ארבייטער־וועלט ניט געשלאָפען. די קאַווע־הייזער זיינען געווען אָפען און אין נאס האָבען זיך ארומגעדרעהט שאכטיאָרען נאָך פערשלאָפענע אין זייערע פערשטויבטע קליידער און שווערע, הויכע שיך. ווייזט אויס אז דער חשק זיך אָנצוזעטיגען מיט דעם ליכטיגען פריה־מאָרגען איידער מען לאָזט זיך אוועק אונטער דער ערד, הויבט אויף די לייט אזוי פריה פון די געלעגערס אויף וועלכע זיי האָבען נאָך גע־קענט רוהען.

עטוואָס פאר זיבען האָב איך מיר ארייינגעזעצט אין דעם אר־בייטער־צוג וואָס איז בעשטאנען פון א צעהן שמאָלע, פערמאכטע וואגאָנעס. אין מיין וואגאָן האָבען זיך געפונען ביי א זעכציג

ארבייטער, מעהרסטענס אין די יאָהרען פון צווישען צוואנציג און דרייסיג. גרויס געוואקסען. מיט א ריין אמעריקאנישען אויסזעהען. כמעט אָהן אן אויסנאהם האָט יעדער געהאט א דיקען סיגאַר צווי־שען די צייהנער, געראויכערט און געשפיגען אויף דער פּאָדלאָגע, צו די פיס פונ׳ם שכן געגענאיבער. עס איז מיר זעלטען ווען אויס־געקומען צו זעהן מענשען אזוי רויכערען; צו זיצען אין אזא אָנגע־רויכערטען וואגאָן. פון דעם רויך ארויס האָב איך בעטראכט די פּנים׳ער, די הענט, די פּלייצעס.

— וואָס פיהלען און טראכטען איצטער אָט די דאָזיגע מענ־שען, וואָס ווילען באלד זיך ארויסלאָזען אויף א גאנצען טאָג און אמאָל אויף א גאנצען לעבען אונטער דער ערד ארונטער?

און כ׳מוז זאָגען, אז קיין זאך וואָס זאָל ארויסרופען א גע־פיהל פון רחמנות האָט זיך אויף זייערע געזיכטער ניט געוויזען. און כאָטש כמעט ביי יעדערען האָט מען אין קאָליר פון פּנים גע־קענט דערקענען די שעדליכע ווירקונג וואָס די ארבייט אונטער דער ערד האָט אויף די מענשען; מען האָט געקענט דערקענען אין די אָנגעבלאָזענע ליפּען, אין די ראָזע אָדערלעך און די אש־גרויע באקען, אז עפּעס טאָטשעט אָט די פעסטע מענשען, טאָטשעט פּאַ־מעלעך אָבער טיעף — דאך וועקען זיי קיין רחמנות ניט. פּער־סעהרט, פון אלע זייערע בעוועגונגען און געשטעל, האָט ארויסגע־קוקט א געוויסער שטאָלץ. ניט גלאט אזוי מענשען, נאָר מענשען וואָס האָבען מיט׳ן פעלז זיך פערמאָסטען. מענשען וואָס קלייבען זיך אויס מיט׳ן גוטען ווילען צו לעבען זייערע טעג אונטער דער ערד. און כאָטש ניט פאר זיך זוכען זיי גאָלד, ניט פאר זיך רייסען זיי אויף די פעלזען-שטיינער — אָבער דאך גאָלד צו גראָבען איז זייער בערוף; פעלזען אויפצורייסען איז זייער שליחות.

דער צוג האָט זיך יעדע עטליכע מינוט אָבגעשטעלט, נעבען דער אָדער יענער מינע, ארבייטער ארויסגעלאָזען. ענדליך האָט זיך דער צוג אָבגעשטעלט ביי דער סטאנציע ווינדעקיי־טאָר. אזוי הייסט דער נאָמען פון דער געזעלשאפט צו ווערען

די מינעס דאָ געהערען.

כ'בין אריין אין קאנטאָר און זיך פאָרגעשטעלט. מען האָט געוואוסט, אז איך בעדארף אָנקומען. דער פערוואלטער, מיסטער וואַקער, א יונגער אינזשינער, אינגאנצען א יאָהר אכט־און־צוואנ־ציג אַלט און מיט אַן ערנסט פּנים און פלינקע בעוועגונגען, ער האָט מיך בעטראכט פון קאָפּ ביז די פיס און געשמייכעלט.

— אזוי, אזוי, ווילט זיך דיר זעהן ווי אזוי אנדערע לעבען אונטער דער ערד? —

— יא, איך האָב בעזוכט קויהלען-מינען.

— אָבער ביי אונז איז פיעל אנדערש, ניטאָ קיין סכנה.

כ'האָב מיך בעדארפט איבערטאָן אין ספּעציעלע קליידער, וויל ערטער־ווייז איז אין דער מינע נאַס. דער פערוואלטער, יעדען פריהמאָרגען לאָזט ער זיך אראָב דעם גאנצען ראַיאָן אונטער דער ערד. איך האָב עס איהם בעדארפט בעגלייטען אויף זיין שפּאציר.

— דעם מר. וואַקער איז שווער נאָכצוגעהן — האָט א צוויי־טער אינזשינער זיך געוויצעלט — ער דארף ניט קיין לייטער און ניט קיין עלעווייטאָר.

כ'האָב אָנגעצונדען מיין לעמפּעל און מיר האָבען זיך אוועק־געלאָזען צו דער געביידע וואָס איבער דער מויל פון דער מינע און וואו א געוואלדיגער לאָקאָמאָטיוו האָט געהרעהט פערשיידענע רעדער. די ארבייטער זיינען געזעסען ביי די ווענט פון דער געביי־דע דרויסען און דעררויכערט זייערע סיגארען. ס'אי נאָך געבליבען א פּאָר מינוט פרייע און זיי האָבען זיך געקוויקט מיט דעם קאַל־טען פריה-מאָרגען וואָס אין די גאָלד-בערג.

דער סיגנאל האָט אָנגעהויבען צו ברילען און דער עולם, פּאָ־מעלעכקע, האָט זיך פון אָרט אויפגעהויבען און גענומען זיך ציהען אינוועניג צום עלעווייטאָר. דער וועג דאָ אונטער דער ערד איז א גלייכער. גלייך אראָב אין דר'ערד. ניינצעהן הונדערט פוס טיעף. יעדע הונדערט פוס איז א שאכטע און דער עלעווייטאָר לאָזט אר־בייטער אראָב. מיט דעם אייגענעם עלעווייטאָר ברענגט מען ארויס

פון אונטער דער ערד די וועגעלעך גאָלד-שטיין. די גאנצע ניינצן הונדערט פוס מאַכט דער עלעוויטאָר אין פופציג סעקונדען.

מיר זיינען געשטאנען און געוואַרט ווי דער עלעוויטאָר נעהמט אָן א בונט ארבייטער און נאָך דעם ווי מען גיט א עלעק־טרישען סיגנאל צום הויפט מאשיניסט ערגעץ, רייסט זיך דער עלעווייטאָר אָב פון ארט און ווערט פערשוואונדען אין דער טיעף מיט די מענשען, אין א ווײלע ארום קומט ער אָן ווידער לעדיג און וואַרט אויף פרישע מענשען....

מיר האָבען זיך אריינגערוקט אין דעם נאסען עלעוויטאָר מיט די לעצטע צוויי ארבייטער און אזש מיט א פייף האָט דער עלע-ווייטאָר גענומען פאלען אלץ טיעפער און טיעפער דורך א פינס-טערען קאלטען וועג און פון ערגעץ האָט גענאָסען געריכטע טראָ־פענס וואסער אויפ'ן קאָפּ און אונטער'ן קאָלנער.

די קעלט, די אונבעקאנטע פייכטע לופט, וואָס האָט ארומגע-כאפט, האָט געמאכט צו פיהלען, אז איך פאל ערגעץ אין א וואַ-סער אריין. די סעקונדען האָבען זיך ווי לאנגע מינוטען געצויגען. ביי נומער פערצען זיינען מיר געבליבען שטעהן. פערצען הונדערט פוס טיעף. מיר זיינען ארויס. דער עלעווייטאָר בעקומענדיג דעם סיגנאל איז מיט די צוויי ארבייטער פערשוואונדען אין דער טיעף. אריינגעהענדיג אין דער שאכטע איז מיר געווען אביסעל פרעמד־לאך צו געפינען דאָ כמעט א גאנצע וואָקזאל־סטאנציע מיט רעל־סען, מיט וואגאָנעלאך מיט וועגען וואָס צולויפען זיך אויף אלע זייטען און בעלויכטען מיט עלעקטרישע לעמפלעך....

* * *

די גאָלד אין קריפּעל-קריק ראיאָן געפינט מען ניט אין גע־שטאלט פון גילדערנע זיינערס, גילדערנע פינגערלעך, שפּילקעס, בראשקעס און אויררינגלעך; אפילו ניט אין געשטאלט פון גאָלד זעמדעלאך. דאָ איז דער גאָלד-אָדערל אין שטיין-פעלז איינגעוואק־סען. דורכשניטליך געפינט מען אין א גאנצען טאָן שטיין ביי א דריי דאָלאר גאָלד ווערט. און דעריבער ווערען גאנצע וועלטען

שטיינערנע צוריסען, צושאָסען אונטער דער ערד און די שטיקער ווערען דרויסען ארויסגעשלעפּט מיט'ן עלעווייטאָר און מיט מיט-לען כעמישע און ניט כעמישע, נאָכדעם ווי מען מאָלט די שטיי-נער און מען וואשט זיי בעקומט מען די גאָלד שטויב ארויס.

בעטראכטענדיג די מאסיווע גרויע ווענט פון'ם טונעל, די אייביגע פעלזען־ווענט, גאנץ גראם פאנאנדערגערוקט, האָב איך מיר גאנץ זיכער דערשפּירט. גאָר ניט אזוי ווי אין די ענגע שוואר־צע קויהלען־מינען. די ארבייט דאָ אונטער דר'ערד טיילט זיך איין אין דרייען. ערשטענס קומען די מאשיניסטען וואָס בויערען מיט אויטאָמאטישען בויער לעכער אין שטיין, וואו מען פילט אָן דינאמיט און מען רייסט אויף. דאן קומען די אונטערבויער. אָדער ווי מען רופט זיי, די ט י מ ב ע ר־מ ע ן. זיי בויען אונטער אלע ערטער וואָס זיינען מסוגל איינצופאלען. און דאן די פשוט'ע ארבייטער, וואָס לעגען אָן אין די וועגעלעך דעם צוהאקטען שטיין און אויף די רעלסען שטופען זיי עס צום צענטער, צום עלעוויי-טאָר. כ'האָב געפרעגט פאר וואָס מען פיהרט ניט די משא מיט מויל־אייזלען, ווי כ'האָב עס בעמערקט אין די קויהלען־מינען?

— זיי לעבען דאָ ניט לאנג די מויל-אייזלען און ס'קאָסט טייערער ווי מענשען...

ס'האָט זיך געהערט פון ערגעץ דער טרוקענער קנאקען פון דעם אויטאָמאטישען בויער, פונקט ווי ערגעץ וועיט וואָלט מען שיסען מיט מאשין-ביקסען. מיר האָבען זיך געלאָזט געהן מיט די לאמטערנעס אין די הענט טיעפער אין די שאכטעס אריין, צווישען די שמאָלע רעלסען. די עלעקטרישע לעמפּלעך ווערען זעלטענער. דאָ און דאָרטען איז אונטערגעבויעט מיט שווערע קלעצער און זיי זיינען מיט שוואמען בעוואקסען.

ס'איז כדאי צו בעמערקען, אז אויסער דער צענטראלער פער־בינדונג פון די שאכטעס מיט דעם עלעווייטאָר איז פאראן נאָך א ספּעציעלער דורכגאנג פון שאכטע צו שאכטע. א גאנץ פשוט'ער:

— אין יעדער שאכטע איז א לאָך פאראן אויסגעהאקט, ברייט

ווי א געוועהנליכער צימער און טיעף הונדערט פוס — די הונדערט פוס וואָס טיילט אָב איין שאכטע פון דער אנדערער, און לייטערס הילצערנע שטעהען אין דער עפנונג דורך וועלכע מען קען זיך אראָבלאָזען טיעפער און אויפהויבען העכער.

אָבגעהענדיג אזוי ביי א האלבען מייל זיינען מיר נעקומען צום עק פון טונעל, וואו א מאשיניסט האָט געבויערט די פעלזען וואַנט. דער בויער האָט אזוי געקלאפט, אזש אין די אויערען האָט געקלונגען און געשטאָכען. מיט געפּרעסטער לופט וואָס קומט אָן פון דרויסען און וואָס איז צום עקבויער דורך א רער צוגעפּאסט טרייבט מען דעם בויער אלץ טיעפער און טיעפער אין שטיין אריין. אין די קויהלען־גריבער האָב איך זיי געטראָפען צוויי־ווייז מיט זייערע שפּיציגע האמערס ביי דער ארבייט און דאָ איז ער איינער אליין געזעסען אונטער א ברייטען שטיינערנעם געוועלב, צופּו־סענס א באַרג שטיין-שפּענער און געבויערט און געבויערט. ער האָט אָבגעריסען זיינע אויגען פון׳ם בויער און צו אונז א בליק געוואָרפען. כ׳האָב בעטראכט זיינע הענט, פּנים און די גוואלדיגע מאסע שטיין ארום איהם וואָס איז שוין געלעגען צושאָסען, בע־טראכט די שטיינערנע וואַנט וואוהין ער האָט דעם שטאָלענעם עקבויער געטריבען און כ׳האָב מיר ניט געקענט פאַרשטעלען. אז ערשט מיט א שעה פריהער איז ער געוועזען דרויסען און אפשר מיט מיר אין איין וואגאָן געפאָהרען. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז ער אליין איז פון שטאָל און מיט א שטאָלענעם ווילען, שטאָלענעם פערלאַנג; און זיין פערלאַנג איז — די גאנצע שטיין און פעלזען־געגענד פון קריפּעל-קריק אויף דראָבנע שטיינדלעך צוברעקלען. דער פערוואַלטער האָט איהם בעגריסט. געמאכט א פּנים, אז ער ער־לויבט איהם אביסעל דעם פעלז צו רוה לאָזען:

— ווי פיהלסטו זיך, טאם?

— א, א דאנק, מיסטער וואָקער. איך שפּיר מיר גאנץ גוט — נאָר דאָ האָט זיך מיר ווידער א עקבויער אריינגעהאקט אין שטיין און כ׳קען איהם ניט בעקומען. שוין דער דריטער צייט נעכטען אָן.

דער פערוואלטער האט זיך אזוי כוואטסקע ארויפגעכאפט דיי טענדיג אויפ׳ן עקבויער און געבראכט איהם אין בעוועגונג. גע-דרעהט אהער און אהין און ס׳האט ניט געהאלפען. ער האט א שמיץ געטאן די לופט־רעהר מיט׳ן בויער צוזאמען.

— מט לאז איהם — אזוי כאפען זיי אריין פון צייט צו צייט א שטאלענעם עקבויער און ווילען ניט אבגעבען. מען וועט איהם אויפרייסען דעם שטיין, וועט ער שוין מיט בייזען ארויס.

— בענקט זיך ניט אמאל צו זעהן די ליכטיגע וועלט? — פרעג איך דעם מענשען וואס הייסט טאם און וואס בויערט דעם פעלז גאנצענע טעג לאנג.

— די ליכטיגע וועלט? מיט וואס איז דא שלעכט? רוהיג. שטיל. דא איז בעסער ווי דארט אויבען. כ׳האב מיר ניט איין מאל געלאזט זוכען ארבייט צווישען פארמערם — צו טומעלדיג דאר־טען אויבען. די גרויסע שטאט, דער שאפ — געהען זיי צו אלדע רוחות.

— אבער ניט אזוי געפעהרליך.

— ניט אמת, אין דער גרויסער שטאט, אין די גאסען אומ־געהענדיג שטעלט מען פיעל מעהר איין דעם לעבען. דא איז פאר די לעצטע דריי יאהר בלויז צוויי מענשען אומגעקומען און דאס איז געוועזען זייער שולד. ניט געוועזען פארזיכטיג.

— ס׳אי אמת — איז דער פערוואלטער אריינגעפאלען אין די רייד — אלץ איז דא אין ארדנונג. מען פאסט אויף, אז די פערפוילטע קלעצער וואס שפארען אונטער די מינע זאלען אין צייט אומגעביטען ווערען.

— ווערען דא די קלעצער שנעל פערפוילט?

אין פערלויף פון א פאר יאהר ווערט די האלץ צופרעסען. די לופט איז דא אזא וואס פרעסט אויף די האלץ...

ס׳האט זיך ניט ווילענדיג געטראכט:

— מויל־אייזלען לעבען דא ניט לאנג. די געהילצען, פעכע-דיגע, סאסנע קלעצער, ווערען פון דער לופט דא אויפגעפרעסען

און דער מענש, מישטיינסנעזאַגט, ער איז עס דער גבור.
זאָל זיין אזוי.

ביים ליכט פון מיין לעמפּעל האָב איך בעטראכט דעם גראַ־ניטענעם געוועלב איבער מיין קאָפּ און דעם טונקעלען, פעטען פאַס, ווי אַנגעאוילט, וואָס האָט זיך געצויגען אינם גראַניט. דאָס איז דער גאָלד־אָדער וואָס פלעכט זיך דורך אין פעלזען און נאָך איהם יאָגט מען זיך עס. מען היט זיך איהם ניט אַנצואווערען און זיין שפּור ניט צו פערלירען. אמאָל ווערט מען איהם אָן, אָבער מען רייסט דעם גראַניט אזוי לאנג מיט דינאַמיט ביז מען כאַפּט דעם גאָלד־אָדער ווידער. איך האָב אבגעקרישעלט א שטיקעלע פון יע־נעם טונקעלען פאַס און האָב דעם שפּור פון גאָלד ניט בעמערקט. פאַר מיר איז עס געווען שטיין ווי אלע שטיינער.

— זעהסטו, אונזער עולם איז א גאַנץ אנדערער — האָט דער מיסטער וואָקער ווידער אָנגעהויבען, גאָר פערגעסענדיג זיך, אז ער איז דער פערוואַלטער פון די אלע גריבער דאָ און אז ער האָט צו זאָגען אויף די הונדערטער מענשען אונטער דער ערד — פער־שטעהסט, אונזערער א מענש איז א אומעטינער, א טרויעריגער — אָבער מיט א גוט הארץ. אונזערען א מענשען איז ניט אזוי גרינג צו קויפען אָבער, אז ער לאָזט זיך שוין צו צו דיר איז מיט הארץ און לעבען. פריינדשאַפט איז ניט אזוי גרינג צו בעקומען פון אונ־זערען א מענשען, אָבער האָסטו שוין יאָ בעקומען איז עס מיט דער פולער האנט. אונזער א מענש האָט פיינט אז מען בעליידיגט איהם. מיין ניט, אז אונזערער א מענש גערט אום מיט א מעסער אין קע־שענע — אָבער אן עולה האָט ער פיינט.

— יאָ, אונזער עולם קען ניט זיין ווי אלע מענשען — האָט דער מיסטער טאָם צוגעגעבען, פּרואוועוונדיג אפשר וועט ער דאָך דעם עק־בויער פון שטיין ארויסבעקומען — מען לעבט אונטער דער ערד, מען שווינדעלט ניט, מען האָט ליעב צו קוקען א מענשען גלייך אין די אויגען, אז מען בענעגענט זיך. אונזערער א מענש פערשטעהט ווי צו בענעהן זיך מיט א רעוואָלווער אויך, אָבער...

מיט אמאָל האָט דער גאַנצער פעלזען־גרונט אונטער אונז א ציטער געטאָן, א טיעפער ברומען האָט זיך דורך דער שאַכטע דורכגעטראָגען און אין די ווענט אריין.

כ'האָב א ציטער געטאָן און האָב אָנגעשטעלט מיינע בליקען אויף זיי, אויסדריקענדיג פערוואונדערונג.

— דאָס האָט מען אויפגעריסען דינאמיט אין דער שאַכטע אונטער אונז.

ס'האָט מיר אביסעל געוואונדערט, ווייל מיר האָט ער געהאט דערצעהלט, אז מען רייסט אויף דעם גראַניט ארום פיער א זייגער, יעמאָלט ווען מען האָט שוין ביים פערלאָזען די מינע, כדי ס'זאָל זיך איבער נאכט דער רויך אויסלופטערען. דער גערויש האָט דערמאָנט דעם מיסטער טאָם אָן זיין ארבייט. ער האָט אָנגעשטעלט דעם עקבויער צום פעלזען און אויפגעעפענט די געפּרעסטע לופט וואָס אין רעהר. מיט אזא שטעכעדיגען און טרוקענעם טא-טא-טא האָט דער בויער גענומען ארבייטען, אזש די ווענט האָבען געציטערט.

מיר האָבען זיך אראָבגעלאָזט מיט די לייטערס נידעריגער צו דער שאַכטע נומער פופצען. ס'איז מיר ווירקליך געווען א ביסעל שווערליך נאָכצוהאלטען מיין פלינקען בעגלייטער ווען ער איז פון איין לייטער צום אנדערען איבערגעשפּרונגען אין דער הונדערט־פוסיגער עפנונג. דער רויך פון פולווער, אָדער אויפגעריסענעם דינאמיט האָט א שלאָג געטאָן צום נאָז, און אז מיר האָבען דערגרייכט די שאַכטע האָט עס אזש אין די אויגען און אין האלז געריסען. דאָ איז עס מיט א פּאָר מינוט פריהער דער אויפרייס געווען און דער בייסעדיגער רויך איז געווען געדיכט ווי א וואנט. איך בין איהם נאָכגעגאנגען טיעפער אין רויך אריין. ס'האָבען זיך בעוויזען רויטע פייערלעך און קלאָר האָט מען געקענט הערען שטימען פון מענשען.

ווייזט אויס, אז פאר דעם מיסטער וואָקער איז דער רויך גע ווען א גאנץ נאטירליכע זאַך, ווייל ער האָט אפילו ניט געפונען פאר

נויטיג עפּעס צו בעמערקען ווען איך האָב זיך שטאַרק צוהוסט איהם נאָכנעהענדיג מיט מיין לעמפּעל, וואָס האָט ווינציג וואָס געלויכ-טען. קוים וואָס מען האָט געקענט בעמערקען די צוויי מענשען וואָס האָבען זיך געקאַלאַטשעט אין א הורבע צוריסענע גראַניט-שטיקער. ווי שפּעטער האָבען זיי אויסגעזעהען אין דעם טריבען שיין פון זייערע לעמפּלעך. עס איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלען זיי עפּעס צו פרעגען, וויסענדיג אז אין דעם שטיקענדיגען רויך וועלען זיי זיך דאָ אומדרעהען דעם גאַנצען טאָג. מיין בעגלייטער האָט אויך געשוויגען. ווען מיר האָבען זיך שוין געהאַלטען ביים אראָב-לאָזען צו דער שאכטע נומער זעכצען, האָט ער בעמערקט:

— ניט אומעטום איז אזוי אנגערויכערט. מיינסטענס רייסט מען דעם שטיין אײדער מען פערלאָזט די מינע און דאַצו — ניט אלעמען שאַרט דער רויך.

מיר האָבען זיך דורך די לייטערס אראָבגעלאָזען אלץ נידערי-גער און נידעריגער, גליטשענדיג זיך דורך די הונדערט-פוס לאַנגע לעכער, וואָס אין גראַניט. די ארבייט אונטען האָט געקאָכט. וועגע-לעך נאָך וועגעלעך זיינען פערביי אונז דורך צום הויפּט־אריינגאַנג און הינטער זיי די אונטערשטופּערס. צווישען זיי זיינען שוין פּאָר ראַן סלאוועןן און איטאליענער, ווייל א קלענערען פּרייז צאָהלט מען דערביי...

ס'האָט זיך דערהערט א קרעכץ אין די קלעצער ווען מיר זיי-נען פערביי אַן אונטערגעבויטען אָרט. האָט דער פערוואַלטער אויפ-געהויבען זיין לעמפּעל און בעטראַכט די קלעצער:

— ערשט נעכטען איז נאָך גאַנץ געווען און איצטער שוין צופּלאַצט — האָט ער בעמערקט.

די דיקע קלעצער האָבען זיך געקרימט אונטער דער שווערער משא וואָס האָט פון אויבען געפּרעסט, און איין קלאָץ, א דיקע, ניט ארומצוגעהמען, איז ווי א פּלעצעל צוקוועטשט געוואָרען.

ס'איז ניט קיין נעפּאַהר, נאָר מען וועט עס דאַרפען גלייך פער-ריכטען. זעהסט, וואָס פאַר א שטאַרקע האָלץ נאָך? האָט ער צום

צודריקטען באלקען אויפגעהויבען זיין לעמפעל — צעהן אויגען בעדארף מען האבען.

ביי א פלאץ וואו מען האט אונטערגעבויט א דורכגאנג זיינען פיער יונגען געשטאנען איינגעבויגען און מיט זייערע קארקס האבען זיי אונטערגעהויבען א בעליק אין דער הויך און איינער אן עלטערער האט איהם אונטערגעשפארט. דער אלטער, א האלענדער, שוין דרייסיג יאהר ביי אזא ארבייט. ס'אי געווען ניט ווייט פון דער עפנונג צו דער שאכטע נומער אכצעהן און ער האט עפעס בעדארפט פון דארט בעקומען א ברעטעל, האט ער ווי א יונגער אינגעל ארויפגעקלעטערט איבער דער לאך און אויף א שמאלען בעליק דורכגעגאנגען.

— וועסט נאך אראבפאלען צו אלדע גוטע יאהר — האב איך צו איהם א געשריי געטאן.

— שוין דרייסיג יאהר, מיסטער, אז מיר בויען אונטער שאכטעס און מען פאלט ניט ארונטער, כא־כא — אט זעהסטו מיין זוהן — אזוי בין איך געווען מיט דרייסיג יאהר צוריק, כא־כא-כא!

— א גוטער עולם אט די האלענדער, האט מיין בעגלייטער צוגעגעבען. א געדולדיגער, ניטא קיין עגמת נפש פון זיי, כע־כע— האט ער דערצעהלט ווען מיר האבען געקלעטערט דורך דער עפנונג צו דער שאכטע נומער אכצען — אט די סלאווען, די איטאליענער, איינער צוויי איז נאך צו דערליידען; קומען זיי אבער אן אין א גרויסער צאל איז ניט גוט. דערפיהלען זיי זיך נאר שטארק האבען זיי ליעב צו נעהמען די איבערהאנט. כע-כע — ביי א דריי הונדערט האבען זיי זיך אהער אמאל אראבגעלאזען קיין קריפעל־קריק. געוואלט זיך דא אבשטעלען. האבען מיר זיי ארייננעזעצט אין ב א ג י ס און געהייסען פאהרען פון דאנען. קריפעלקריק פערטראגט ניט אזעלכע.

אז מיר זיינען אריין אין דער שאכטע נומער אכצעהן, וואס מיינט אכצעהן הונדערט פוס טיעף, איז אונז אנטקעגען געקומען פון ערגעץ אזא מין גערויש און געפילדער און קלעפ פון האמערס

איבער אייזען, אז מיר האָט זיך אויסגעוויזען — ניט קיין מענשען זיינען דאָרט אין דער שאכטע נאָר רוחות און ניט אנדערש ווי זיי שמידען עס דאָרט די גאָלד. כ׳בין שטעהן געבליבען און זיך צו־געהערט צו דעם אונגעוועהנליכען רעש.

— דאָרט איז אונזער קוזשנע וואו מען שאַרפט די עקבויערס און מען פערריכט די פערשיעדענע געצייג צו דער ארבייט.

וואָס ווייטער מיר זיינען געגאנגען אַלץ שאַרפער און שווע־רער איז דער רעש אונז אנטקעגען געקומען. א רויטער שיין האָט זיך פון ווייטען בעוויזען.

ביים סאַמע עק פון דער שאכטע, אכצעהן הונדערט פוס טיעף האָט מען עס די קוזשנע איינגעאָרדענט. א גרויסע ברייטע קוזשנע. ווענט פון ש ט י י ן; פּעלז — דער געוועלב און ג ר א נ י ט — דער גרונט. א העלישער פייער ניט פון קוילען, נאָר פון א גאַז־שטראָם האָט זיך געריסען איבער דער האָרנע מיט אזא אימפּעט און ווילדער זשוזשעריי, אזש די הויט אויפ׳ן לייב האָט געצי־טערט. פיער שמידען, איינער אן אלטער און דריי יונגע אין לעדער־נע פארטוכער און לעדערנע לאנגע הענטשקעס און מיט א אָפענער, אויסגעבראשטשעטער ברוסט א פערברוינטע, זיינען זיי געשטא־נען און זיך גערויטיגט אנטקעגען פייער. הונדערטער עקבויערס לי־גען אין וועגעלעך נעבען זיי. א שטעק אריין אן עקבויער אין העלי־שען פייער. א רגע — איז ער שוין צונטער רויט; אונטערגעלעגט אונטער אן אוטאָמאַטישען שווערען האמער, א חריק — טאַ־טאַ — צוגעקלאפּט און אוועקגעוואָרפען. געשווינדט נעהם די ארבייט די היץ איז ניט איבערצוטראָגען פאר אונזערען א מענשען, ס׳ווילט זיך עפּעס זאָגען, נאָך דער גערויש פון פייער און האמער אין דער שטיינערנער הייל איז אזוי גרויס, אז אומזיסט איז גאָר די פּראָ־בע עפּעס צו זאָגען. ס׳בילד זעהט ניט אויס ווי אין דער ווירק־ליכקייט, נאָר עפּעס ווי אין א מעשה פון טויזענד און איין נאכט. אונטערערדישע פייערדיגע שמיערען וואָס שמיערען און שמיע־דען און וואַרפען די אָנגעגליהטע אייזענס פון האנט צו האנט.

כ'האָב נאָך געוואָרט, אַז די אַלע פייער שמידען זאָלען אויסשיסען מיט אַ שאַלענדיגען, פייערדיגען געלעכטער און איך זאָל זיך אויפכאַפּען און זיך וואונדערען פון דעם וואונדערליכען חלום...

— — — צו דער שאַכטע נומער ניינצען זיינען מיר ניט דערגאַנגען.

— ניט לאַנג נאָך האָט מען זי אויפגעעפענט און זי איז מיט וואַסער פערגאָסען. וואַסער זיך בעוויזען און שטערט די ארבייט.

— פאַראַן דאָרט גאָלד?

— רייך.

* * *

ס'איז שוין געווען אַרום האַלבען טאָג ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין שפּאַציר. אַז מיר זיינען געקומען צום צענטער האָבען מיר געטראָפען די אַרבייטער פערזאַמעלט זיצענדיג ווער אויף אַ שטיין און ווער אויף אַ וועגעל און ווער די פיס אונטער זיך און געניסענדיג פון דער האַלבער שעה רוה און קייענדיג דעם טרוקענעם עסען וואָס יעדערער האָט זיך אין אַ בלעכען קעסטעלע מיטגענומען. מען נעמט זיי ניט אַרויף אויבען צו דער ליכטיגער וועלט. זיי האָבען שטיל געקוקט צו אונז. ערנסט און שטום.

מיין בעגלייטער האָט ביים עלעווייטאָר געגעבען אַן עלעקטרישען סיגנאַל וואָס האָט לייכט געקלונגען צוויי־צוויי דריי איינס. אין אַ וויילע אַרום איז ווי אַ ווינט פון אויבען אָנגעקומען דער עלעווייטאָר. אויף איהם אַ לעדיגער אייזערנער וועגעלע און מיר האָבען זיך אין איהם אַריינגעזעצט. ווי פריהער האָבען שווערע, קאַלטע טראָפּענס געקאַפּעט און געפאַלען אונטער'ן קאָלנער. דער עלעווייטאָר האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, נאָך דעם ווי מיסטער וואָקער האָט אַ סיגנאַל געגעבען, און זיך געטראָגען מיט אַ נאַסען פייף אַלץ העכער, העכער...

---

כ'בין נאָך געגאַנגען אין די מילען וואו מען וואַשט די שטיי־

נער, מען מאַלט זיי און כ'מוז מודה זיין, אז קיין גאָלד האָב איך נים געזעהען...

---

## זילבער

אומעטיג. עפּעס טהוט באנג נאָך דעם, ווי מען לאָזט זיך אראָב צוריק פון די הויכע בערג, שפּירענדיג, אז דאָרט אויבען, צווישען שטיינער, איבער די וואָלקענס, האָסטו געלאָזען מענשען אין דיין געשטאַלט, וואָס גראָבען זיך אין די בערג, זוכען קאַלטע, שווערע מעטאַלען; זוכען גאָלד, זילבער, קופּער, צין, אייזען. צומאָל ווילט זיך אפשר מקנא זיין זייער גורל. האָבען דאָך א ווילען. זייער אויסוואַהל...

קומסטו אָבער שפּעטער אין גאס אריין, אין לעבען אריין, וואו דיין אויג זוכט דעם תוך פון לעבען און דיינע בליקען, וואו זיי זאָלען נים פאַלען, טרעפען זיי — דאָ א בליץ פון גאָלד, דאָ — דער בלאַסער אָבשיין פון זילבער, דאָ — רויטעלט זיך קופּער און ס'געלט מעש, גרוים זיך בליי און ס'זשאַווערט אייזען; זעהסט ווי וויים אָט די אלע קאַלטע מעטאַלען האָבען זיך אין אונזער לעבען אריינגעריסען, ווי וויים זיי האָבען זיך אין אונזער נשמה אריינגעריסען; מערקסט ווי ביים קלאנג פון די אלע מעטאַלען ווערט דער טאָג צום לעבען ארויסגעפיהרט און ביים אייגענעם קאַלטען קלאנג פיהרט מען דעם געשטאָרבענעם טאָג צו דער קבורה — אָ, ווען מען טראַכט זיך גוט אין דעם אריין, נאָך דעם ווי מען פערברענגט אין די בערג, צי אין אנדערע ערטער, וואו די קאַלטע מעטאַלען ווערען פון די פינסטערע בעהעלטענישען אויף דער ליכטיגער וועלט ארויסגעבראַכט — דאָפּעלט טרויעריג ווערט אוים'ן הארצען.

אין צפון־זיים פון קאַלאַראַא, אין די גרויסע פעלזען־בערג,

צעהן—צוועלף טויזענד פוס הויך, וואו ס'האט זיין בעט דער ק ל א ר ע ר ט י י כ ע ל — דארט זיינען זילבער־אוצרות פא־ ראנען. און כ'ווייס ניט, אויב אזוי לייכט וואלטען מענשען אהין דעם וועג אויסגעפינען, ווען ניט אט דער קלארער וואסער-שטראם, וואס האט די פעלזענשטיינער, זייער הארץ אויף צווייען צושפאל־ טען. ס'וואסער קומט פון די פערשנייטע קעפ און נאקען פון די בערג און ציהט זיך צו דער נידער, מורמעלט דעם גאנצען וועג, סודות ענטפלעקט עס:

— ציהט זיך אהין פון וואנען איך קום; מיט זילבער-שטויב און זילבער--קערענדלעך איז מיין בעט אויסגעשאטען.

ס'קלייבט זיך דער צוג בארג ארויף אויף זיינע שטאלענע רעלסען, שלענגעלט זיך ביים ראנד פון טייכעל. ס'וואסערעל האט קאפריזען, קרימט זיך, בויגט זיך, שפרינגט ארויף און אראב, און אזוי מוז דער צוג זיין וועג מאכען. ווארים דער פעלזען־שפאלט איז טיעף, די וואסער-בעט, ערטערווייז, צווישען צוויי קיהלע ווענט, וואס ווארפען זייערע שאטענס צום וואסער. די שטיין־ ווענט זיינען הויך מיט'ן אויג ניט אבצומעסטען זייער הויכקייט. דער בלויער הימעל ליעגט אויף זייערע שפיצען אנגעצויגען און ס'דאכט זיך, אז דער הימעל האט זיך איבער'ן טייכעל אראבגעבוי־ גען ניט צו דערלאזען דעם שטויב אהער אראבצופאלען. אבער ס'ק ל א ר ע טייכעל איז דא גאר ניט אזוי קלאר. אומזיסט וואכט דער הימעל דארט פון אויבען.

ערגעץ דארט העכער אין די בערג גראבט מען זילבער. מען רייסט אויף די פעלזען און די שטיקער זייערע צומאלט מען אין אזעלכע מילען, וואס קענען שטיינער צומאלען. מען וואשט דעם צוקרישעלטען שטיין אין אזעלכע וואש־קארעטעס, וואס אין יענע מילען, און ס'וואסער פון דעם ק ל א ר ע ן טייכעל ווערט אין יענע מילען אריין פערנארט. ס'וואסער קומט אריין קלאר ווי קריסטאל און מען לאזט עס פון מיל ארויס בלאטיג־גרוי. ס'טרעפט נאך, אז א פארמער, וואס האט ערגעץ-וואו ביים צופוסענס פון א

פעלז א פּאַסיקעל פּרוכטבאַרע ערד געפונען, נאָר דער רעגען קומט אהין ניט אין דער צייט, האָט ער דעם טייכעל צו זיך אויפ'ן פעלד פערנאַרט, בעפרוכפּערט זיין פעלד און ס'וואסער אָבגעלאָזען, נאָך דעם ווי ער האָט איהם דעם שטויב פון פעלד אין וועג אריין מיטגענעבען. בלויז, אַז מען קומט העכער, העכער אין די בערג אריין, וואו ס'איז צו קאַלט, אַז ברויט זאָל וואקסען און דער שפּור פון זילבער איז פערשוואונדען, דאָרטען איז ס'וואסער לויטער און קלאָר, פון זיין בלויקייט קוקט די שנייאיגע קאַלטקייט ארויס, און פון זיין קאַלטקייט קוקען די בלויע-הימלען ארויס. און ס'מאָלט דער געדאנק זיך אויס די צייט, ווען דער מענש האָט פון דעם וועג דאָ נאָך ניט געוואוסט; ווען זיינע תאוות האָט נאָך דער מענש אהער ניט אריבערגעטראָגען — אך, ווי קלאָר האָט יעמאָלט דאָ דער קלאָרער-וואסער געמוזט זיין! קלאָר און ריין, ווי דער געלעכ־טער פון א יונג קינד...

זילבער... גאָלד...

ס'האָט דער מענש אָבגעשאצט זייער ווערט און זילבער א קלענערען ווערט געגעבען. ווייל דער זילבער־גלאנץ איז מער בעשיי־דען. און אין דער צייט, וואָס דער פּרייז פון גאָלד איז כמעט ווי פעסטגעשטעלט אין אלע שטעט, אין אלע לענדער, וואו מענשען ווייסען חכמת־החשבון, ו ו י ג ט זיך אָבער זילבער אין זיין פּרייז און זיין ווערט האָט ניט שטענדיג דעם אייגענעם ווערט. דער ווערט פון זילבער געהט פון האנט צו האנט; מיט איהם שווינדעלט מען שוין, ספּעקולירט מען שוין. און ווי דער פּרייז פון זילבער אין טאָל, אין שטאָט, אזוי איז דער פּולס פון לעבען אין דער הויך, וואו די זילבער אוצרות ווערען אויסגעפּאָרשט און אויפגעדעקט. געווען א צייט, וואָס דאָ אין די גרויע־בערג ביים קלאָרען־וואסער האָט ווי אין א בינשטאָק זיך געראודערט. אין די וואָלקענס האָבען זיך איבער נאכט שטעטלעך אויסגעבויט; איז אָבער א צייט געקומען, ווען אין די בערג, צו מערב-זייט, אין קריפּעל-קריק, האָט זיך גאָלד בעוויזען און אלצדינג האָט אהין די אויגען, געווענדעט, אהין האָט מען זיך

אַ לאָז געטאָן גליק זוכען. איינציגוויז האָבען די מענשען זייערע שאַכטעס פערלאָזען, אין דער שטיל פון זייערע נאַרעס זיך אַרויס־געשלייכט, מיט׳ן האַמער און עקבויער אַוועקגעלאָזען זיך אַהין, צו די בערג, וואָס נעהענטער צו מערב־זייט — צום גלאַנץ פון גאָלד.

זילבער, אַליין ביי זיך, איז פונקט אַזוי יחסנ׳דיג דאָ, ווי גאָלד אין קריפּעל־קריק. איז אויך, אין קליינע שטויבעלעך, איינגעוואַקסען אין דעם סאָלידען גראַניט. צו בעקומען זילבער דאָ, בעדאַרף מען זיך אַזוי מטריח זיין, ווי גאָלד צו ענטפּלעקען. אויך דאָ האָט מען אין יענע גוטע צייטען גאַנצע בערג אונטער די בערג אויפגעריסען; פון אונטער דער ערד וועלטען גרויע שטיינדלעך אַרויסגעבראַכט, אויפגעשאָטען לאַנגע, הויכע וואַלען — האָט מען עס ניט געוואַ־שען און ניט געמאָלענערהייט געלאָזען און צום גאָלד זיך אַוועק־געלאָזען. און דאָ וואו ס׳איז אַמאָל אַ שטעטעל געווען, הייזער גע־שטאַנען, פון דעם לעבעדיגען איז כמעט קיין שפּור ניטאָ. בלויז ביים ראַנד פון קלאָרען טייכעל, דאָ און דאָרט שטאַרצט אַ שטיי־נערנע מצבה אַרויס אָדער אַ הילצערנער פּשוט׳ער צלם שוואַרצט זיך און שפּיגעלט זיך אין וואַסער. ס׳איז אַ צייכען, אַז דאָ איז אַמאָל אַ לעבען געווען, אַז דאָ האָט אַמאָל אין אַוועגט געלעכטער געקלונגען, פּונקט ווי אין קריפּעל־קריק, די גאָלד־געגענד. פּונקט ווי אין קריפּעל־קריק האָבען זיך יעדער פאַרנאַכט די בחורים פון אונטער דער ערד אַרויסגעקומענע, געקליבען זיך אין שטעטעל אַריין אין די שמאָלע געסלעך זיך אויפגעטראָפען מיט די בליקען פון די אָנגעפּאַרבטע מיידלעך, וואָס האָבען זיך דעם גאַנצען טאָג זליין געלאַנגווייליגט און געגעניצט אין די שטילע גאַסען; אָט די מייד־לעך אין קורצע קליידלעך, וואָס האָבען זיי אָבגעוואַרט אין די שטי־לע געסלעך און מיט אויגען אָנגעצונדענע צוגעזאָגט נעכט פון לע־בענסלוסט אַנשטאָט די טעג אין די פינסטערע שאַכטעס....

ס׳איז איצטער אַ מלחמה אויף דער וועלט און די אַלטע ווערטען פון זאַכען, וואָס האָבען ניט קיין ווערט האָבען זיך שטאַרק געביטען. דעם ערשטען פּלאַץ — ניט אין פּרייז, נאָר אין

וויכטיגקייט — פערנעהמט קופער, שטאָל און אייזען; שפעטער ערשט קומט גאָלד און זילבער, און גאָר שפעטער ערשט קומט דער מענש מיט זיינע תאוות. ס'איז דער ווערט פון קאָלטע מעטאַלען שטאַרק געשטיגען. אפשר קופער איז דער גרעסטער יחסן, אָבער זילבערס־ווערט האָט דאָך אין לאַנד גאַנץ פיין געשטיגען. שטאָל־צע ארבייטער פון קריפּעל-קריק האָבען דעם גאָלד־גלאַנץ פערלאָזען, ווייל ביי קופער קען מען איצטער מעהר פערדיענען. אויך די האַרען פון די פערלאָזענע זילבער-מינען האָבען זיך אומגעקערט צו זייערע פערלאָזענע שאַכטעס, בעטראַכטען די אָנגעשאָטענע וואלען ביים מויל פון זייערע שאַכטעס, וואונדערען זיך וואו די הייזער זיינען אהינגעקומען, וואָס האָבען זיך געשפּיגעלט אין שאָטען פונם וואסער דאָרטען אונטען...

ק אָ לאָ ר אַ ד אָ־צ ע נ ט ע ר. אזוי הייסט דער פּלאַץ, ביז צעהן טויזענד פוס הויך. ס'ציטערט די ליכטיגקייט איבער די שניי-בעשפּריינקעלטע בערגלעך ארום.

— זעהסטו — ווייזט מיר אָן דער פורמאַן, וואָס האָט מיך אהער געפיהרט מיט זיינע ווייסע פערד, ווייל אהער געהט דער באַהן ניט. — זעהסטו דאָרט אין דער נידער, וואו דער טייכעל איז? ניטאָ קיין שפור פון קיין הויז. און דאָ איז נאָך גאָר ניט לאַנג אפשר דריי הונדערט הייזער געשטאַנען. א לעבעדיגע שטעטעל געווען, א פרעהליכע שטעטעל. נאָך ווי האָט מען דאָ געהוליעט.

— וואָס איז דאָס פאַר א מצבה, וואָס שטאַרצט ארויס ביים זייט פון בערגעל, דאָרטען נעבען וואסער?

א קבר פון אונזערען א מענשען. געווען מעהר מצבות. נאָר ס'וואסער ווערט דאָ שפּעטער טיעפער: און זומער ווען דער שניי שמעלצט זיך אויף די בערג, יעמאָלט איז דער שטראָם דאָ, אָט ווי הויך! ביסלעכווייז האָט ער די מצבות און די צלם'ס אראָבגע־טראָגען.

— וואו־זשע זיינען די הייזער אהינגעקומען?

— צושלעפּט. קומט אימיצער זוכען אין די בערג, גראָבט זיך

איין, דארף ברעטער האָבען — צורייסט מען א הייזעל; אדער אז מען בעדארף א פייער אָנלעגען זיך אָנוואַרימען.

— פארוואָס נעהמט מען ניט ארויס די ביינער פון די קברים דאָ?

— וועער בעדארף זיי דען?

— כ'מיין צונעהמען פון דאנען און ערגעץ אויף א בית־עולם ווי געהעריג איז בעהאַלטען.

— וועער ווייס דען פון וואנען אָט די מענשען קומען אָן... וועער ווייס וואו זייער היים איז? האָט דען א מ י י נ ע ר א היים, האָ? כ'ווייס אזעלכע וואָס זיינען אהער געקומען בלויז אין די איינע קליידער, וואָס אויפ'ן לייב און מיט א האמער און ריי־דעל; האָבען זיך אזוי לאנג געגראָבען אין בארג אריין, ביז זיי זיי־נען שוין פון דאָרט ניט ארויסגעקראָכען: ווינטער געקומען — פער־פרוירען געוואָרען. דאכט זיך דיר, אז דו זעהסט גאָרניט אויף די בערג, קענסט דאָ גאָרניט דערקענען; אבער זיי — זיי דערשמעקען שוין דעם זילבער. ס'דאכט זיך דיר, אז קיינער איז דאָרט ניטאָ; ווארט ביז דער טאָג וועט אריבער, וועסטו זעהען ווי איינציגווייז וועלען זיי פון די לעכער ארויס, ווי מייז. אָט די אלע בערג ארום — קוק זיי אָן — פוסט זיינען זיי אינוועניג, אויסגעהוילט, ווי מוראשקעס וואָלטען אין זיי טאָג און נאכט ארבייטען. לענג און ברייט, ארויף און אראָב, האָט מען דאָרט די שטיינער אויפגעריסען, זיי צוּבראכען און זייער שטויב האָט דער טייכעל אוועקגעטראָגען. וויפיעל מענשען זיינען דאָ אומגעקומען! אָט וואלגע־רען זיך זייערע ביינער, זילבער שטייגט — איצטער ציהט זיך דער עולם ווידער אהער. אפשר וועט דאָ פרעהליכער ווערען...

אין דער לאבאראטאָריע, וואו א אידישער אינזשעניער מאכט עקספּרימענטען מיט דער רודע, אז כ'בין אהין אריינגעקומען האָ־בען די שארפע כעמישע שטאָפען מיר אָנגעהויבען צו שניידען אין האלז און אין די אויגען. מען האָט אויסגעפונען נייע כעמישע מיט־לען, ווי אזוי אָבצוטיילען דעם מעטאל פונם שטיין. און דער גרוי־

סער וואָל גרויע, דראָבנע שטיינדלעך, וואָס ליעגט דערביי איז שוין לאַנג געווען פערלאָזען, נאָר איצטער האָט די צייט צום זילבער א שמייכעל געטאָן און מען האָט זיך צו דער רודע גענומען.

— אין דעם וואָל איז פאַראַנען ביי פינף הונדערט טויזענד טאָן רודע און ווען ס'זאָל געלינגען צו בעקומען פאַר צוויי דאָלער מעהר זילבער פון טאָן, איז עס א גאַנצער מיליאָן.

א גאַנצער מיליאָן. א גרויסער פערמעגען. און די כעמישע שטאָפּען מאַכען מיר די אויגען טרערען, און ס'גראַבעלט אין האַלז ווי שמעק־טאַבאַק וואָלט מען מיר אין האַלז אריין אריינגעשטויבט.

די שאַכטע וואָס כ'האָב בעזוכט איז אַן אַלטע א פּאָר יאָהר זי ניט געטשעפּעט. כ'האָב מיר אָנגעטאָן אין הויכע גומענע שיך און עפּעס אויף זיך ארויפגעוואָרפען און מיט אַן אָנגעצונדענער ליכט געלאָזט זיך געהן אין באַרג אריין. די אויבערשטע שאַכטע און — מען דאַרף זיך ניט אַראָבלאָזען אין דער טיעף. בלויז געהן, געהן מיט דעם ענגען, פינסטערען טונעל. פון אויבען טריפען קאַל-טע טראָפּענס און אונטען איז וואַסער. גאַנץ טיעף. איבער די שיך. פון ערגעץ קומט אַן א ווינט און וויל די ליכט אויסלעשען. אָבגע־הענדיג ביי א פערטעל מייל קומט מען צו א פּלאַץ, וואו די קלע־צער, אונטערגעבויטע, זיינען איינגעפאַלען. דאָ צוגעהן זיך צוויי וועגען. ס'איז אָבער שווער דורכצוגעהן. קומט אוים אין וואַסער צו געהן.

— ווילסטו געהן ווייטער — פרעגט מיך דער אינזשענער.

— קען שוין זיין גענוג.

— דאָ זיינען צוויי ארבייטער ערגעץ אינווענינג פאַראַן.

— וואָס טהוען זיי?

— זיי זיינען אוועק זעהען, אויב מען קען די ארבייט אָנהוי-בען. מיר דאַכט איך הער זיי — טאָמפּסאָן!.. מען הערט ניט.

— איז ניט קיין געפאַהר, וואָס דאָ איז איינגעפאַלען?

— דאָס איז שוין די קלענסטע געפאַהר. אָט די אַלע קאַטאַס־טראָפעס, וואָס טרעפען אין די מינעס זיינען גאַרניט. נאָר, אז א

שאכטע רייסט אויף, א מענש ווערט גע'הרג'עט, דאס לאזט זיך הערען, אבער אז די גאנצע ארבייט איז ניט פאר'ן כח פון מענשען אויף דעם קוקט מען זיך ניט אום. פאראן אזא זאך ווי שווינדזוכט, מ י י נ ע ר ס-ק א נ ס א מ פ ש א ן, דאס איז ער דער שונא פון די אלע, וואס מאכען א לעבען אונטער דער ערד...

כ'ווייס ניט פארוואס כ'האב מיר אזוי מיעד געשפירט ארויס־קומענדיג פון אונטער דער ערד. דער בלענדענדיג-ווייסער פלעק, וואס אין מויל פון דער שאכטע און צו וועלכען כ'האב מיר דער-נעהענטערט מיט דער ליכט אין האנט, איז אלץ ברייטער געווא־רען און ליכטיגער געווארען, ווי אן אויג פון דעם ליכטיגען שטי-לען טאג, וואס האט זיך אויסגעברייט איבער די בערג. די ליכ־טיגקייט האט אריינגעשטראמט אין מיר, ווי נאר כ'בין פון דער שאכטע ארויס, און די ליכטיגקייט האט אויסגעלאשען דעם רויט-ליכען מיעדען פלאם פון דער ליכט אין מיין האנט.

כ'בין הינטער'ן בערגעל געבליבען זיצען, נעבען דער מויל פון דער שאכטע און ס'ליכט האט זיך אויף מיר געגאסען און געגאסען. ס'הארץ האט הויך געקלאפט, ווי מיט א זילבערנעם האמער וואלט דארט אימיצער געהאמערט...

זילבער... גאלד... קופער.. שטאל און אייזען — — —

די ווערטען פון אונזער צייט. ירושה פון פריהערדיגע דורות און אזוי וועט עס זיין אין די קומענדע צייטען.

די זון געהט אויף יעדען בעגינען, בעלייכט די בערג, בעלייכט דעם טאל. ליכטיגער איז אין די בערג ווי אין טאל. אבער א סך רו־היגער איז דעם מענשענ'ס הארץ אין טאל און זיכערער שפירט ער זיך אין טאל. פון צייט צו צייט לאזט ער זיך ארויפשטייגען אויף די העכסטע בערג. ברענגט ער די זון פון דארטען אראב? מאכט ער יעם לעבען אין טאל ליכטיגער?

— גאלד, זילבער, קופער, אייזען —

דאס אלץ, וואס ער ברענגט אויף זיינע פלייצעס. ער טראגט

די שווערע משא און זינקט אונטער איהר לאסט, אזש דער רוקענ-ביין ברעכט זיך אונטער דעם יאָך...

---

## אויגען

יערע געגענד דאָ אין לאנד לאָזט איבער א צייכען און געדע־כעניש ווען איהר רייזט דורך איהר. איינע שפּרייט אוים גרינע פעלדער פאר דעם דורכגעהער אדער דורכפאָהרער; די אנדערע גרויסט זיך מיט איהרע וועלדער. איין שטאָט לאָזט דעם שטויב פון זיין טרוקענעם גרונט אויף אייערע קליידער, דער אנדערער — די סאזשע פון די פאבריק-קוימענס. איין געגענד ווינקט מיט איה-רע בערג, וואָס שטענדיג וואוינט דער ווינטער אויף זייערע שפּי־צען, און די אנדערע — קומט אנטקעגען מיט איהרע שטראָמינגע טייכען.

פאראן אָבער דאָ געגענדען, וואו א ו י ג ע ן טונקעלע בעגעגענען דעם וואנדערער אויף זיינע וועגען; אוינען, וואָס שניי-דען זיך אויף אייביג איין אין זכרון. אויגען טונקעלע, שווארצלעך-ברוינע און מיט א טיעפען פייער אין זיך; אויגען, דאכט זיך, וואָס גיבען צומאָל קיין פינטעל נים ווען זיי קוקען.

אז מען דערנעהענטערט זיך צו דרום-זייט פון קאָלאָראדאָ, צו די גרעניצען פון ניו־מעקסיקא, נאָהענטער צום ראנד פון לאנד, וואו די געגענד איז א טרוקענע, א ברענענדיגע, א שטויביגע און זוניגע, וואו בוימער שמאכען, טייכען טריקענען אוים און פריי טראָגען אויף מוראשקעס זייערע בערג און בויען זייערע פּאלאצען, אָט דאָ קוקען ארוים יענע אויגען צום וואנדערער פון אלע ווינ-קעלעך.

די געגענד האָט נאָך דעם אויסזעהען נעווים, ווי אין די צייט־טען פון קאָלומבוס. די הייזלאָך ליימענע, וואָס מען טרעפט דאָ,

האָבען דאכט זיך מיר קיין שום שייכות ניט מיט דער היינטיגער אמעריקא. אָבער די, וואָס קוקען ארויס פון אהינטער די הייזלעך, אדער פון די פענסטער — פשוט'ע לעכער אין די ליימענע ווענט — דאָס זיינען לעבעדיגע מענשען; קינדער פון דעם לאנד; אָט דאָ אין די הייסע זאמדען, צו די אַנגעגליהטע פעלזען האָבען זיך צו-נעטוליעט אינדיאנער אדער אינדיש און שפּאניש בלוט אינאיינעם געמישט.

אפשר זיבעציג בעזונדערע שבטים זיינען זיי דאָ געווען, מיט אפשר זיבעציג בעזונדערע לשונות. פאר דעם אָבער, וואָס זוכט ניט צו פערשטעהן זייערע לשונות און לאָזט זיך ניט פאָרשען זייער היסטאָריע, פאר דעם איז גענוג זייערע אויגען; אין זיי קען ער לעזען אלץ וואָס ס'איז פון דעם לאנד ניט דערצעהלט געוואָרען צווישען די קינדער פון דער ווייסער ראסע. זייערע אויגען דער-צעהלען פון זאכען וואָס רופען ארויס אזא טרויער אין הארצען; אזא בענקשאפט צו די צייטען וואָס זיינען שוין פערגאנגען און קיין מאָל, קיין מאָל וועלען זיי זיך שוין צוריק ניט אומקערען.

די, וואָס שרייבען און האָבען געשריבען די היסטאָריע פון אמעריקא, פרעגען:

— פאר וואָס האָבען די אינדיאנער ניט געקענט זיך שטעלען אנטקעגען דער ווייסער ראסע?

— דערפאר וואָס זיי זיינען געווען פערנומען מיט פיהרען מלחמות צווישען זיך; און ווייל זיי האָבען זיך ניט געקענט שטע-לען אנטקעגען דער ציוויליזאציע.

יא, ס'אי זעהר קלאָר.

וואָס האָט ווירקליך צו טאָן די ה י ס ט אָ ר י ע מיט אויגען — ברענענדיגע, בעוועגונגען — ווי פון דער פאנטערע, בוי-גיגע, זאנפטע און זיכערע; און וואָס האָט די צ י ו ו י ל י ז א-צ י ע צו טאָן מיט ליעדער אָהן ווערטער, טענץ און עקסטאז-אויסגעשרייען, מיט השתפכות הנפש, מיט געזאנג צו יעדען נייעם, געבוירענעם טאָג און פאָרכט פאר דער טונקעלער נאכט?

— גאָר ניט!

אז דו לעבסט אין מזרח־טייל פון לאנד, געניסענדיג פון דער שטיין און שטאָלענער קולטור; געניסט פון דער פינף-צעהן־סענטיגער און קוואָרטערדיגער ציוויליזאציע — פערגעסטו גאָר פון אמע-רקיא׳ס יוגענד.

די מענשען פון דער ווייסער ראסע, אז זיי ווילען זיך אבי־סעל פערטיפען אין זייער עבר און פון דאָרט זיך עפּעס דערמאָה-נען, דערצעהלען זאכען. וואָס פאר קינדער אזוי גוט ווי פאר אלטע זאָל עס זיין נאָהענט צום הארצען; זאכען וואָס זיינען געבוירען גע־וואָרען אויף דער גרעניץ פון ו ו אָ ר און ל י ג ע ן, לעגענ-דען און טרוקענע פאקטען; וואָס קען אייך א קינד פון דער ווייסער ראסע דערצעהלען?

— אז מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק איז נאָך דאָ אין לאנד ניט געווען קיין אייזענבאהנען; קיין עלעקטרי אויך ניט געווען. מיט אויל־לעמפלעך האָט מען די הייזער בעלויכטען. ניט געווען קיין וועב און שפּין-מאשינען; נאָר מיט א פּשוט׳ען שפּין־רעדעל האָט מען וואָל און פלאקס געשפּונען און ביי א פּשוט׳ען וועב-שטול איז מען געזעסען און געוועבט א געוועב צו מאכען קליידער פון דעם. און כמעט דאביי ענדיגט זיך אלץ.

וואָרים די אריבערגעקומענע פון דער אלטער וועלט זיינען שוין געווען קינדער פון דערוואקסענע פעלקער, שוין מיט קנייטשען אויפ׳ן פּנים און מיט "טריקאָענע" הויזען און ווייסע שפּיצען-קעל־נערלאך ארום האלז. די ווייסע ראסע, יעדער פון זיי, האָט זיין היס-טאָריע געלאָזען אויף יענער זייט ים און די בענקשאפט אהין האָט דער ים־ריח אויסגעוועבט; די זכרונות אבגעקראָכענע, דעם פארב פערלאָרען. אהער זיינען אריבערגעקומען דערוואקסענע מענשען, וואָס דאָ ערשט האָבען זיי בעדארפט צוריק יונג ווערען. און ארויס-געקומען איז דאָס, וואָס מען בעקומט פון אלט׳געבאקען ברויט ווען מען פרישט עס אָב אין א הייסען אויוועץ. און דעריבער פעהלט דאָ די בענקשאפט אין די אויגען פון דעם ווייסען מענשען; דעריבער

פעהלט דאָ דער פערבאָרגענער פייער אין די אויגען און אין די בלוטען פון דעם ווייסען מענשען.

זאָל דאָ די ווייסע ראַסע פּרואווען צומאַכען די אויגען און וועלען אביסעל חלום'ען: אזוי זיך אָוועקטראָגען אויף די פליגלען פון דעם דמיון, אזוי זיך דערוויטערען פון די הי ס ט אָ רי ש ע געשעהענישען, וויכטיגע און ווניגער וויכטיגע, אזוי זיך פערבלאָנ-דזשען אין פער'כשופ'טע, אין צויבער־וועלטען, קינדער־וועלטען — זאָל עס פּרואווען דאָ די ווייסע ראַסע — ס'וועט ניט געלינגען.

די היסטאָריע פון דער ווייסער ראַסע דאָ איז מ ז ו מ ן. איהר בעדאַרפט ניט טרויען אדער גלויבען אויפ'ן וואָרט. ס'אי ניט די היסטאָריע און לעבען פון די אַלטע וועלטען, מזרח אדער מערב. די פאָרשטעהער פון דער איצטיגער אמעריקא ווייסען ניט פון קיין קינדער-יאָהרען; און דאָס וואָס ס'האָט צו טאָן מיט די קינדער-יאָהרען פון ל א נ ד, דאָס שפּיעלט פאַר דער ווייסער ראַסע קיין ראָלע ניט. ס'אי דער אויפגעקומענער קצין אבער ניט — דער איינגעבאָרענער. ס'זיינען דאָ פאַראַן לעבעדיגע און ניט־לעבעדיגע סמנים פון אמעריקא'ס קינדער-יאָהרען און אַלע ווערען אויף איין אופן בעהאַנדעלט און בעטראַכט:

די ניאַגראַ-וואַסער־פאַלען וואָס רוישען און שרייען: "אונזער לאַנד איז יונג, אונזער לאַנד איז שעהן, אונזער לאַנד איז גרויס, אונזער לאַנד איז פריי — און זעהט ווי הויך מיר פאַלען פראַנק און פריי"... אָט די פרייע וואַסער-פאַלען ווערען ארומגעבויט און זייער לויף ווערט פערהאַלטען; מיט זייער כח בעשאַפט מען ע ל ע ק ט ר י צ י ט ע ט פאַר דער געגענד. די בוימער אין אָרע-גאָן ווערען אויסגעהאַקט און די פעלזען-ווענט פון אריזאָנא'ס פעל־זען-שפּאַלט, ניט קענענדיג זייער פּנים פערדאַרבען אויף אַן אנדער אופן, האָט מען כאָטש אויף זיי פּסוקים פון ברית חדשה אָנגעשריי־בען. און די איינגענע בעציהונג איז צו די לעבעדיגע סמנים, צו די אינדיאַנער, וואָס די ווייסע ראַסע ברעכט זיך דעם קאָפּ זיך צו דערוויסען אויף קלאָר פון וואַנען זיי זיינען אהער אָנגעקומען.

מען קלערט אלץ פון וואנען זיי זיינען אהער אַנגעקומען און מען פערגעסט, אז קאָלומבוס האָט זיי שוין דאָ געפונען; אז זיי האָבען דאָ די ערשטע א פייער אַנגעלעגט און דער מוטער ערד געוואַרעמט.

זיי זיינען אזוי אַ ל ט ווי די מיסיסיפי, אזוי אלט ווי די בערג פון קאָלאָראדאָ און ווי די בוימער אין אָרעגאָן און זיי זיינען אזוי י ו נ ג ווי דער האָדסאָן, אזוי י ו נ ג ווי די ניאגרא פאלען, ווי דער ג ר י נ ע ר ט י י ך אין די בערג פון ווייאָמינג. די קינדער פון דער ווייסער ראַסע האָבען זיי ביים אַנ-קומען געטראָפען אויף אלע ברעגעס, ביי אלע אמעריקא׳ס וואסער-ראנדען: ס׳האָבען די שפאניער זיי געטראָפען ביי די דרום-ברעגעס פון לאנד. ס׳האָבען זיי האָלענדער געטראָפען ביים שעהנעם האָד-סאָן וואָס אין מזרח זייט פון לאנד. ס׳האָבען די ענגלענדער, די דייטשען זיך געוואַרימט ביי זייערע פייערען און גע׳חנ׳דעלט זיך צו זייערע פלינקע טעכטער. ביי אלע טייכען, ביי אלע שטראָמען זיינען זייערע שפורען געווען און פון אלע זייטען, דרום און מזרח, האָט מען זיי גענומען ברענגען זייערע טריט. ווער מיט שיס-פולווער און ווער מיט א נייער אַ מ ו נ ה. מיט א נייעם גלויבען אין תורה וועגען ליעבע און רחמנות האָט מען זיי פון אלע טייכען, פון אלע ים׳ען פערטריבען. ארויס פון די גרינע טאָהלען, ארויס פון דעם שאָטען פון די בערג; ווייטער, ווייטער האָט מען זיי, מיט קאנאָנען און ווערטער פון אייביגען לעבען און ליעבע, ביז אין די מדבריות פון קאָלאָראדאָ, אריזאָנא און קאליפאָרניא פערטריבען, ווייט אהין אין די קאָבעדיגע זאמדען פון ניו-מעקסיקאָ.

„מיינע הויכע בערג".

ווער נאָך דאָ אויסער דעם אינדיאנער קען אזוי זאָגען: מ י י-נ ע ה ו י כ ע ב ע ר ג.

די אינדיאנער זיינען דאָ די איינציגע ביי וועמען אין די אוי-גען אָט די הויכע בערג שפיעלען זיך אב; אָט די אלע וואסער-פא-לען און אור-אלטע וועלדער שפיגלען זיך אב אין זייערע טונקעלע אויגען, די אויגען פון די איבערגעבליבענע אינדיאנער שבטים דאָ

אין לאנד.

און ווען עס טרעפט דאָ אמאָל, איין מאָל אין א יובל, איינער פון דער ווייסער ראסע האָט פון דעם אמת'ן קוואל דאָ געטרונקען; צי אין דער פרערי, צי אין די בערג. און זיין הארץ האָט זיך אָנ־געצונדען, און זיינע אויגען האָבען אויפגעפלאקערט — זיין נשמה האָט אויפגעפלאמט, א ליעד האָט זיך פון זיין הארצען ארויסגע־ריסען — א ליעד מיט ווערטער, א ליעד אָהן ווערטער אלץ איינס מיט די יוגענד-קלאנגען פון דעם אינדיאנער'ס ליעד קלינגט די ליעד פונ'ם ווייסען מענשען. זעלטען, גאָר זעלטען טרעפט עס. ביי איי־נעם פון מיליאָנען איינמאָל אין א דור...

און ווי טרויעריג ווערט אויפ'ן הארצען טראכטענדיג, אז אָט די שבטים דאָ אין לאנד, וואָס טראָגען די יוגענד פון לאנד אין זייערע אויגען, אָט די פרייע קינדער אמעריקא'ס, וואָס זינגען נאָך און טאנצען אין די טעג פון זייער לעבען, אז אָט די אלע פויגעל-כ יע, הירשען־פלינקע — זינגען אויס זייערע לעצטע ליעדער, טאנצען אויס זייערע לעצטע טענץ. זיי שטארבען דאָ אויס טאנצענדיג און זינגענדיג. ווי קינדער קליינע, גאָר קליינע זיינען זיי געבליבען.

ניט ביי זיי קענט איהר געפינען א געשיכטע פון אמעריקא, וואָס זאָל זיך אָנהויבען: "אין דעם און אין דעם יאָהר"... זיי זיי־נען ווי קליינע קינדערלעך וואָס ווייסען ניט קיין סדר פון זייער לעבען, ווייסען ניט די היסטאָריע פון זייער ז י י ן. ניטאָ קיין קאלטע ציפערען פון זייער לעבען. זיי קוקען נאָך אלץ מיט שרעק ווען דער טאָג קומט אָן און מיט שרעק ווען ער פערגעהט. און מיט דער קינדערשער תפילה אויף די ליפען שטארבען זיי.

כ'האָב געזעהען די מ ו ש ק א ק י ס אין אקלאהאָמא, דער איינציגער פלאץ וואו זיי זיינען שוין באלד כמעט מ ע נ ש ע ן געוואָרען. כ'האָב געזעהען די ה אָ פּ י ס אין ניו־מעקסיקאָ, די מ א ה א ו ו י ס אין אריזאָנא; איינס אין אנדערען ניט געראָ־טען, ניט מיט זייער וואוקס און ניט מיט דעם געבוי, אָבער אוי־גען און אין די אויגען — אלץ דער אייביגער פייער, אלץ די איי־

נענע בענקשאפט, אלץ דער איינגענער טרויער פאר אונזערען א מענ־שען.

— ווי לאנג ביזטו דא אין לאנד? — פרעג איך איינעם.

— שטענדיג געווען.

— ווייסטו וואו דער שעהנער האדסאן איז? ווייסטו, אז דארט איז אמאל דיין היים געווען און, אז די וואסער דארט איז קלאר און טיעף?

— האסטו אונזערע טענץ געזעהען? קום צו אונז אין דארף אריין, ביי דער ריא-גראנדע.

ביי דער ריא־גראנדע איז זיין ליימען הייזעל. דארט שטעהט און קיהלט די פיס אין דער ריא־גראנדע זיין דראבנע פערדעל, רויט און ווייס געפלעקט. אך, ווי פלינק ער טראגט זיך צו די בערגלעך יעדען אווענט אויף דער רעכטער זייט פון דער ריא-גראנדע. דארט פערגעהט די זון. אויפ'ן פערדעל, רויט און ווייס געפלעקט — ער, ווי דער פערד, ביידע וואכען, קוקען ווי די זון פערגעהט; ווי די נאכט קומט אן. און אהן דעם פערדעל איז זיין טריט געמאסטען, לאנגזאם, בויגיג שפאנט ער ארום זיין ליימען הייזעל מיט דער שווערער דערע אויף די פלייצעס. זאל אבער נאר דער ווינט איהם עפעס אין אויער איינרוימען — ווי דער הירש איז ער פלינק, ווי דער לעמפערט איז ער בויגיג.

און די טענץ. גרויסע טענץ. לוסט און לעבען; לעבען און טויט.

דער זונען־טאנץ; דער אדלער-טאנץ. דער טייכען־טאנץ. גיט דער ניגון נאר דער טאנץ. זייער טאנץ איז געזאנג. זייער תנועה, זייער בויג מיט'ן האנט און וויעג מיט'ן קערפער איז ג ע ז א נ ג ס'טאנצט דער מענש דעם זונען-טאנץ. דארף די זון אין טאנץ דאך לעבען. דארפען שטראהלען שיסען פון דעם טענצערס אויגען. אהן א נגון איז דער טאנץ, בלויז מיט א "הא" אויסגעשריי פון צייט צו צייט. ווען די ארומיגע אין קאראאד צינדען זיך אין זיין פייער אן, און בויגען זיך צו זיין זייט, שליידערען זייערע הערצער צו

זיינע פיס. אלע אינאייגעם ברענען מיט די העלישע זונענשטראה-לען און צווישען זיי פאלט דער טענצער; טאנצענדיג געהען איהם די כחות אויס. ס'געהט איהם ס'חיות אויס...

— ווען ביזטו אהער אין לאנד אריינגעקומען?

— נעה פרעג דעם ווינט: פון וואנען ווינט, ביזטו אהער גע-קומען?...

און כאטש מען האט זיי פונקט ווי שעפסען אויף איין ארט צונויפגעטריבען, און כאטש ענג זיינען די ראמען וואו מען האט איהם מיט זיין פייל און בויגען איינגעפאסט — דאך פערליערט ער ניט זיין פנים.

די אויגען אבגעפרישט ווען מען קומט אין זייער מחנה אריין און מען זעהט זייער קלייד. ווי דער פויגעל אין די וועלדער פוצט דער מאן זיך אין די שעהנסטע פעדערען. און ווי דער פויגעל איז ער גרינג און פלינק.

ער מאכט זיין ציערונג. ער מאכט זיינע שפיעלעכלעך און ברענגט זיי צו די וואקזאלען, וואו די ווייסע ראסע טראגט זיך דורך, אין געיעג נאך א נארישען און נישטיגען לעבען. ברענגען ארויס געפארבטע שיסעלעך ליימענע, רויט און בלוי; האנט-געווע-בען, טעפיכער, און קוקען דער ווייסער מענש זאל עס קויפען. ברענגט ע ר אדער ז י פאטששערקעס אויף שנירלאך אנגעצוי-גענע; שטיקלעך הימעל-בלויע טורקיי-שטיינער אויף שנירלעך אנ-געצויגענע. — קויף עס, קויף עס, מיסטער.

ס'קוקט דער מ י ס ט ע ר.

זאגט איהם עפעס ס'ליימענע שיסעלע מיט רויט און בלויע פארבען? דערצעהלט איהם וואס דער טעפיך, זיינע גרוי און בלויע ראנדען פון שטייף-געהרעהטען וואל, מיט די פינגער אויסגעוועבט?

און וואס זאגען איהם די אויגען א י ה ר ע, אדער ז י י-נ ע, וואס קוקען ארויף צו איהם — א, די אויגען פון די אינ-דיאנער אין די היגע מדבריות פערטריבענע?

אויגען. אמעריקא'ס אויגען...

# אריזאָנאַ׳ס גרויסער פעלזענשפּאַלט.

מען קען מיינען, אז דאָס האָט די ערד איהר מויל אויפגעעפענט און א גאנצע שורה בערג איינגעשלונגען און זיי זיינען איהר אין שלונג געבליבען שטעהן; ס׳מויל איז אָפען געבליבען און די בערג-שפּיצען קוקען ארויס און בעטען זיך, מען זאָל זיי בעפרייען.

מ׳קען מיינען, אז דאָ איז די פורעם פון דער נאטור וואו בערג ווערען בעשאפען, פעלזען־בערג, און איין מאָל אין א יובל, אין דער שטילסטער, שטילסטער נאכט, קומט די אלמעכטיגע האנט פון אויבען געשיקט, וואָס נעהמט פארזיכטיג ארום אָט די בערג און טראָגט זיי אוועק און פלאנצט זיי איין דאָ און דאָרט אונטער׳ן הימעל...

מ׳קען מיינען, אז דאָ איז די פורעם פון דער נאטור וואו בערג שעפענישען, וואָס מאכען צו לאסט דער מוטער ערד מיט זייערע מעשים; א צייכען צום מענשען, וואָס האָט אויגען און די אויגען ווילען אלץ בעטראכטען, דעם זינען פון אלצדינג אויסגעפינען — ער זאָל אין דער עפּנונג דאָ אין פעלזען אריינקוקען און זעהן ווי נישטיג איז זיין ווילען, שוואך און נישטיג איז זיין השגה און זיין גאנצע גרויסקייט איז ווי דער רויך און נעבעל, וואָס הויבט זיך אויף פון דער ערד און פארשווינדט...

מען דארף דאָ לענגער פערברענגען; פריהמאָרגענס און אווענטען, — טעג און נעכט כדי משיג צו זיין כאָטש דעם שאָטען פון דעם גרויסען, גרויסען וואונדער אויף גאָטס וועלט. אז מען פערברענגט א ביסעל לענגער אין שכנות פון אריזאָנאַ׳ס גרויסען פעלזענשפּאַלט, מיט די פעלזענבערג וואָס קוקען פון איהם ארויס, בעשענקט ער דיר אמאָל מיט זיין געדאַנק און פריינדליכקייט; ער לאָזט דיך צו נאָהענט צו זיך; ער שענקט די אייגענע פריינדליכקייט וואָס די קאָלאָראדער בערג, אדער די א ל פּ ע ן אין דער אלטער וועלט, אדער די א נ ד ע ן אין זיד־אמעריקא. ס׳אי נאָר גע-

ווענדעט ווי אזוי די זון איז אויפגעגאנגען און פערגאנגען און ווי אזוי דער טאָג מיט זיין בעגינען און מיט זיין שקיעה האָט זיך צו דיין הארצען דערנעהענטערט. ס'אי נאָר געווענדעט ווי ווייט דיין הארץ קען זיך פעראייניגען, כאָטש אויף א רגע זיך דערנע־הענטערען צו דער הארץ פון דער וועלט...

...די ערד איז דאָ אָפען אויף א לענג פון אריבער צוויי הונ-דערט מייל; אריבער א מייל טיעף, און ערטער-ווייז ביז פינף־און-צוואנציג מייל ברייט. פון איין זייט שפאלט, צו דרום זייט, גע-דיכטע וועלדער, דאכט זיך, אז נאָר די האנט בעדארף מען אויס־שטרעקען און מען קען מיט'ן פינגער אָנריהרען דעם אנדערען ראנד וואָס איז גאנצע צוואנציג מייל ווייט. אזוי מערקווירדיג איז די ליכט וואָס שפיעלט צווישען די בערג־שפיצען, וואָס קוקען ארויס פון אריזאָנאס גרויסען פעלזענשפאלט אז די שטראהלען הויבען אָן צו שפילען איבער דער עפנונג, הוי-בען יעטמאָלט אָן די פעלזענבערג, וואָס קוקען ארויס פון אָבגרונד, צובייטען זייערע קאָלירען; ווערען צובראָכען אין טויזענדער פער-שידענע ליניען, אין טויזענד פערשיעדענע פאָרמען; געפארבט מיט טויזענד פערשיעדענע פארבען, וואָס מינגלען זיך, און טויזענד מאָל א רגע בייט זיך פארב מיט פארב, קאָליר — מיט קאָליר...

אז איך בין אהין אָנגעקומען האָט זיך שוין די זון נעקליבען צו פערגעהן. די וועלדער פון דער רעכטער זייט האָבען זיך געבאָ־דען אין ליכטיגקייט און דער שניי אויף די ס א ן פ ר א נ צ י ס-ק א בערג שפיצען האָט ווי א גאָלדענער שטראָם אויסגעזעהן, וואָס שטראָמט און גיסט זיך פון די בערג אראָב. און דאָ איבער'ן פעלזענשפאלט האָט זיך די לעצטע שעה פון טאָג צושפיעלט; אויפ-געלויכטען, אויפגעשפיעלט און אויפגעזונגען מיט איהר ליכט, גע-זאנג און קלאנג. אָט די לעצטע זונענשטראהלען, וואָס פאנגען אין זייערע נעצען אונזער נשמה, זיי האָבען א נעץ אויסגעשפרייט פון ראנד ביז ראנד; א שלייער אריבערגעצויגען איבער די בערג־שפי-צען וואָס זיינען פון פעלזען־שפאלט ארויסגעקומען. אונטער דעם

ליכטיגען, דורכזיכטיגען שלייער איז דער פארבען־שפּיעל פאַרגע־קומען; די קאָלירען זיינען פון דער טיעף ארויסגעקומען און פון דער טיעף ארויס האָבען די בערג אין כּאַר געזונגען.

ס'האָט מיר אויסגעוויזען, אז די נשמה פון די בערג האָט זיך פון דער טיעף צו די הימלען געריסען; די בערג אָטעמען, זיי הויכען ארויס זייער פערלאנג, ארויף צו די הימלען. ס'איז דאָרט אין דער טיעף א נאָמעס-דיענסט פאַרגעקומען; די דינסט איז געווען מיט פארבען־טאנץ און פארבען שפּיעל. יעדע רגע איז דאָרט א נייע וועלט בעשאפען געוואָרען — אָבער קיין איינע איז ניט חרוב גע־וואָרען. יעדער נייע וועלט איז ביים זייט געבליבען א ווײַלע און באלד, מיט איהר גאנצער עהרליכקייט צו די הימלען זיך אויפגע־הויבען; אוועק אהין צו דער זון, בעגלייטען זי אין וועג אריין...

פריהער איז א ראָזיגער שטראָם אזוי אונבעמערקט און ניט אָנצוריהרען, איבער די פעלזענשפּיצען, אינ'ם פעלזענטאָל, פון ער־נעץ אָנגעקומען און מיט א ליכטיגער ראָזיגער פארב-געוועב אלץ אריבערגעצויגען, און באלד איז פון דעם ראָזען קאָליר א גרינקייט ארויסגעקומען, אזוי ארויסגעקוואָלען, און די פעלזען האָבען אָנגע־הויבען צו גרינען ווי עס גרינט א קאָרען-פעלד נאָך דעם ערשטען ווארימען פריהלינגס־רעגען. פּלוצלונג האָט א בונטער שטראהלען-בונט זיך אריינגעריסען און אויף צווייען א פעלזען־צווילינג אי־בערגעשניטען און דאָס גרינע פעלד האָט אָנגעהויבען צו בלוטי־גען און דער בלוט־שטראם האָט פון אויבען אלץ טיעפער, טיעפער אראָבגעשטראָמט אזש די שאָטענס דאָרט אין דער טיעף. דער נאכטס ערשטע שלוחים, אזש צו זיי האָט דער רויטער שטראָם דערגרייכט....

ס'האָט א פייכטער וואָלקען-פלינעל דאָרט אויבען דער זון פער שאָטענט און אליין זיך אָנגעצונדען, זיך צושמאָלצען אין א לייי־דענשאפטליכען שטראָם, און ברושטין-פלעקען ליידענשאפטליכע זיינען אויף דעם טונקעל רויטען, פערגליווערטען בלוט געפאלען; זיך פון בלוט ארויסגעלענט; ארויסגעהעלט...

ס'וויל די נאכט פון צער ניט וויסען. פריהער שיקט זי איהרע גרויע שלוחים. פון דער טיעף קומט א גרויקייט ארויף און קלייבט זיך העכער, העכער. קומען אבער איינציגע שטראהלען, אט די לעצ-טע שטראהלען, וואס צינדען אלץ אין זייער וועג צום פערגעהן — זיי פאלען אין דער גרויקייט אריין און מאכען גלייך, ווי פייערדיגע פלינען וואלטען זיך אין לופטען, אין דער נידער דארטען טראגען, שוועבען: זשומען שוועבענדיג...

ס'האט דער טאג בלויז א טייל פון זיין ליכטיגען פנים א רגע אויף דער זייט געלאזען. אין שורות שורות שטעלען זיך די בערג אוים אין דער נידער. ס'ווארפט איין פעלזען-ריעז זיין שאטען אויף זיין נאהענטען שכן, און איינער לעשט די פארבען אין די קליידער פון זיין צווילינג-ברודער. ס'ווארפט אויף זיי פון ווייטען אן די נאכט א קלייד. בלויליך-גרויליך איז די קלייד און מיט טוי בעפערלט; און נאך דעם קומט די נאכט אליין. זי קומט פון אלע זייטען אן. קומט נאר נאהענט און שווער בלוי, שווער-גרוי, שלייכט זי זיך אויף די פעלזען; בויגט זיך אריבער איבער דעם פעלזענשפאלט און אליין, אליין פערנעהמט זי אלע זיינע וואונדער, אלע זיינע סודות....

* * *

ס'האט דער מענש אבער פיינט צו זיין ארומגערינגעלט מיט סודות-וועלטען; שטעלען זיין שטוהל אויף דער גרעניץ פון חלום און ווירקליכקייט. אין כאטש ער לעבט זיין לעבען אב ווי אין חלום. דאך מאכט ער דער גרויער ווירקליכקייט הערשען איבער זיינע שעהנע חלום-וועלטען. גלייך מיט אלע האב איך מיך אויף דעם אנ-דערען טאג אויסגעניכטערט, און מיט א דרייסטער הארץ און מיט א קלונען וועלטליכען פערשטאנד זיך ארויפגעזעצט אויף אן אנגע-זאטעלטען אייזעל און פון א טיכטיגען, ערפאהרענעם פיהרער. איי-זעל-טרייבער, זיך געלאזען פיהרען אין דער טיף צו בעטראכטען דעם וואונדער איבער אלע וואונדער — א ר י ז א נ א ס ג ר ו י-ס ע ן פ ע ל ז ע נ ש פ א ל ט. דארטען אין דער טיף האט זיין בעט דער טייך קאלאראדא און ס'ציהט אהין, זעהען יענעם

טייך, בעגריסען יענעם שטראם. ביז צום טייך איז גאנצע זיבען מייל ווייט אין דער טיף. ניטא קיין ו ו ע ג אהין — בלויז א קאפריז. א מענשענס שעהנער קאפריז. א שטעגעלע אין פעלז ביי זיינע זייטען אויסגעהאקט, אזוי ארויף און אראפ פון פעלז צו פעלז ברעכט זיך דורך דאס שטעגעלע און בלויז אייזלען מיט זייערע דינע פיס און זיכערע טריט, מיט זייער אייזערנעם גערולד און כלומר'שריגע עקשנות, נאר זיי און מיט זייער הילף קען מען זיך לאזען אין וועג אריין צו בעגריסען דעם טייך ק א ל א ר א ד א אין זיין קעניגרייך, אין זיין בעט פון שטיין. און אויפ'ן אייזעל זיצענדיג מוז מען זיך דעם אייזעל אין רשות איבערגעבען, לאזען איהם שטעלען זיין טריט אויף דעם ארט, וואו ער האט אויסדער־וועהלט. און כל־זמן דער מענש וואס זיצט אויפ'ן זאטעל, איז מ ע נ ש און דער אייזעל אונטער'ן זאטעל איז א י י ז ע ל — איז דער צווילינג גאר קיין גלייכער ניט. ס'קלאפט דאס הארץ ביים מענשען אויף'ן אייזעל זיצענדיג, ווען די אויגען לאזען בלויז איין בליק פאלען צו די אפגרונטען שטיינערנע, וואס עפענען זיך אויף אין דער נידער. ס'קלאפט דאס הארץ און עס שווינדעלט פאר די אויגען. דער וועג איז אבער א לאנגער. ער ציהט זיך שטונדען־ווייז, און יעדע שעה ציהט זיך לאנג, גאר לאנג; און ס'טרעפט דער נס, אז דער זאטעל פון צווישען אייזעל און רייטער, גלייך ווי אן אונ־בעקאנטע האנט וואלט איהם פון אונטער'ן מענשען ארויסגעצויגען גאר אונבעמערקטערהייד, און מ ע נ ש און א י י ז ע ל — איז איינס געווארען; אט ווי יענער צ ע נ ט ו י ע ר, וואס דער גאנצער גוף איז פ ע ר ד, בלויז דער קאפ נאר איז — מ ע נ ש.

דער זאטעל איז פון אונטער מיר ווי פערשוואונדען און מיין אייזעל האט אויפגעהערט צו קרעכצען, שטעלענדיג זיינע טריט אויף'ן ראנד פון אפגרונד. ער האט אויפגעהערט צו שפירען דעם מענשען, וואס איז געזעסען אויף זיין רוקען, דאמאלס, ווען איהם שטעהט פאר אזא געפאהר. און איך האב אויפגעהערט צו שפי־רען מיין אונרוהיג הארץ, און מיין צוטרייסעלטער געמיט איז אינ־

גאנצען גאָר פערשוואונדען, בלויז דער קאָפּ האָט צו מיר געהערט.
און די אויגען מיינע האָבען אזוי ניכטער אָנגעהויבען אלץ בע-
טראכטען, ווי נאָר עס קען ניכטער זיין א טוריסט מיט א נאָטיץ-
ביכעלע און מיט א בלייפעדער אין האנט...

אין פעלזענשפאלט, איז ניט געווען דער כשוף, וואָס די זון
האָט נעכטען אָנגעוואָרפען אויף אלץ ביי איהר שקיעה. ניט געווען
דער פארבען-שפיל פון נעכטיגען בין-השמשות. מאכענדיג מיין
וועג בשותפות מיט'ן אייזעל, האָט אלץ ארום אויסגעקוקט גרויס
און נאקעט. נאקעט האָבען זיך ארויסגעהויבען פון דער וויי טער
טיפעניש די ווענט פון גראניט און געריסען זיך אלץ העכער, הע-
כער. שטרענג אויסגערעכענט און שטרענג צוזאַמסטען זיינען די
קאָלירען פון די פעלזען. מיט א שנור געמאָסטען און מיט א שאר־
פען מעסער האָט מען געשניטען גראניט־וועלטען פון אלערליי קאָ-
לירען; איין וועלט אויף דער אנדערער געלעגט. העל־גרוי אויף טונ-
קעל-גרוי געלעגט. וויים אויף געל אראָפּגעלאָזען און שפעטער מיט
א שארפען מעסער אין דער ברייט א שניט געגעבען הין און הער
און מיט צוויי מעכטיגע, אלמעכטיגע הענט דעם שניט פונאנדער-
געריסען ביז צום אָפּגרונד. און אזוי זעהט מען די אלערליי
פארבען, ווי זיי ליגען איינס אויף'ן אנדערען.

קומענדיג פון אויבען אין דער נידער, נידערט מען פריהער
צווישען ווענט אלעבאסטער-וויים. שפעטער, אין א גלייכער ליניע
אָפּגעשניטען, געהט אוועק א גרויער מירמעלשטיין. קומט א רוי־
טער, גלייכער שנור און שניידט עס איבער, און רויט, גאנץ רויט,
ציהט זיך די וואנט אין דער נידער אוועק. שפעטער ווערט עס ברוי־
נער; — רויטער שטיין און פערזשאווערטע אייזען האָבען זיך פער־
אייניגט, די גרויסע לאסטען אויפצוהאלטען. שפעטער קומט א גרינ-
לאך-שווארצלאך גלייכער שנור און ס'הויבען אָן טונקעלען די וועל
טען, וואָס ליגען טיפער, אין דער נידער. און וואָס וויי טער, טיפער,
אלץ נייע פעלזען קומען ארויס, גאָר אָהן חשבון, גאָר אָהן א צאָהל,
גאָר אָהן א סוף. דאכט זיך, ס'וועט זיך קיינמאָל גאָרניט ענדיגען.

נייע שפּאַלטען. נייע מיילער צווישען שטיינער, און דער אייזעל, טריט ביי טריט, טריט נאָך טריט, געהט אַלץ טיפער, טיפער, אמאָל אַרומרינגלענדיג אַ פעלז, אמאָל אויסמיידענדיג אַ פעלז — דאַכט זיך, ס'וועט דער וועג זיך גאָרניט ענדיגען. מיט די אייזעל־טריט וועלען מיר זיך אַזוי פּאַמעלאַך לאָזען ביז מיר וועלען אַרויסקומען אויף דער אַנדערער זייט פון אונזער ערד; אויף דער אַנדערער זייט פון אונזער וועלט....

איך הויב אָן צו גלויבען, אַז די אַלע, וואָס האָבען פאַר מיר אָט דעם וועג דורכגעמאַכט, האָבען אויך אויף אייזלען אָדער מויל־אייזלען געריטען, און זייער קאָפּ איז פּונקט ווי מיינער ניכטער געוועזען, און אפשר נאָך פיעל ניכטערער, ווייל:

דאָ און דאָרט, אויף די פעלזענוועגט, וואָס הענגען איבער אָפּ־גרונטען, האָט מען זיך ניט געפּוילט מיט אותיות גרויסע אָנצושריי־בען קלוגע רייד, פרומע רייד, דעם זינדיגען מענשען חכמה און יראה צו לערנען. די אותיות זיינען גרויסע. אָהן אַ פּינזעל און אָהן פאַרב, אייל־פאַרב, האָט מען אַזעלכע אותיות נים געקענט בעגרייפען צו מאַכען; אַזעלכע שווערע פּיער־עקעדיגע ווייסע און רויטע אותיות:

— אוי, דו רייזענדער, לעקעש, זינדיגער, וואָס איז פון מענ־שען־בויך אַרויסגעקומען! קוק אַריין אין בוך פון ל י ע ב ע. זעה, וואָס ל ו ק א ס זאָגט אין יענעם קאַפּיטעל, אין יענער שורה. קוק אַריין אין קאַפּיטעל דרייסיג, פּסוק אַכט — ביים היי־ליגען י אָ ה א ן...

ס'טוט דעם אייזעל וועה די פיס. ער שטרויכעלט. און איך פיהל, אַז מיינע פיס טוען מיר אויך וועה, איך בין נים אַליין. איך בין בלויז דער לעצטער, דער סאַמע הינטערשטער אין דער שורה. אַכט זיינען מיר. אַכט בעוואונדערער פון גאָט'ס גרויסע וואונדער. מענער און פרויען. אונזער פיהרער, אויף אַ ווייסען אייזעל, שפּאַנט פּאַראויס, און איך שליס די שורה.

ביז אהער האָט בלויז דער אייזעל־טריט געשטערט דער גרוי־סער שטילקייט, וואָס אין דער נידער; צומאָל אַ שטיין, וואָס האָט

זיך פון אויבען אפגעריסען און פון פעלז צו פעלז געפאלען. איצ־
טער טראגט זיך א געוויש פון דער טיעף. גלייך, א וואלד וואלט
דארט רוישען; גלייך א ווינט וואלט רוישען איבער די שטיינער־
שפיצען, וואס אין דער נידער.

אונזער צוג שטעלט זיך אפ. אזוי בעפוילט אונזער פיהרער,
אונזער וועג איז געענדיגט. ס'טיילט זיך אפ מענש פון אייזעל. איך
קריך אראפ און גלייך אויס מיינע ביינער. איך הער מיך צו צום
ווייט־נאהענטען גערויש און עס דאכט מיר א גוואלדיגער וואסער־
פאל איז ערגעץ גאר נאהענט. ס'קעהרט זיך אום צוריק צו מיר
מיין אייגען הארץ. ס'ציטערט איידעל אויף די הויט אויף מיין
גוף. זיבען טויזענד פוס טיף. הימלען בלוי בלויע דארטען אויבען
ליעגען אויף די פעלזען־שפיצען. א קלאר־ווייס וואלקענדל שווימט
זיך, גלימשט זיך פון איין פעלזען־ראנד צום אנדערען.

ס'ציהט אהין, נעהענטער צום וואסער־גערויש. אפשר א הונ־
דערט און אפשר א צוויי הונדערט טריט געמאכט אהינטער א
פעלזען־פלייצע און ס'ענטפלעקט זיך דער לעצטער סוד, דער סוד
פון אלע, אלע סודות דא:

ס'איז די בעט פון דעם גרויסען, גרויסען, שטארקען, שטאר־
קען קאלאראדא־טייך! דאס איז ער, דער אויסערוועהלטער פון אלע
טייכען, וואס אויף דער וועלט. ניט מיט'ן אויג צו דערגרייכען צו די
שפיצען פון די ווענט פון זיין בעט. ביז די הימלען גרייכען זיי. די
ווענט זיינען צובראכען, ציהען זיך אין צובראכענע שורות איין
וואנט פון אהינטער דער אנדערער אפילו.

און דער שטראם — מיט אמאל קומט ער אן. מיט אמאל
קומט ארויס דער גרויסער שטראם פון אהינטער א שטיינערנער
וואנט, מיט זיין גאנצער גרויסקייט. און זיין גערויש איז ניט פון
יענע וואסער־מאסען, וואס קומען אן פון ווייטען און פאלען
פלוצלונג אין דער נידער און ווערען אין א וואסער־שטויב פער־
וואנדעלט — ווי יענע ניאגרא־וואסער־פאלען. ס'איז ניט דער גע־
רויש פון'ם ים, ווען ער טרייבט זיינע כוואליעס צו די פעלזענ־

ברענגעם און צושלאָגט זיי אין א ווייסען שוים, —

ס'איז א נצחון-אויסגעשריי. ס'איז א פרייד־אויסגעשריי. אלץ איז אין דעם ווילדען וואסער-געשריי. ס'קלינגט מיט גבורה, ווילען, ליידענשאפט און א ווילדען געזאנג צו די הויכע הימלען, וואָס אוי־בען, איבער זיין בעט, זיינען זיי אַנגעצונדען. אָט דאָ, צווישען די פעלזען אהיבערגעבויגענע און אויסגעבויגענע, וואָס בעגלייטען דעם טייך אין זיין לאנגען וועג, אָבגעשיידט פון דער וועלט, אליין אין זיין איינזאמקייט, זינגט ער זיין ליעד פון נצחון; זינגט ער זיין ליעד פון פרייד, וואָס אזא וועג איז נאָר איהם אליין געגעבען גע־וואָרען. ס'איז קיין וואונדער נים, וואָס ארויסרייסענדיג זיך פריי פון צווישען די פעלזענבערג ארוים, פון אהינטער פעלזענשלעסער ארוים, פון פער'כשוף'טע היילען ארוים, אין דעם פרייען מדבר אריין — דאכט זיך דיר, אז דעם גאנצען מדבר וועט ער אין זיינע ארעמס ארייננכאפּען און פערטראָגען צום ש ט י ל ע ן י ם. ער וועט דער וויסטע צונויפוויקלען און אזוי אויף זיינע כוואליעס אוועקטראָגען — — —

— — — אָבער דאָ איז ער פער'כשוף'ט. צווישען די פעלזען פער'כשוף'ט. און עס וואכען די הימלען פון אויבען. זון און לבנה וואכען פון אויבען, ווען זיי ציהען פערביי און קוקען צום שטראָם אראָפּ. ס'וואכען די שטערען פון אויבען אין די קיהלע נעכט, און ס'דערשלאָגט זיך א פויגעל אהער. ס'געלינגט אויף דעם מענשען אהער צו קומען, אויף א ווילע זיך פערגעסען...

...דען וואָס קענסטו נאָך, אָ, הארץ, פערלאנגען, אויב ביי דער שקיעה האָט דיין ליעד אָהן ווערטער ארויסגעשאלט אנטקעגען שטראָם פון דעם דערהויבענעם ק אָ ל אָ ר א ד אָ, ביים בעט פון דעם אויסדערוועהלטען שטראָם, אָט דאָ, אין דעם גרויסען פ ע ל ז ע נ ש פּ א ל ט פ ו ן א ר י ז אָ נ א?...

## אריזאָנא'ס מדבר

גלייך ווי פון הימעל האלט מען דא אין איין שיטען די שטיי־נער און גראָבען זאמד און מען הורבעט עס אויף אין גאנצע בערג, גאנצע וועלטען. אָט אזוי זעהט אויס די וויסטעניש פון אָריזאָנא. זי איז ניט שעהן; זי איז ניט העסליך — זי איז ג ר ו י ס און ווארפט א פחד אויף'ן מענשען מיט איהר גרויסקייט און גרוי־זאמקייט. דאָ הוליעט דער ווינט און מאכט די זאמד־בערגלאך אויסזעהן רונד, געטאָקט. ס'קען דער ווינט דעם שניי אין די שניי־וועלדער אזוי שעהן און אזוי רונד ניט אויסטאָקען און אויסקיילע־כען ווי דאָ, דעם גראָבען זאמד ארום די אָנגעוואָרפענע שטיינער.

פאראן מדבריות דאָ אין לאנד, וואָס מאכען טרויעריג אויף'ן הארצען. דאָס זיינען טיילווייז די פלאכע מדבריות אין יוטא, וואו אונזערע ווייסע מענשען שלאָגען זיך פון די כחות ארויס, ווילען מאכען די וויסטעניש זאָל גרינען. און די הייזלאך זייערע, און די מענשען און די פערד, די קיה און אפילו דער וואָגען און אקער־אייזען ביים זייט, ווארפען א טרויער אָן אויף דער געגענד ארום, דער פלאכער, קאלך־ווייסער און פערברענטער גרונט ארום מאכט חוזק פון זייער ווילען און זייער יכולת. אָט דער צומריקענטער וואָ־גען מיט דער צוריסענער בויד און די אפגעריסענע קינדער אין וואָגען; די צוויי אָדער דריי אויסגעמאטערטע, אויסגעטריקענטע פערד וואָס שלעפען דעם וואָגען, און דער אָנטרייבער אויף'ן דייקסעל, און דער הונט, וואָס שפרייזט הינטער'ן וואָגען מיט איינגעצויגענע זייטען און מיט א לאנגען, טרוקענעם, רויטען צונג ארויסגעשטעקט — אָט דאָס אלץ מאכט דאָך די געגענד אויס־זעהן וויסט און ווי פערשאָלטען.

אנדערש אָבער, ווען דעם מענשען'ס שפור איז פערשוואונ־דען; ווי נאָר דער ווינט האָט זיינע טריט פערטראָגען — דאמאָלס לייכט אויף דער מדבר אין זיין אייגענעם גלאנץ; גרויסט זיך

מיט זיין איינענער גרויסקייט. דאָ, אין אריזאָנא, גליהט די זון דער זאמד אזש שמעלצט זיך; שטיינער אזש פּלאצען און ווערען צושפּאָלטען; זיי גליהען זיך אָן און שיסען מיט פייער אנטקעגען דער זון.

פאראן צייטען, װען אויך דאָ גיסען רעגענס, גאנצע שטראָמען פאלען פון אויבען און מאכען אזוי, אז דאָ און דאָרטען זאָל זיך דורכשלאָגען א שטארקער װאָרצעל פון אהינטער א שטיין, דאָ און דאָרט זאָל א מדבר־בוימעל ארויסוואַקסען; אָבער קורץ איז זייער צייט פון ג ר י נ ע ן און ב ל י ה ע ן. בלויז דער קאקטאָס האָט אזוי קונציג זיינע װאָרצלען בעהאלטען, בלויז ער, ס׳קינד פון דער וויסטע, ער דערגעהערט זיך און גרינט און בליהט, ווען אלץ ארום איז שוין פערשמאכט און פון דער זון פערברענט:

דאָ וואקסט דער ה ו נ ד ע ר ט־י אָ ה ר י ג ע ר, קייַלעכדיג, דיק און מיט דראָבנע נאָדעלאך ארומגעשטעקט. דאָ וואקסט דער קאקטאָס, וואָס ווי הירשען־הערנער צוואווארפען זיך ארום זיינע צווייגען. דאָ וואקסט דער קאקטאָס, וואָס ווי לאנגליכע פרינע פּלעצלאך זעהען אויס די צווייגען — איינס פון אנדערען ארויס און מיט שפּילקעס ארומגעשטאָכען... ס׳וואקסט א מימאָזען־בוים דאָ און דאָרט, וואו מיט פלאמען אטעמט די געגענד. און אזוי ליידענשאפטליך האָט זיך די מימאָזע צובליהט מיט איהרע פּוכיגע בלימלאך, ווי שפּילקע־קעפּעלאך, אזש פער׳חלש׳ט העננט איהר קאָפּ אראָפּ פאר ליידענשאפט. צו די קינדער פון דער וויסטע געהער דער י ו ק א ן, אמעריקא׳ס א שעהן בוימעלע. אפשר עטוואָס העכער פון א מענשען איז זיין וואוקס. זיין שטאם אויבען, אונטען כמעט אין דיק. און בלויז אויף׳ן סאמע קאָפּ, דריי אדער פיער פּאלמען־בלעטער, בינטעלאך גרינע; ווי דער קאָפּ פון א יונגען הירש, וואָר נאָר וואָס האָבען זיינע הערנער זיך ארויסגעשלאָגען...

און, אז מען פּאָהרט א טאָג און אמאָל גאנצע צוויי דורך דעם מדבר, זעהט מען, ווי ניט שטענדיג איז זיין פּנים אלץ דער אייגע־

נער, בילדער, קומען אָן און זיי פערשווינדען, און נייע, נייע קומען אָן אנטקעגען און רייסען די בליקען, און מאַכען דיך וואך און אויפ־גערעגט; מאכען דיך איינזאפּען אין זיך די אייגענע מיערקייט, וואָס איז אויף אַלץ אַרום דאָ אויסגעגאָסען.

פון צייט צו צייט, ניט גאָר אפט, שטעלט זיך אָפּ דער צוג — וואסער נעהמען, אמאָל, אמאָל א מענשען אויפנעהמען. דאָ וואוינען בלויז די שומרים פון דער ליניע. אָט דאָ, וואו דער צוג שטעלט זיך אָפּ, איז זייער נעסט. אין אלטע פראכט־וואגאָנעס, אָהן רעדער, וואָס שטעהן ביים זייט. צוויי דריי משפחות זיצען אין אזעלכע נעסטען. די מענער, מעהרסטענס מעקסיקאַנער אדער האַלבע אינדיאנער דראָב־נע, שווארץ־פערברענטע, פערשטויבטע, מיט בלאָטע פערקראָכענע, האלב נאקעט, שארען זיי אָפּ דעם זאמד, וואָס דער ווינט האָט צווי־שען די רעלסען אָנגיטראָגען; און די ווייבער, ווינטיגע, עפּעס ניט דערוואקסענע, שווארץ און מיט נאָך שווארצערע, ברענענדיגע אויגען, אין צוריסענע און אפגעריסענע קליידלאך, שטעהען אין טיר אָדער ביים ווינקעל פון נ ע ס ט און שיסען מיט זייערע פייער־אויגען צום באן. איינע ניאַנטשעט איהר נאקעט קינד און פּאטשט עס מיט איהר ברוינליכער האנט אויפ'ן נאקעטען לייב... ס'קינד געוואלדעוועט מיט א ווילדען קוויטש. אנדערע קינדערלעך בראָטען זיך אין שטויב און אין מיטן א גרויסער גרויער קאָלטענעוואטער הונט מיט א דינעם רויטען צונג אויף אַן אייל ארויסגעשטעקט. קוקען אלע נייגעריגע צום צוג און צו די מענשען אין די פענסטער. און מיט זייער ווזען, מיט זייער לעבען רופען זיי ניט ארויס קיין רחמנות. קינדער פון דער וויסטע. זיי גיסען זיך צונויף מיט'ן הייסען מדבר און האסט אויף זיי ניט קיין מיטלייד, פונקט ווי ס'רופט ביי דיר קיין מיטלייד ניט ארויס דער שטיין, וואָס ברענט זיך אונטער'ן הימעל...

און, אז שעה נאָך שעה געהט פערביי, בארג־ארויף, בארג אראָפּ, שלאָגט מען זיך אָן אויף גרינע פלעקען, גרינע געקרייזעלטע שטריי־פען, געוויס א טייכעל דאָרטען, וואָס זיין וואסער איז נאָך אין גאנ־

צען ניט אויסגעטריקענט געוואָרען, און פון זיינע בוגעס ארויס גרינען בוימעלאַך. ס'בעווייזען זיך, העט ווייט, נעבען דער גרינער בוי־מער־סטענגע, רויטע פלעקען. קיה רויטע און רויטע אָקסען, קליינע רויטע קעלבלאַך. און די קיה און די אָקסען מיט אזוינע לאנגע הער־נער. ניטאָ קיין שומר, ניטאָ קיין שטאלען. אָבע דאָך צו אימיצען גע־הערען זיי. ווייל דראָטענע צאמען ציהען זיך אוועק דאָ און דאָרט. און כאָטש אין מדבר וואקסען זיי, דאָך לעבען זיי. זיי זיינען ניט מאָגער; זיינען ניט פעט. ווינטיג, ווי פון ווינט וואָלטען זיי וואקסען. פאראן קליינע קעלבלאַך. דאָ פרוכפערט מען זיך. דאָ פערמעהרט מען זיך אָהן צאָהל, אָהן חשבון. אָבער אימיצער איז געוויס פאראן, וואָס קומט חשבון אָפנעהמען. געוויס קומט אמאָל אהער א מאַן אויף א פערד צו רייטען, פאָכט אין לופטען מיט זיין לאנגען שטריק, מיט דער לאַפּאַ. און מען פערטרייבט זיי אין די קאראלען אריין, וואָס ביי די קליינע אייזענבאַן־סטאַנציעס; פון די קאראלען אין די וואגאָנעס אריין און פון דאָרט צו די שלאַכט־הייזער צו...

דערווייל אָבער איז די מדבר זייער היים, ס'קומט קיינער ניט מעלקען זייער מילך, ווען די איינגעצוינגענע אייטערס נ י ־ ס ע ן זיך אָן. און דעריבער זעהט מען דאָ און דאָרט א מאמע, נאָך גאָר יונג, און איהר קינד, שוין באלד ווי די מאמע גרויס, שטעהט איינגעבויגען און זויגט נאָך פון דער מאמעס מילך. איהר קענט זעהן, ווי איין קוה זוכט צו זויגען ביי דער אנדערער; און — ווי די קוה זויגט אליין איהר אייגען מילך ארויס: אפשר איז איהר קינד פון היץ געפאלען, און אין דער היץ פון דער וויסטעניש טיילט די צרה'דיגע מאמע איהר מילך צו איהרע שוועסטערס ארום.

דאָ און דאָרטען ביינער פון געפאלענע בהמות, ביינער ווייסע, ווי מיט קאַלך בעקאלכט. ס'טרעפט דער סקעלעט איז אזוי גאנץ געבליבען. ריפּען, קאָפּ און פיס — אלץ אויף אן אָרט. און ס'גלויבט זיך גאָרניט, אז אָט אזוי וועט עס בלייבען. דאכט זיך: ווינטער, רעגענס וועלען דאָ אָנהויבען גיסען; ווען פערדאָרטע וואָרצלען הינטער די שטיינער וועלען זיך אויפכאפּען, און צווייגע־

לאך, בלעטעלאך וועלען זיך פון אהינטער דעם שטיין ארויסשליי-כען — דאמאלס וועלען אט די ביינער ווידער ווערען פייכט, מיט אדערען בעצויגען, פליישיגע טיילען, א רויטע פעל געדיכט מיט האר בעדעקט; און אין פריהמארגען, ווען א צוגליהטע וועט די זון אויפגעהן, וועט זיך פון דער ערד אויפהויבען א ניי-געבארענע קוה אדער אקס...

אביסעל אן א זייט, אליין פאר זיך, מיט איינגעצויגענע זיי-טען, געהט אום דער פאטער פון דער גאנצער סטאדע. דער זכר. א רויטע פעל מיט א ווייסען שטערען און לאנגע, לאנגע הער-נער. גרעסער איז ער ווי זיין גאנצע משפחה, קינדער און אפשר אייניקלאך. אבער אזוי גערא‌טען אין איהם זיינע אלע קליינווארג, וואס בעהאלטען זיך אין שאטען פון די שטיינער: ער איז גע-ווים ניט א קינד פון מדבר. פון ערגעץ געבראכט אהער. א גוטע יוגענד געהאט, און איז אזוי גרוים געוואקסען. א קינד פון פעסטע טאטע־מאמע. פון גרינע זאפטיגע אלפאלפא-פעלדער — האט מען איהם אהער געבראכט, אין מדבר אפגעלאזען, אין דער אנגעגליהטער געגענד... היים איז דא, היים. ס'ליגט איהם ניט אין זינען די טשערעדע, זיין משפחה; ניטא קיין חשק איצטער לאזען זיך ערגעץ א טרוקענעם, גראבען גראז הינטער א שטיין אויסצו-זוכען; האט ער זיך אפגעטיילט בעזונדער פון דעם כלל, פון דער סטאדע. און אז דער צוג געהט פערביי גלייכט ער זיך אויס, פער-רייסט דעם קאפ מיט זיין ווייסען שטערען און די צוויי גרויסע אויגען קוקען צו דעם צוג, וואס געהט פערביי. ער טרייסעלט מיט'ן קאפ, מיט די גרויסע הערנער. עפעס זאגט איהם אט דער שטאלענער גערויש. — אפשר דערמאהנט עס איהם אן יענע גרינע אלפאפא־פעלדער, פון וואנען, מיט אט אזא גערויש, האט מען איהם אהער געבראכט...

דער געלבער-גרויער אנבליק פון דער וויסטעניש הויבט זיך אן צו רויטלען. קאקטאסען האבען זיך צובליהט. אליין, פאר זיך; אליין, פאר זיך. וואו דו ווארפסט אן אויג, ווי ווייט דאס אויג קען

נאָר פערכאַפּען, פון אהינטער שטיינער, פון זאמד־בערגלאך, פון פעלזען-שפּאַלטען — קאקטאָסען בליהען! און די בלומען — רויט ווי צונטער. דאכט זיך די רויטקייט רינט צום זאמד אראָפּ און פארבט דעם זאמד צונטער-רויט. גרין און רויט! די רויטע בלומען אויף די דיקע קאקטאָס־צווייגען — ווי גרויסע בלוט־טראָפּענס פערגליווערטע; בלוט-טראָפּענס, וואָס זיינען אין בלומען פער־וואנדעלט געוואָרען; ס'האָבען זיי די הייסע זונענשטראַלען אין בלומען פערוואנדעלט... פון אהינטער א צובליהטען קאקטאָס ציהט זיך א גרויער קלאפּער-שלאנג; דרעהט זיך צונויף און קלאַפּט מיט זיין עק, ווען אונזער צוג געהט פערביי. עפּעס וואָרענט ער מיט זיין גיפטיגען צאָרן.

ווייטער, ווייטער... א שטוב אין מיטען מדבר. ברענט זיך אין דער זון. פערשטויבט און האלב איינגעבויגען. אין שאָטען פון דער שטוב, ביי דער וואנט, וואָס צום באַן ארויס, ליגען ק א ו-ב א י ס. אין זייערע שעפּסען-פעלענע הויזען, מיט קליינע וואוילערישע קעפּלאך אונטער גרויסע קאַפּעליושען. אין איין בינטעל ליגען זיי, קוקען צום באַן ארויס. אין א בינטעל שטעהען זייערע פערדלאך אָנגעזאָטעלט, קיהלען זיך, איינער אין דעם שאָ־טען פון דעם אנדערען. ק א ו־ב א י ס. ערגעץ־וואו בראַ־דזשעט אום זייער סטאַדע און דאָ האָבען זיי זיך פערקליבען, א בליק צו וואַרפען צום צוג, וואָס טראָגט זיך אמאָל פערביי.

ס'קומט פון ערגעץ אָן א מיידעל אויף א פערד צו רייטען. אויך אין הויזען פון ווייסע שעפּסען-פעל. פון דער טאַליע קוקט די מיידעלשקייט ארויס און מיט א זעלנער־קאַפּעליוש אויפ'ן קאָפּ. ס'האָט דער צוג זי אָנגעיאָגט און איבערגעיאָגט, און זי פּרעסט דעם פערדיל'ס זייטען מיט איהרע שפּאָרען; סטראָגט ווי א ווי־כער זיך דאָס פערדיל און ווירבעלט אויף דעם שטויב אין א לאַנ־גען וואָלקען. און ווען זי יאָגט זיך פערביי די יונגען, טוט עס זיי פון אָרט א ריס — ווי וואסער וואָלט מען אונטער זיי געגאָסען. איידא, אויף די פערד ארויף! אלע נאָך דער מיידעל, אלע נאָך'ן

צוג, אין איין גאלאפ; און דער וואלקען־שטויב וואקסט און וואקסט און יאגט זיך אויך נאך אונזער צוג. ס'נעהמט אונזער צוג אן דעם וועט און ער געווינט: ווייט אהינטער בלייבט די מיידעל און די יונגען און דער לאנגער שטויביגער וואלקען...

אונזער וועג געהט צו מערב־זייט. אויך די זון ציהט זיך צו מערב־זייט. אויך דער טאג, ער נויגט זיך שוין צו מערב-זייט, און אלץ גלוטיגער זעהט אויס די וויסטעניש. דא, זעהט אויס, האבען זיך אינדיאנער געוואלט בעזעצען. קענטיג זייערע שפורען. ליימענע הייזלאך מיט לעכער אנשטאט פענסטער און דער דאך מיט גארניט געדעקט. אבער ווי נאר זיי האבען דעם ארט פערלאזען, האט דער מדבר זיינע שלוחים געשיקט און די הייזלאך איינגעבראכען, די ווענט איינגעווארפען; בלויז שטיקער ווענט שטארצען. שלאגט זיך א גראז א ווילדער פון דער וואנט ארויס. האט זיך א גרויסער קאקטאס הינטער'ן וואנט צובליהט...

נידריגער, נידריגער לאזט זיך אראפ די זון. זי איז איבער אונז. ניט צו זעהען דער זון. אבער איהר ליכט פארבט רויטער און רויטער די שטיינער, מאכט נאך פייערדיגער אויסזעהען די קאקטאס־בלומען, גלוטיג ליידענשאפטליך מיעד זעהט אויס דער מדבר. מיט זיינע צוגליהטע קאקטאסען אין דער וואונדערליכער שעה. עס זיצט געגענאיבער א מוטער, יוגענדליך און מיט שניי־ווייסע האר און מיט איהר טאכטער בלאנד, אין איהר גרויס. האט די טאכטער דער מאמען אויפ'ן האנט ארויפגעקלעטערט, זיך דער מאמען מיט די ליפען אין האלז איינגעגעסען און ליידענשאפטליך קוקען די אויגען צום אנגעצונדענעם מדבר ארויס... עס דעקען זיך אפ און ס'בעווייזען זיך רעכטס בערג, א לאנגע קייט, וואס ערגעץ ביז צום שטילען ים פערלויפען זיי. און ווען די זון נידערט אלץ נידריגער קען מען מיינען, אז די בערג האבען אנגעהויבען צו טאנצען האלטענדיג זיך האנט ביי האנט, און וואס מעהר זיי טאנצען אלץ ליכטיגער און ליכטיגער ווערט זייער אויסזעהען...

דער בין־השמשות צופלאטט זיך און אנטקעגען איהם, און

מיט איהם צופלאַמט זיך דער גאַנצער מדבר. און מיט אמאָל, גאָר אונגעריכט — — — א גרינער פלינגעל, א גרינער צווייג בויגט זיך ארוים פון דער זייט, וואו די בערג גליהען אין ליכט פון בין-השמשות, און שניידט זיך אריין אין האַרץ פון דער וויסטער גע־גענד:

— דאָרטען איז דער קאָלאָראַדאָ-טייך און זיינע גרינע, גריי־נע, ברעגעס! ער האָט זיין וועג דעם שווערען צווישען פעלזען־בערג שוין דורכגעמאכט, און איצטער רייסט ער זיך וואָס גיכער אָנצו-קומען צו די ברעגעס פון ש ט י ל ע ן י ם, צו זיינע ברע־געס קומען מיר. דאָס קיהלט ער זיך אין דער בעט פוןביידע זייטען מיט גרינע בוימער. ברייט איז ער, ברייט. פון ברעג ביז ברעג זעהר ווייט. ער האָט זיך פון צווישען די שטיינערנע ווענט ארויסגעריסען, און ס'ווילען די וואסערען פון קיין גרענעצען נים וויסען. און וואוהין זיי קומען, וואוהין זיי גרייכען גרינט דער מדבר.

און אז מען קומט גאָר נאָהענט צו איהם קען מען מיינען, אז נים קיין וואסער שטראָמט צווישען זיינע ברעגעס, נאָר די וויס־טעניש האָט פון דער הייסער זון זיך שמעלצען אָנגעהויבען, שטראָ-מען אָנגעהויבען, און דער שטראָם, ער האָט דעם אייגענעם אויס־זעהען, ווי דער מדבר ארום. אזוי געלב-גלוטיג; אזוי הייס־בלו-טיג דאכט זיך ווערט דער שטראָם אלץ ברייטער און ברייטער; אָט באלד וועט דער גאנצער מדבר צושמאָלצען ווערען אין דעם פייער־דיגען בין-השמשות, און די בערג, וואָס אין דער רעכטער זייט, ווע־לען באלד אָנהויבען צו שווימען אהין, צו מערב־זייט, נעהענטער, דאָרט וואו די זון נידערט אראָפּ פערנעהמענדיג די לעצטע שטרא-לען פון טאָג...

מיר קומען אָן צום שטראָם, צו זיין ברייט. א בריק, ביים בריק א שטוב. דאָרט וואוינט געוויס דער שומר פון בריק. שטעהט אין טיר א מיידעל ברוינלאך, יונג מיט שווארצע אויגען, אין א גרויער קליידעל, און באָרוועס זיינען איהרע פיס און — שפּילט אויף א

פידעל. ס'רווישט דער צוג. ניט צו הערען איהרע קלאנגען. איך זעה איהר פנים, איך זעה איהרע אויגען, איך זעה איהר רעכטע האנט בעוועגענדיג דעם ב ו י ג ע ן און די פינגער פון דער לינקער, וואס ציטערען אויף די סטרונעס...

זיי געבענשט דארט אהן א סוף, דו שעהן, ליעב מיידעל, מיט דיין שפילען אין גרויסען בין-השמשות, אין פייערדיגען בין־השמשות, אין דער וויסטע, ביי די ברעגעס פון דעם טייך ק א־ ל א ר א ד א!....

---

## קאליפארניא

דער ש ט י ל ע ר י ם וואשט דעם זוים פון קאלי- פארניא, ס'הארץ פון דער גאלדענער וועסט. קאליפארניא איז אזוי וויט פון ניו יארק, אזוי וויט... ניט קוקענדיג, וואס בלויז פינף מעת-לעת נעהמט מיט'ן באהן צו קומען אהער. ס'איז א סך ווייטער ווי פון ניו יארק קיין לאנדאן און דער וועג איז פיעל שווערער אהער כאטש מיט דער יבשה דער־קלייבט מען זיך קיין קאליפארניא.

דעם נאמען ג א ל ד ע נ ע ו ו ע ס ט האט קאליפאר־ ניא בעקומען אין יאהר טויזענד אכט הונדערט אכט־און-פערציג. יעמאלט ווען א מענש מיט'ן נאמען ס ו ט ע ר און נאך א מענש מיט'ן נאמען מ א ר ש א ל, וועלענדיג בויען עפעס א מיהל ביי א טייכעל, אין צפון זייט פון קאליפארניא האבען זיי פלוצלונג גאלדענע זעמדעלעך בעמערקט אויפ'ן גרונט פון קלארען וואסער.

— גאלד!

פון זייער הארצען האט זיך דער כשוף-ווארט ארויסגעריסען מיט אזא כח, אזש פון עק וועלט ביז עק וועלט האט זיך דער אבקלאנג צוטראגען. און פון וואנען האט מען זיך אהער ניט גע- צויגען? פון כינא און יאפאן דורכ'ן שטילען ים, און פון די ברעגעס

פון אטלאנטיק דורך די קאָלאָראדאָ׳ר בערג, דורך די מדבריות פון יוטא און אריזאָנא האָט מען זיך צו פוס און אין בוידען געצויגען. מען איז געלאָפען פון אַלע עקען אייראפּא און פון אַלע אמעריקא׳ס ווינקעלעך. אפשר נאָך איצטער קען מען געפינען דאָ און דאָרטען, אין די מדבריות, ביינער פון אָט יענע בראווע מענשען, גליק־זוכערס.

יא, אמאָל, נאָר אמאָל איז עס געשעהען מיט ניין־און־זעכציג יאָהר צוריק. דאָ אין לאנד איז ניין־און־זעכציג יאָהר שוין ה י ס־ ט אָ ר י ע. און וויכטיגע היסטאָריע. וואָרים בלויז א צוואנציג מיליאָן איינוואוינער האָבען יעמאָלט די פעראייניגטע שטאטען פערמאָגט. און, אז שפּעטער מיט איין־און־צוואנציג יאָהר האָט מען די ערשטע אייזענבאהן־ליניע דורך דער לענג פון לאנד דורכגע־ פיהרט, פון אטלאנטיק ביז צום פּאסיפיק, האָט מען דעם לעצטען משוואָק אין שוועל פון רעלס אריינגעשלאָגען — א ג י ל ד ע ר־ נ ע ם. מיט דעם פערזיענעלט און פעראייבינט דעם נאָמען פון קאליפאָרניא:

די גאָלדענע וועסט.

ביי היינטיגע צייטען שטראָמט ניט דער עולם אזוי שטארק קיין קאליפאָרניא דאָ זיך צו בעזעצען. דער גרעסטער עולם קומט אהער צו פערברענגען ביי די ברעגעס פון שטילען ים. אין צאָהל פון מענשען איז קאליפאָרניא ניט דער גרעסטער שטאט פערמאָגט ביי א דריי מיליאָן איינוואוינער. אפשר גראָבט מען דאָרט גאָלד אין צפון זייט פון קאליפאָרניא, אָבער ניט דערפאר פערדיענט קא־ ליפאָרניא צו הייסען — די גאָלדענע וועסט.

די קינדער פון לאנד ווען זיי זעהען קאליפאָרניע אין חלום איז עס ניט דער קלאנג פון גאָלד אין דעם שולדיג. זיי חלומ׳ען פון דער גאָלדענער וועסט און אין חלום זעהען זיי גאָלדענע אפּעלסינען, וואָס שיינען ארויס פון צווישען געדיכטע בלעטערדיגע צווייגען; פון צווישען טיעף־גרינע און זאנפטיג־גרינע קאָלירען ארויס. ס׳איז נאָר אנאנדער מין גאָלד. ס׳איז נאָר אנאנדער מין חלום פאר די

וואָס וואוינען ביי די ברעגעס פון ברוגז'ען אטלאנטיק און ס'איז א שעהנע ווירקליכקייט פאר די וואָס האָבען זיך אריבערגעקליבען די קאָלאָראַדאָ-בערג דורכגעשניטען מדבריות און געקומען אהער צום פרוכטבארען פּאַס לאנד, וואָס ציהט זיך ביים ראנד פון שטילען ים, וואָס באָדט זיך די גרעסטע טייל פון יאָהר אין זונען־שטראהלען.

אין יענע צייטען, ווען מען האָט אין קאליפאָרניא גאָלד ענט־דעקט, איז די געגענד נאָך געווען וויסט. ביז צום ים איז דער מדבר פערלאָפען. א סך-הכל פון פופצען מיליאָן דאלאר האָבען די פעראייניגטע שטאַטען בעצאָהלט אין יענער צייט מעקסיקא פאר קאליפאָרניא און בעקומען נאָך א צולאג דעם שטאט ניו מעקסיקא. אפילו נאָך היינט איז דער גרעסטער טייל פון קאליפאָרניא, וואָס צו מזרח זייט וויסט. שטיין און זאמד ווי אין אריזאָנא. און דאָך האָט די וועלט א בעגריעף פון קאליפאָרניא ווי פון דעם שעהנסטען זאטסטען ווינקעל אויף גאָט'ס ערד, א גן־עדן אויף דער ערד וואו אלץ בליהט, אלץ איז גרין און צוואוואקסען. ס'איז אָבער ניט אינ־גאנצען אמת.

זומער געהען דאָ קיין רעגענס ניט. זומער איז אלץ אויסגע־טריקענט, אויסגעברענט — אויסער דאָרט וואו דער מענש האָט זיין מיה צוגעלעגט. און ס'איז אזוי הארציג צו טראכטען, אז ווען ניט דער מענש און זיין גוטער ווילען, זיין שעהנער פערלאנג, וואָלט נאָך איצטער קאליפאָרניא געווען אזוי וויסט ווי אריזאָנא; און דער רייזענדער וואָלט דאָ בעגעגענט זאמד און שטיין און אפשר וואו־ניט-וואו א מענשען מיט א פרעמדען פייער אין די אויגען, וואָס זיין נשמה איז איבערגעגעבען געוואָרען צום טייוועל, וואָס ווערט גענערט אונטער דר'ערד מיט'ן שטויב פון גאָלד. און די אפּעלסי־נען און ציטרינען־בוימער דאָ רופען אין הארצען ארויס א גאנץ אנדערען געפיהל ווי די פרוכט־גערטנער אין דער אלטער היים.

ביי אונז, אין דער אלטער וועלט, ספּעציעל אין רוסלאנד, אז מיר טראכטען אונזערע שעהנע גרינקען ווענען פעלד און פויער

— קומען אונז אנטקעגנען ווייץ און קאָרען-פעלדער, וואָס ערב ווינטער האָט מען געדראָפּט אקערען און זייען, און ווינטער צי־טערען, אז פון פראָסט זאָל חלילה ניט די זריעה אויספרירען; אין פריהלינג — ווארטען, אז דער שניי זאָל זיך שוין צושמעלצען און לאָזען דעם גרינעם גראָז אביסעל זיך אויסגלייכען; און זומער ווארטען, אז דער רעגען זאָל קומען אין צייט, און דערנאָך אזוי פיעל פראצע, אזוי פיעל פראצע ביז מען דערלעבט שוין די תבואה צו האָבען אין זאשעק אדער אין זעקלעך פערבונדען — ביז מען איז שוין זוכה צו עסען ברויט פון נייעם קאָרען... אין פרוכט-גערטנער, אדער אין ס ע ד ע ר ווי מען רופט זיי ביי אונז, האָט מען קיין פראצע ניט אריינגעלעגט. זיי האָט א י מ י צ ע ר גע־פלאנצט. א זיידע אדער אן עלטער־זיידע. און פאר'ן יורש איז בלויז געבליבען צו היטען, אז דער צאם זאָל זיין ניט צובראָכען; קיין גנבים זאָלען ניט קריכען ביינאכט טרייסלען די עפּעל פון די בוי־מער. ס'איבעריגע האָט ער איבערגעגעבען אין די הענט פון פריה־לינג, אין רשות פון זומער. זיי האָבען די ארבייט אָבגעטהאָן. גאָר זעלטען האָט מען געקענט זעהען ביי אימיצען אין סאָד א בוים אבגעקאלכט ביז צו די צווייגען — א שמירה פאר בייזע ווערים.

אנדערש אָבער אין קאליפאָרניע, וואו רעגענס גיסען בלויז אין ווינטער און מען בעדארף, אז אלץ זאָל גרינען און בליהען א קיי־לעכדיגען יאָהר לאנג. ס'איז צו קומען און צו זעהן מיט וואָס פאר א צערטליכקייט מען געהט אום ארום די חנ'עוודיגע אפּעלסינען-בוימלעך, וואָס שטענדיג בלייבען זיי יונג און שיינענדיג; זעהען שטענדיג אויס ווי ע ר ש ט ל י נ ג ס; ווי ערשט דעם ערשטען יאָהר האָבען זיי זיך בעדעקט מיט בליהעכץ, שפּעטער מיט גרינע־גרינע פירות וואָס האָבען געקוואָלען, מיט זאפט זיך אָנגעגאָסען און אין גאָלד זיך ליכטיג בעקליידט. ארום אן אפּעלסינען־בוים געהט מען ארום ווי ארום א בת־יחידה, ווי ארום א יונגער קינפּעטאָרין. ס'ציהען זיך אוועק אויף צעהנדלינגער מייל|ען שורות, שורות אפּעל־סינען־בוימער, אין הויף פון א מענשען, מיט גרויסע, געדיכטע, גע־

קרייזעלטע קעפּ — גרינע בלעטערדיגע לאָקען. אין די לאָקען זיינען געדיכט גאָלדענע פּאָמעראַנצען איינגעפלאָכטען. יעדער בוימעלע איז אין צייט ארומגעצופט געוואָרען, די ערד אונטער איהם ארומגעגראָבען און ווייך צוגראָבען; יעדען ווילדען גרעזעלע ביים צופּו-סענס פון בוימעלע אויסגעריסען. און ווינטער, כאָטש קאליפאָרניא, דאָך טרעפט אמאָל אַ לייכט פרעסטעלע, און אמאָל אַ קאלטער, קאלטער ווינט און די בוימעלעך, וואָס האלטען פּונקט אין רעכטען גרינען, קענען זיך חלילה פערקיהלען — מאכט מען, אז זיי זאָל וואַרעם זיין: אונטער יעדען בוימעלע אַ קעראָסין-אויוועלע, וואָס דורך נעכט וואכט מען איבער דעם ס'זאָל ניט אויסגעהן; און אזוי דערהאלט מען דעם גאָרטען ביים לעבען.

און וואָס וואקסט דען דאָ ניט, אז מען בעמיהט זיך, און, אז מען האָט אָנגעטראָפען אויף אַ גוט שטיקעל ערד? עפּעל, באַנאַנעס פלוימען, קאָרען, ווייץ, גערשטען, איילבערטען און פייגען, האָבער, מערען און בוריקעס — אָבער קיין שום געגענד שמעקט ניט אזוי זיס ווי די אפּעלסינען געגענדען, ציטרינען און אתרוגים־גערטנער. זייער פיינער ריח רייסט זיך ארויס איבער די גרעניצען פון זייער ממשלה, טראָגט זיך ארויס צום דורכפאָהרער אדער דורכגעהער מיט דעם ברייטען וועג.

אויף דעם שטאָט קאליפאָרניא ליגט עשירות אויסגעגאָסען. אויף די מענשען, פעלדער — רחבות, זאטקייט; און אויף דעם שטאָטישען מענשען זעהט זיך ניט אָן די זאָרג וואָס קוקט ארויס פון אונזערען אַ מענשען אין דער א י ס ט. אויך דאָ איז דער עולם שטארק אינטערנאציאָנאל. אין די גרעסערע שטעט פיעלפאַ-כיג. דאָ טרעפט מען דעם כינעזער נאָך מיט זיין לאנגען צאָפּ און די רוסישע מ אָ ל אָ ק א נ ע ס אין זייערע לאנגע בערד. אפשר דער איינציגער פלאץ אין די פעראייניגטע שטאַטען, וואו מען רייסט ניט דעם כינעזער פאר זיין לאנגען צאָפּ און מען לאָזט דעם מאלאקאנער צורוה זיין לאנגע באָרד.

די צוויי גרעסטע שטעט אין קאליפאָרניא, סאן פראנציסקא

און לאָס אנדזשעלאס, כאָטש אינגאנצען ביי א צוועלף שעה רייזע איינס פון אנדערען, דאָך זיינען זיי אזוי פערשיידען איינס פון אנ־דערען מיט זייער כאראקטער און אויסזעהען. סאן פראנציסקאָ זעהט אויס ווי איין גרויסער אינטערנאציאנאל-האָטעל, וואו מענשען פון דער גאנצער וועלט קומען בלויז אויף איין נאכט איבערצונעכטיגען; און לאָס אנדזשעלעס — א שעהנע דירה פון א רייכען פעטער, מיט סעדער, מיט גערטנער, מיט בלומען און מיט א סך מילכיגס. ארום סאן פראנציסקאָ קלינגט נאָך מיט דעם קלאנג פון גאָלד און ארום לאָס אנדזשעלאס שמעקט מיט בליהעכץ, גליהט דער קאליפאָרניער מאָן און עס רויטלען זיך זשיראָניען אָהן א שיעור ביי די ווענט פון די הייזער...

אבער דאָ אין דעם פרוכטבארען פאס לאנד, וואָס ביי מערב־ראנד פון לאנד, וואקסט אויסער פרוכט און ברויט נאָך א זאך, א זעהר ניט אנגענעהמע זאך — עס וואקסט א דאגה פאר די קינדער פון לאנד, וואָס קענען זיך ניט בעפרייען פון ראסען־האס.

אז מ'שטעהט ביים ברעג פון ש ט י ל ע ן י ם קוקענדיג ווי די כוואליעס קומען אָן צום ברעג און וואשען דעם זאמד פון ברעג, טראכט זיך, אז אָט אזוי פונקט רוישען די כוואליעס דאָרט אויף יענער זייט ים, ביי די ברעגעס פון ווייטען מזרח וואו ס'וואוי־נען קינדער פון דער ג ע ל ע ר ראסע; וואָס ווערען דאָ אין לאנד פרעמדלעך בעהאנדעלט און, וואָס דאָ אין קאליפאָרניא ספע־ציעל, וויל מען זיי, די קינדער פון דער ערד דערווייטערען. פילסט ווי איבער'ן אויבערפלאך פון וואסער וואָס שפרייט זיך צווישען די ביידע וועלט־טיילען, שוועבט דער גייסט פון קנאה, שנאה און אפשר דער גייסט — פון קריעג.

ווען ניט די יאפאנעזער, וואָלט דאָך קאליפאָרניא געוויס ניט האָבען דעם פרוכטבארען אויסזעהען; וואָלט קאליפאָרניא געוויס אזוינע שעהנע פירות ניט ארויסגעגעבען. זיי האָבען דעם וועג גע־וויזען ווי זיך מיט דער היגער ערד צו בעגעהן. און ביי היינטיגע צייטען טאָרען זיי דאָ קיין ערד ניט קויפען. ס'איז ווערט צו דער־

צעהלען, אז מיט פינף-און־זעכציג יאָהר צוריק זיינען די פעראייניגטע שטאטען געווען די, וואָס האָבען מיט זייערע קריעגס־שיפען געצוואונגען יאפּאַן, אז זי זאָל עפּענען די טויערען פון לאנד פאר פרעמדע און זייערע סחורות, וואָס ביז יענער צייט איז האָלאנד געווען די איינציגע מלוכה וואָס האָט געהאט די זכיה צו בעטרעטען יענע ברעגעס. אמעריקא האָט אויסגעפיהרט. און אמערקא איז אפשר שולדיג וואָס מען האָט דעם שד פון זאק ארויסגעלאָזען; וואָס יאפּאן איז אזוי אייראָפּעאיש-מלחמה־פעהיג געוואָרען, און וואָס יאפּאן האָט אזעלכע נישטיגע, ביליגע סחורות אָנגעהויבען צו פאבריצירען פאר דער וועלט. און דוקא געגען יאפּאן און כינא האָט מען דאָ אזעלכע אויסנאם-געזעצען.

די כינעזער האָבען זיך נאָך ניט אויסגעטשוכעט פון שלאָף, דער ביקס פאלט נאָך אראָב פון אקסעל, אָבער דער יאפּאנעזער...

כ'וויים ניט אויב אין קאליפאָרניא וואָלט מען האָבען אזוי פיעל מאלינעס, זיסע מערעלעך און שווארצע יאגדעס, רויזען, כריזאנטעמען, קרויט און פּאָמעדארען ווען ניט יענע יאפּאנעזער, וואָס זיינען אהער געקומען נאָך גאָר אמאָל — גאָלד זוכען. און וואָס איצטער — בעלי בתים אויף דער ערד קענען זיי דאָ ניט ווערען. די כינעזער אין די וויכע פאנטאָפעל, וואָס וואשען גרעט און שוויי־גען — געהען פערביי אייך און הויבען צו מאָל די אויגען ניט אויף אויף אייך א בליק צוגעבען.

דער יאפּאנעזער שווייגט אויך, אָבער ער טוט שוין אמאָל אויף אייך א קוק, שענקט אייך א בליק.

אָט דער יאפּאנעזער, עלעגאנט געקליידט, זיינע שווארצע די־קע האָר פערקעמט מיט א שרונט אָן דער זייט און מיט פּאָמאדע אָנגעשמירט, אז דער שרונט זאָל זיך האלטען און, אז זיינע שמאָלע, קרומע אויגעלעך קוקען אייך אָן לויפט אייך א פרעסטעלע דורך דורך די ביינער:

— אך, דו נארישער יענקי! מיט וואָס האלסטו זיך אזוי

גרויס? קענסטו אונזערע קריעגס-שיפען, אונזער ארמעע? זעהסטו ווי מיר נארען דיך אָב פון קאָפּ ביז די פיס פערקויפענדיג אונזע־רע ביליגע פאָרצעלייען וואָס זיינען ערגעץ אין א פערוואָרפען ווינ-קעל ביי דיר אין לאנד געמאכט געוואָרען און דו, שוטה, ווייסט אפילו ניט פון דעם...

אָט די אלע יאפאנעזער דאָ ביים ברעג ים מיט זייערע לאָטאָ־רייעס און מיטלען ווי אזוי צו מאכען מענשען עפּענען די קעשע-נעס און ארויסנעהמען זייערע סענטען, וואו מען קען געווינען א פושקע קענדי, שאָקאָלאדלעך, צאצקעס, ליאלקעס, שטיינדלעך און ביינדלעך — יאפאנעזישע און כינעזישע אלע קונסט ווערק נאָר וואָס פון פורעם ארויס — ס'איז צו שטעהן פון ווייטען און זעהען ווי דער יאפאנעזער מיט זיין קנאקעדיגען ענגליש בעהאנדעלט דעם אמעריקאנער — ווי קליינע, נארישע צולאָזענע קינדער, וואָס האָ-בען פון דער מאמען בעקומען קליין-געלט אויסצוגעבען:

— בלויז צעהן סענט, א ציה טאָן, אָט דעם שנירעלע, וועסטו געווינען א גאנצע שאכטעל קענדי, אָט אזא פושקע קענדי וועסטו געווינען! — שרייט א שנעק א יאפאנעזער צו א שווערען, צופריע-דענעם יענקי, וואָס איז אהער געקומען הנאה האָבען פון ים.

דער יענקי ציהט דעם שטריקעל און פערשפּיעלט.

— ציה נאָך אמאָל. צום צווייטען מאָל איז מזל'דיגער.

דער יענקי ציהט צום צווייטען מאָל און — פערשפּיעלט.

דאָ ביים ברעג ים איז די שפּיעל א קליינע, ניט קיין געפעהר־ליכע. דער יענקי וויל א קעסטעל שאָקאָלאדלעך צו פערזיסען דעם לעבען און דער יאפאנעזער — צעהן סענט.

אָבער ערגעץ ווייט, אויף יענער זייט ים, האָט דער דראָבנער יאפאנעזער א פאָטערלאנד, האָט מיניסטאָרען, שטאטסלייט; האָט אויך א מיקאדא, און דאָ אין וואשינגטאָן זיצט א שטעל-פערטרע-טער פון יענעם לאנד. און שוין לאנג ווי זיין פאָטער־לאנד דינגט זיך מיט אונזערע פיהרער דאָ אין לאנד, וואָס זיצען אין וואשינג-טאָן. מען דינגט זיך לאנג און ערנסט. ניט איבער צעהן סענט

און א קעסטעל שאָקאָלאַדלעך איז דער סכסוך נאָר איבער דעם וואָס אין קאַליפאָרניא וואַקסען מאַלינעס און עס בליהען בריזאַנטעמען צוליעב דעם זכות פון יאַפּאַנעזער, און ער, דער יאַפּאַנעזער, קען קיין בעל־הבית ניט ווערען איבער זיין גאָרטען... און די נאַאיווע, אונשולדיגע קינדער פון לאַנד דא, גלויבען און האָבען מורא, אז יאַ־פּאַן מיט פינף־און־זעכציג יאָהר צוריק.... מען האָט מורא, און די שנאה וואַקסט און דער תהום וואַקסט צווישען דער געלער און ווייסער ראַסע...

אבער דער ראַסען־האַס איז ניט אימשטאַנד צו פערטיליגען דעם שעהנעם ריח וואָס טראָגט זיך פון די אַפּעלסינען־גערטנער, קען ניט פערדאַרבען דעם גוטען געשמאַק וואָס די היגע פּירות האָבען, קען ניט אויסלעשען די זונען שטראַהלען וואָס גיסען זיך דאָ איבער דער געגענד; קען ניט אָבשטעלען די כוואַליעס וואָס קומען וואַשען די ברעגעס פון דער גאָלדענער וועסט...

---

## א וועלט אויסשטעלונג
## (יוני 1915)

סאַן פראַנציסקא —

ניט לאַנג דורכגעמאַכט ערד־ציטערניש. ס'בעסטע דערצעהלט מען, איז חרוב געוואָרען.

אבער א שטאָט — ווי א לעבעדיגע בעשעפעניש; ווערט פער־וואונדעט, די וואונדען פערהיילען זיך, וואו ניט וואו א צייכען און מעהר גאָר ניט. אפשר זיינען אביסעל ענגאַאיסטען אנטלאָפען געוואָ־רען נאָכ'ן אומגליק —

— ווער ווייסט פון זיי? די שטאָט איז ווידער אויפגעבויט!

וואו ניט וואו, צווישען צוויי מאַסיווע הייזער א פּלאַץ לע־דיג... א אָפענער געמויערטער קעלער און פון קעלער וואַקסען הויכע

גראָזען... מעהר נאָר ניט.

אָבער ווער בעמערקט עס, ווער זעהט עס? די שטאָט זעהט אויס ווי א יונגע כלה וואָס האָט זיך אויסגעפּוצט געסט צו בע-נעגענען.

און געסט — שטראָמענדיג, ציהען זיי זיך אהער. מענשען פון אנדערע געגענדען, ווייטע לענדער, און דאָך, ניט פרעמד קוקט איי־נער צום אנדערען. ניט קיין ערנסטער, גיכער א לייכטזיניגער גע־פיהל טרייבט דעם עולם אהער פון אלע עקען לאַנד און צומאָל — פון אלע עקען וועלט.

סאַן פראנציסקא ווי נויאָרק, ביידע פערמאָגען די הויפּט־טוי-ערען, וואָס עפענען דעם וועג אהער אין לאַנד אריין. ביים אטלאנ־טישען — דער "טרערען-אינזעל" און די "פרייהייטס סטאטוע"; ביים פּאסיפיק — דער "גאָלדענער טויער".

דורך ניו יאָרק קומען צום מייסטען דאָס גרויסע פאָלק פון פראצע. הענט צום מאשין. זעלטען ווער מיט א גרינג געמיט.

דורך דעם "גאָלדענעם טויער" אָבער קומט נאָך אַן עולם גליק זוכען. אין יענער געגענד טראָגט זיך נאָך אין לופטען דער גאָלד-שטויב. דער ווינט־מענש געהט אום אין די גאַסען מיט שטאָק און צילינדער. די שטאָט, קען מען מיינען, לעבט אין האָטעל און ניט אין נעמיטליכע פאמיליען-הייזער.

און איצטער — קאָכט עס און עס רוישט. די בעוועגונג צו גרויס פאר אזא קליינער שטאָט. די גאַסען צו ענג פאר אזא ברייטען שטראָם מענשען; די האָטעלען ניט גענוג מאָדערען-גרויס פאר אזוי פיעל געסט, און די געסט — ניט גענוג גרויס־שטעטיש פאר אזעלכע האָטעלען.

סאַן פראנציסקא איז אינטערנאציאָנאל. אפילו דער כינעזער שפּירט זיך דאָ היימיש, טרעט די גאַסען אין זיינע היימישע ווייכע שיכעלאך; די פרוי אין בלויליכע הויזלאך, ווייסע זאָקען און א קאפּטען ביז די קניה מיט א הויכען שטייפען אויפגעשטעלטען קראַ-גען.

יאפּענעזער, נאָר וואָס אָנגעקומענע "מענשלען" זיך. ער טראָגט אַנ'ענגען קראַגען און זי קניהט אונטער דער שווערער משא פון דער לעצטער מאָדע.

אָט די לייט קומען אהער גליק זוכען. די ערשטע — וואשען וועש, און די צווייטע — בעפּוצען מיט בלומען די הייזער און מאַכען אויך אז די גערטנער זאָלען גרינען.

סאן פאַרנציסקאָ האָט א וועלט אויסשטעלונג, אָבער דער "גאָלדענער טויער" אינ'ם געשטאַלט פון צוויי שורות פעלזען, וואָס בעגלייט די שיף ביז צום האפען — דער "גאָלדענער טויער" איז עלטער פון דער איצטיגער וועלט אויסשטעלונג...

* * *

מיין האָטעל.

ניט צו קריגען קיין צימער מיט א פענסטער אין דער ליכטיגער וועלט. אלץ בעזעצט.

— גיט מיר א פענסטער כ'זאָל זעהען א שטיקעל הימעל.

— מיר פערדינגען צימערען אָבער ניט קיין הימעל.

— זאָל איך קוקען אויף א שווארצע וואַנט?

— ביזט דאָך געקומען זעהן די אויסשטעלונג, ניט זיצען אין צימער.

— אלץ אמת, אבער דרויסען רעגענט דאָך —

— דאָ רעגענט ניט לאַנג.

— זאָל זיין אזוי.

און אין ווארט-זאַל פון האָטעל — הימעל און ערד און גאָר ניט. א בירזשע, מען טומעלט זיך. דער אריין, דער ארויס. דער עלעוויטאָר קומט פון אויבען, שפּייט אויס א בונט מענשען, שלינגט באלד פרישע איין און פערשווינדט. ס'קומט אָן א גרופּע ווייבער, אויסגעווייקטע פּנים'ער — לעהרערינס פון דער פּראָווינץ נעווויס. פון ווייט געקומען; אויף דער נאָז אָנגעשריבען.

א קליין־דאר ווייבעלע "העננט" אויפ'ן האנט פון א ריעז, ערגעץ פון קענזעס — און א ריזיגע פרוי פון אירלאַנד — ביים

ארים פון אן אויפגעבלאָזענעם פראַנצויז פון קאַנאַדאַ. מענער מיט צילינדערס, מיט בלומען, מענער מיט איינגעבויגענע רוקענס און שפּאַקולען אויף די נעז. מיטגליעדער פון פעראיינען מיט אויפשריפטען אויף די היט; אנדערע מיט כבוד־צייכענס אויפ'ן ברוסט. מענשען מיט מעדאַלען פון אלע מינים: ווער פאַר זיין איינענע פערדינסטען, ווער ס'האָט גוטע פערד אויפגעצויגען אויף זיין פאַרם, ווער ס'האָט גוטע היהנער אויסגעברוט אָהן דער טרחה פון דער קוואָקע. איינער פירט אנ'אָנגעפּרעסענעם בולדאָג אויף א רימען מיט א מויל־שלאָס אויפ'ן פּרצוף, און איינע טראָגט א צופּיעסטשעט ווייס פּודעלבראַזעלע אויפ'ן האַנד. ווער...

* * *

אויף דער באַס...

אין איין זייט גיסט א רעגען און פון דער אנדערער — שיינט די זון. א ברייטע בעוועגונג. אויבען ווערען פאָנען. אונטען טראַמוויען, אויטאָמאָבילען און מענשען.

"צו דער אויסשטעלונג".

אָבגעקומענע אָטאָמאָבילען האַנדלען מיט זיך: בלויז צעהן סענט צו דער אויסשטעלונג. טראַמווייען שלעפּען זיך בעל־הבתיש: בלויז א ניקעל צו דער אויסשטעלונג. יום־טוב אין די גאַסען. שוין עטליכע חדשים ציהט זיך דער יום־טוב. פרעמדע ברענגען איהם, די פרעמדע יאָגען אַזוי. האָבען קיין צייט נים. פרעמדע האָבען עס די שעהנערע קליידער אָנגעטאָן. דער גאַנצער עולם — ווי א פרעמדער וואַסער, וואָס איז פון ערגעץ אָנגעקומען, ציהט זיך ברייט און פלאַך. דער היגער האָט זיינע אַלטעגליכע זאָרגען; געהט וואָכעדיג געקליידעט און פּאַמעלאַך.

נעבען א קאַפּע מיט א ווייסען שילד שטעהט אן אייזעל, דעם קאָפּ אראָבגעלאָזען, אָנגעשפּאַרט אויף דריי פיס און די פיערטע איינגעבויגען, זי אויסצורוהען. די פעל ערטערווייז אויסגעקראַכען. אויפ'ן אייזעלס שאַרפען רוקען — צוויי טאַוולען הענגען אראָב פון ביידע זייטען און אויף די טאָוולען איז אָנגעשריבען:

"געהט ניט אין די װ ו י ס ע קאפע-הייזער, זיי בעשעפ־טיגען ניט קיין יוניאָן לייט".

צוויי מענשען געהען פארביי. שטעלען זיך אב, בעטראכטען דעם אויפשריפט. איינער געהט אוועק; דער אנדערער — שפּייט אויס און געהט אריין אין קאפע הויז.

דער אייזעל כאפּט א דרימעל.

* * *

די אויסשטעלונגס־פאלאצען....

ביים ברעג ים. געוועזען דאָ אמאָל א זומפּ, דערצעהלט מען; דעם זומפּ פערשאָטען, אויסגעטריקענט. א סימבאָל פאר דער גרוי־סער מעגליכקייט אין אמעריקא. די פעלזען פון דעם "גאָלדענעם טויער" הויבען זיך ארויס פון ים און קוקען אריבער אהער צום פּלאַץ פון דער אויסשטעלונג. א קריעגס שיף דרימעלט אין די וואַ־סערען, די קאנאָנען אהער געווענדעט — ס'איז כבוד; אָבער אפשר א שמירה פון אלדאָסבייז.

אמאָל דאָ א זומפּ געוועזען. איצטער קיין שפּור פון דעם. אלטע בוימער וואקסען. ניט פון אָט דער ערד האָבען זיי די ערשטע יניקה געצויגען. אויף א ן א נ ד ע ר ע ר ערד ג ע ו ו א ק ס ע ן. האָט מען זיי פּאָרזיכטיג אויסגעוואָרצעלט און אהער געבראכט. א לוסט־פּלאַץ און פּאלאצען פון דער ברייטער האנט. איידער מען געהט אינוועניג אריין, קען מען מיינען, אז דאָ איז אן אויסשטעלונג פון פּאלאצען. ריזיגע פּאלאצען אין ראָזיג־געלבליכען קאָליר. יעדער פּאלאַץ איז א מיש־מאַש פון עטליכע סטילען. גאָטישער סטיל, אלט רוימישער און איטאליענישער רענענסאַנס וואקסען איינס פון אנ־דערען ארויס.

ביי די פּאלאצען סימבאָלישע פיגורען, וואס דייטען אָן אויף דעם "תוך" פון דעם אדער יענעם פּאלאַץ. און ווי מען האָט זיך ניט בעמיהט, אז יעדער בנין זאָל זיך אָנזעהען, דאָך פערשטעלען זיי איינס דעם אנדערען. איין פּלאַץ וואקסט פון א הינטער דעם אנדערען ארויס מיט זיין גאנצער גרויסקייט. די מאַסיווע קאלאָנא־

דען און די גראנדיעזע קארניזען איבער זיי ווינקען מיט גדלות און ברייטקייט.

מען קען מיינען, וועלטען מיט גראניט האט מען אהער ארי־בער געפיהרט די אלע בנינים אויסצושטעלען. טהוט איהר אבער א שנעל מיט'ן פינגער אין דעם "גראניט" קלינגט עס פוסט.

— ברעטלאך און פאפיר. אפשר אויך א סימבאל, א בעדייט אויף עפעס...

* * *

"מאנופאקטור"...

אין דעם פאלאץ פאל איך אריין צום ערשטען.

ס'איז א וועלט־אויסשטעלונג. די גרויסע, אלטע וועלט, די מאמע פון דער מאדערנער מאנופאקטור, איז אבער איצטער אין מלחמה. ס'אייגענע קינד האט דער מאמען אויפ'ן שלאכט-פעלד ארויסגעפיהרט. איז קיין בייז:

— אמעריקא האט אלעמען גוט פארטראטען. דייטשלאנד, ענגלאנד, פראנקרייך אפילו רוסלאנד —

די פעראייניגטע שטאטען האבען גוט זייער פלאץ אין דעם פאלאץ פערנומען. אלץ איז דא פאראנען. פון א שפילקע פאדים ביז צו די מאדערנע און גרעסטע וועב-מאשינען וואס בעוועגען זיך ביי זייער ארבייט; פון דער נאדעל ביז צו דער נייעסטער טאר־פידא, געמאכט ביי "רעמינגטאן ענד קא."

ניט נויטיג געווען, אז אייראפא זאל איהרע חפצים שלעפען איבער ימים.

אבער דער צופאל, וואס האט ניט געלאזט די אייראפעאישע מלוכות אפיציעל זיך דא צו בעטייליגען און וואס איינינגע פאטריא־טען און קויפלייט פון פרעמדע לענדער איז געלונגען יא עפעס צו בעווייזען אויף דער אויסשטעלונג: אונטער דער היימישער מארקע — דאס אלץ בעווייזט אויסגעצייכענט אפילו ביים ערשטען אוי־גענבליק אז —

די מאשין האט דאס אינדיווידועלע איגגאנצען אומגעבראכט.

די מאשין וועבט איין געוועב פאר דער קולטורעלער וועלט. פארב, קאליר — אמאל געוועזן אייגענשאפטען פון פעלקער, היינט האבען זיך די פארבען אויסגעמישט. מען האט זיך מיט די קאלירען פערביטען. אין די פעראייניגטע שטאטען מאכט מען אלץ אדער מען מאכט נאך אלץ — קיין גרויסער חלוק ניט. קיין איין מאדערען פאלק איז איצטער ניט בעסער. ניט מעהר וואס איצטער איז די מלחמה דארטען, אבער ביז דער מלחמה איז אין דעם ענין פון נא-לאנטריי סחורה, איירָאפא שוין געוועזן אויפ'ן פלאכען און גראדען וועג ווי די פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא — — —

די מאשין, די מאשין, די איינציגע שאפונגס קראפט און אזוי ווייניג לידער ווערט לכבוד איהר געזונגען.

זיצט א דאמע ביי א וועב-מאשין, וואו עס וועבען זיך אויס קליינע האנטוכלאך, סערוועטען; די מאשין טהוט זיך איהר ארבייט אליין. די דאמע פוצט די נעגעל מיט א קליין פיילכעלע.

און א צווייטע מאשין שטיקט אויס בלימעלאך אויף א העלען געוועב, ברייט ווי א וואנט. און פופציג, אפשר הונדערט בלימעלאך מיט א מאל שטיקט די מאשין אויס אויף דעם געוועב. איין בלימעלע אין אנדערען געראטען, אויף א האר ניט געמינערט; אויף א האר ניט צוגעגעבען. אנ'אנטיק פון א חופה-קלייד קען דער פון זיין. די כלה וועט פערשפארען דורך נעכט נעבעך, איהרע אויגען בלענדען און בלימעלאך אויסשטיקען...

ווי געזאגט, ניט אפיציעל האט דא יעדע לאנד פון איירָאפא צו ביסלעך סחורה מיט דער אייגענער מארקע.

ענגלאנד —

אביסעל "קעניגליכע" פארצעליי. דער סטיל נעפּושט. שמעקט מיט "קאפענהאגען" און אביסעל "ווינעריש" צונויפגעמישט. האנט שטיקעריי. גאנץ גראבלאך געמאכט. דאס אלץ. מעהר קיין אריגינעלע זאכען איז דא ניטא. עפעס האט ענגלאנד יא געהאט אויסצושטעלען, אבער דאס איז געווען פאר דער מלחמה. און דא-צו ווייסען דאך רייזענדע, אז פון לאנדאן קיין פאריז לויפט אנ'-

עקספרעס־צוג בלויז אלט שעה... און צוזאמען מיט די מענשען פיהרט דער צוג איבער די לופט פון איין לאנד אין דער אנדערער...

— פראנקרייך

און די שעהנסטע קונסט — ס'איז איין זאך.

נאר, אז קויפלייט האבען זיך מיט דעם אבגעגעבען און, אז היימישע פאטריאטען האבען דאצו מיטגעהאלפען איז ארויסגעקר־מען: עטליכע סקולפטורען, אביסעל מאדערען, אביסעל קלאסיש און זעהר פיעל בולווארמעסיג, און נאך אזעלכע קליינינקייטען וואס זע־נען האלב קונסט און האלב — גאר נים מים נישט.

און ווייל פראנקרייך גרעניצט זיך מיט איטאליען וועל איך נאך צוגעבען אביסעל מאזאאישע זאכען און יוצא מיט איטאליען.

— דייטשלאנד, עסטרייך

אביסעל "דרעזדען" פארצעליי. אביסעל פיינקייט פון האַ־נאווער; פיינע גלאזווארג, וויענער פארצעליי מיט גראציעזע גאל־דענע פיגורען און ווידער גלאז און ווידער פארצעליי און גלאט קליי־ניגקייטען וואס האט צו טאן מיט אונזער אויסערליכקייט.

— האלאנד

לויטער פריעדען. שווערע שטיוועל מיט גראבע פארעשוועס, גרויסע פאנטאפעל מיט האלץ אונטערגעשלאגען. גרויסע שווערע קיה מיט גרויסע, מילכיגע אייטערס; ווייבער אין ווייסע טיכלאך מעלקען די קיה. היימישע פאנאראמעס. און ווידער קיה און ווינט־מיהלען און עכטע האלענדער לייווענט...

— שפאניען

פוצאכטיג פאר ווייבער. פיעל פארביגע טיכער די ברוסט ארומצואוויקלען און נאך די טאליע צו פערכאפען. וואויל־יונגערי־שע־סחורות. אין יענעם לאנד פרוכפערען זיך לעדיגגעהער און סע־רענאדען זינגער; רויטע טיכער, גיטארעס און קאסטאנעטען — די נשמה פון יענעם לאנד.

— יאפאן

אין דעם אינטערנאציאנאלען פאלאץ פאר מאנופאקטור איז

יאפּאן דער גרעסטער דיסאנאנס. מיט פאנטאסטישע געוועבען האָבען זיי זיך פון דער איבעריגער וועלט דאָ אָבגעצאמט. פון אלטענליכע זאכען האָבען זיי געמאכט א קונסט גאלערעע עם ליגען די געוועבען מיט דער איידעלער און פיינער צייכנונג. די האפטונגען — פּיהלסטו נאָך די פינגער וואָס זיינען איבער'ן זייד אומגעגאנגען. יאָזיי און אייזאָן, סאנצוּמא שטאָלצע וואזען. אפשר אימיטירט; האָבען זיי דאָך פאָרלויפיג בלויז זייערע גאנץ נאָהענטע און אלטע שכנים, די כינעזער נאָכגעמאכט. אין דער ש ע ה נ ע קונסט ניט קיין גרויסער בייז.

מעבעל געשניצט פון קאיקא־האָלץ און בעפּוצט מיט עלפאנטביין און פּערלמוטער. וואסער־פאלען־לאנדשאפטען, מיט זייד אויף זייד געהאפטען, קוקען פון אומעטום ארויס... א גלאט־ראזירטער יאפּאנישער דזשענטעלמאן — זיין בליק בעגלייט אייך מיט העפליכקייט. ס'הייסט:

— איהר מעגט נאָך עפּעס ביי אונז לערנען.

"כינעזישע רעפּובליק" —

דו קוקסט אויף דעם אויפשריפט און טראכסט:

— איז אפשר דער אויפשריפט דאָס שעהנסטע וואָס די כינעזער האָבען דאָ געקענט ארויסשטעלען?

אָבער דאָך ווערט דיין בליק פערבלאָנדזשעט צווישען זייערע וואזען און געלב־גרין קאָלירען. די פארבען — געלב און גרין זענען דאָך אונזערע אויך, און דאָך עפּעס פון אנדערע וועלטען. אלטע וועלטען. א קיהל ווינטעלע בלאָזט פון דעם און ארום דעם.

און די פּרימיטיווע צייכנונגען אויף זייערע געוועבען!

דעם ערשטען פּרייז קומט זיי און ניט די יאפּאנעזער.

דער צווייטער דיסאנאנס דאָ אין דעם פּאלאץ.

און קוקסטו אויף דעם אויפשריפט אויבען, און דערמאָנסטו זיך, או ערגעץ אויף א בילד האָסטו געזעהען זייער פּרעזידענט יואן־שי־קיי אין יוניפאָרם פון אונזערען א גענעראל — פאר קוועטשט ס'הארץ קוקענדיג אויף די עכטע, עכטע קאָלירען אויף

זייערע פּאַרצעלייען.

— "אַרגענטינער רעפּובליק"

אַ יונג הענדעלע, אָבער קרעה׳ט הויך. וויל זיך בעווייזען. די גרויסע סטעפּעס איז אָבער שווער צו ברענגען. דאָך געקליגט זיך צו בעווייזען אַלץ אונטער אַ גלאָז. פּאַנאָראַמעס, מיט פאַנטאַסטיש ליכט בעלויכטען. יערע פּראָווינץ בעזונדער. גאָט׳ס ברייטע וועלט. אָהן צאָהל בהמות, פערד און רינדער מעהר ווי מענשען. וואָס קען זי נאָך בעווייזען?

דעם היישעריק וואָס פאַרצערט די פּראַצע פון ערד ארבייטער? די טריקענישען און פערפלייצונגען? די שלעכטע אייזענבאַהן וואָס די ענגלענדער האָבען איינגעפיהרט?

דער אַקער אייזען און דער וואָגען צום פערד ווערט געבראַכט פון נאָרד אַמעריקאַ. לעדער? שיקט מען קיין דייטשלאַנד בעאַר־בייטען די "איטענע" פעל; ציבעלעס און בעבלאָך פון שפּאַניען, געלד ברענגט מען פון ענגלאַנד און....

— "רוסלאַנד"

האָט אויך אַ קליין ווינקעלע אין דעם גרויסען מאַנופאַקטור־פּאַלאַץ. אָבגעצאַמט ווי אַ קרעמעלע. די גרויסע רוסלאַנד פּער־נעהמט דאָ דעם קלענסטען פּלאַץ.

אויפ׳ן וואַנט — פּוטערוואַרג: סאַבאָל, פוקס, טכויר, מאַרדער און באָבער. אויף אַ טיש, אונטער אַ גלאָז "היימישע" שטיקרייי־ען, דאַכט מיר פון אירלאַנד. רויט-געפאַרבטע "האַלץ־פּיקערס" מיט לאַנגע שנעבעלאָך; "וואַנקאַ-וּסטאַנקאַ׳ס" אַ פּאָר קאָפּיעס פון בי־ליבינס צייכנונגען און עטליכע אַלטע רוסישע מטבעות.

אויפ׳ן צווייטען טיש זיצט אַ לעבעדיגער טשערקעס אין זיינע נאַציאָנאַלע קליידער און קלאַפּט זילבער־טשוועקעלאָך אין ליול־קעס צו בעפּוצען זיי. בעפּוצט הענטלאָך צו שטעקענס מיט די איי־נגענע טשוועקעלאָך. קאַווקאַזער קונסט.

דאָך וואָלט רוסלאַנד אפשר נאָך ע פּ ע ס געקענט אויס־שטעלען ווען ניט די מלחמה...

און שטעהענדיג שוין אויס'ן שוועל פון דעם מאנופאקטור־פּאלאץ און ווארפענדיג נאָך אמאָל א בליק צו די אלע שטומע זאכען וואָס זענען אזוי קונציג אויסגעלעגט געוואָרען, זעהסטו ווי די פלאכקייט איז ארויס קאָנקורירען מיט דער אייגענארטיגקייט. די גרויקייט — מיט דער פיעלפארבינקייט...

* * *

מאשינעריי!

איך בלייב א ווײַלע אויף דער שוועל פון אָט דעם פּאלאץ. שטאָל און אייזען; אייזען און שטאָל. א קעלט בלאָזט דאָ פון די אלע אייזערנע ברואים, קאלטע און שטומע. דער בנין איז ברייט און הויך, און די מאשינען, פון אלערהאנד און אלער גרויס, זעהען אויס צווישען זיך פיעל היימישער, ווי מענשען צווישען מענשען.

קומסט אריין טיפער, טרעפסטו, ווי אנדערע מאשינען בעווע־גען זיך; די עלעקטרישע קראפט טרייבט זיי, און זיי דעמאָנסטרירען פאר די בעזוכער זייער ל ע ב ע ן און ו ו י ר ק ו נ ג. עפּעס אונהיימליכעס טראָגט זיך דאָ ארום אין לופטען. די בעזוכער אליין זיינען דאָ שווייגענדיג, צי ווייל זיי ווערען בטל דאָ, אין דער וועלט פון שטאָל און אייזען, צי, ווייל ס'איז א מלחמה אויף דער וועלט, און יעדער איינציגער פיהלט דעם צוזאמענהאנג פון אָט די אלע שטומע בעשעפענישען מיט דעם וועלט־קריעג ערגעץ ווייט פון דאנען....

די אלע לאָקאָמאָטיווען, וואָס טראָגען זיך פארביי מיט א גע־פייפעריי יעמאָלט, ווען עס קומט אויס צו זיין ביי א באהן־סטאנ־ציע, זיי רופען דאָך אין אונז ארויס א בענקשאפט; צומאָל מאכט עס אונזער בלוט טרייבען שנעלער, וועקט ענערגי אין אונז; וועקט א חשק צו לאָזען זיך וואנדערען אין ווייטע וועלטען. דאָ אָבער, אין דעם מאשינען־פּאלאץ, אָט דער ריעזיגער לאָקאָמאָטיוו, פון לעצטען מאָדעל, ער ווארפט א פּחד אָן מיט זיין קאלטען שוויי־גען. די אייגענע גרויסע לאָקאָמאָטיווען, וואָס שלעפען דורך דעם צוג דורך די קאָלאָראדער בערג, דורך די וויסטעני־שען פון יוטא.

אדער אריזאָנא, ווען זיי קומען אָן צו א סטאנציע פערשוויצטע, פערשטויבטע, סאָפּענדיג און בלאָזענדיג מיט אלע כחות די היץ פון זיך — צומאָל דאכט זיך אויס, אז זיי זענען וויטע ברידער מיט דיר דאָ אָבער, אין פּאלאַץ, רופט ער ארויס, דער אלמעכטיגער לאָקאָמאָ-טיוו, א פערדאכט. אויסגעפּוצט, ער בלאנקט מיט זיין גאנצער גרויס. כמעט אייער געזיכט שפּיגעלט זיך אָב אין דעם שטאָלענעם שפּיגעל...

עס ציהען זיך שורות אוטאָמאָבילען; נייע, אויסגעפּוצטע; מען לאָזט קיין שטויבעלע ניט פאלען אויף זיי. ס'מאכט דעם איינדרוק, אז איינגעוויקעלט אין וואטע און אין פּאפּיראס־פּאפּיער האָט מען זיי אין פּאפּירענע שאכטלאך אהער אריינגעפיהרט, צו דער אויס-שטעלונג געבראכט. זיי בעדאַרפען עס אָהן ווערטער עדות זאָגען אויף דער עהרליכקייט פון זייערע פּאַטערןס, וועמעס נעמען די מא-שינען טראָגען אויף זיך. און צווישען די אויסגעפּוצטע — דער "רעקאָרד ברעכער"...

צווישען דעם בלאנקענדען, אויסגעפּוצטען אוטאָמאָבילען-עולם געפינט ער זיך. ער האָט דורכגעמאכט דעם וועג פון אט-לאנטיק צום פּאסיפיק, און דער שטויב, מיט וואָס דער וועג האָט איהם בעדעקט, איז נאָך אויף איהם. מען האָט זיך געהיט, קיין שטויבעלע זאָל פון איהם ניט אראָבפאלען, כדי דער איינדרוק פון זיין טיכטיגקייט זאָל בלייבען גאנץ.

דורכמאכענדיג אזא שווערען און לאנגען וועג, איז ער צוטריי-סעלט געוואָרען, די שינעס — בלאָטיג, ליימיג און מיט לעכער, — ס'הייסט:

— "ווייסטו גרינהאָרן, וואָס פאר א וועג איך האָב דורכגע-מאכט? דאָס האָב איך נאָך, ווי ס'איז, מיינע ביינער אהער גע-בראכט. זאָלען אָט די אלע אויסגעפּוצטע חברים מיינע פּרואווען אין אזא וועג אריין זיך לאָזען!"

ער רופט ארויס אינטערעס ביי די בעזוכער. אנדערע טאפּען מיט די פינגער דעם שטויב אויף דער מאשין און בעטראכטען דעם

בלאטיגען פינגער, אנדערע פרואווען די דיק פון די אויסגעריבענע שינעס; ווער עס נאטירט עפעס ביי זיך אין א ביכעלע, קוקענדיג מיט גרויס דרך ארץ אויף דעם פערשטויבטען, צוטרייסעלטען "רע-קארד-ברעכער".

נאך א "רעקארד־ברעכער".

ניט קיין אויטאמאביל, נאר — א פליה־מאשין. הענגט גאר אויבען, כמעט ביים דאך, און דער עולם פערדרייסט די קעפ דעם שטאלענעם פויגעל צו בעטראכטען. דאכט מיר, קארטים האט עס דעם רעקארד געבראכען, פליהענדיג אויף איהם דא אין לאנד.

ער הענגט אויבען מיט די פליגעל אויסגעשפרייט, פער־שטויבט און פעט פון אויל, און אונטען זעהט זיך דער שטאלע-נער בויך, עס זעהען זיך די מאטאר-גערערים... לאנג בלייבט דא דער עולם, טאטעס, מאמעס, קינדער און קוקען ארויף; און קינדער צום מיינסטען, זיי שלאגען דעם רעקארד פון קוקען ארויף מיט א פערריסענעם קאפ. די עלטערע ווערען מיעד, שלעפען די קינדער אן א זייט אוועק. — —

פארד! — — — דער טאטע פון דעם ביליגען לוקסוס; דער וואס האט די ענגע גאסען פול געמאכט מיט די אוטאמאביל-קארלי־קעס, פערדאפעלט די בעוועגונג און יאגעניש אין דער גרויסער שטאט און רייסט דעם שטויב אויף די וועגען, וואס פיהרען פון דארף צו דארף — ער, פארד, האט אריינגעבראכט א טומעל און ניט נויטיגע בעוועגונג אויף אהער, אין דעם מאשינערי־פאלאץ. ער דעמאנסטרירט דא די סיסטעם אין זיינע אוטאמאביל־פאבריקען אין דעטראיט.

אין איין זייט ליגען אנגעווארפען בלויז איינציגע טיילען פון אוטאמאביל. שטיקלאך, ברעקלאך; פאר א ניט-געניט אויג, כמעט ניט צו דערקענען, וואס עס איז. דערביי א לאנגער, לאנגער ווערק־שטאט, וואס זיין אויבערשטע טייל בעוועגט זיך אלץ פארויס גאנץ לאנגזאם. עטליכע צעהנדליג ארבייטער, גאנץ ריין געקליידעט, יע-דער איינציגער האט צו זאגען אויף א טייל מאשין. שנעל ווערט

איין גליער מיט'ן אנדערען צונויפגעשרויפט. אט, דערקענט מען שוין דעם סקעלעט פון אויטאָמאָביל; די אקסען צונעפאסט, נאָר רעדער אַנצוטאָן דער בעוועגליכער ווערקשטאט ציהט דעם סקע־לעט פאראויס, וואו אנדערע ארבייטער ווארטען, און יעדער איינ־ציגער לעגט עפעס צו, ניט א קלאפ, אויף שנעל א שרויף. די רע־דער שוין אויף אַנגעטאָן, די קארעטע ארויפגעזעצט, גאזאָלין אַנגע־גאָסען; אויטאָמאטיש טרייבט מען פאנאנדער די רעדער; ביים רו־דער זיצט שוין א שאָפער, און דאָס, וואָס איז מיט איינינע מינוט פריהער בעשטאנען פון שטיקלאך אייזען, גלידער, — "א פאָרד־מחבל" — האט אויפגעלעבט און — מארש דורך דעם אפענעם טויער אויף דרויסען ארויס, לאָזענדיג נאָך זיך דעם גוט־בעקאנטען גאזאָלין־ריח.

ביים עולם רייסט זיך ארויס א צופריעדענער געלעכטער; די גאנצע זאך זעהט כמעט אויס, ווי עפעס א קונץ-שטיק געוויזען; מיט א צויבער־שטעקעלע א מאך געטאָן — אין אלץ מיט אנאנדער!

אָבער דאָס איז א לאָקאלע אויפלעבונג דאָ אין דער קאלטער אטמאָספערע. גאָר ניט היימיש פיהלט זיך דאָ דער עולם. אפילו די אקערבוי מאשינען, ווען זיי ליגען דאָ אויסגעפוצטע, רופען זיי ביי דיר קיין גלויבען ניט ארויס; ס'איז ניט דער ליבער וואונק פון אן איבערגעגעבענעם ברויט-געבער. ניט די היימישקייט, וואָס עס טראָגט אויף דיר פון דעם אקער־אייזען, וואָס ליגט ביים זייט פעלד נאָכדעם ווי ער האט די פריהלינג ערד אויפגעעפענט און געמאכט איהר גרייט פאר דער זריעה.

און די ריעזינע ראָטאציאן־מאשינען, וואָס זיינען אימשטאנד צעהנדליגער מיילען ווייס פאפיר פערשמירען מיט אלערליי קאָלי־רען; שרייב־מאשינען, דרוק-מאשינען, מאשינען אפילו צו פער־שניצען בלייפענעס, מאשינען צו פערקלעפען בריף־קאָנווערטען, מאשינען אויפצועפענען בריעף — — —

ס'ווערט אונהיימליך. פערבענקט זיך נאָך יענער צייט, ווען די איינציגע שרייב-מאשין איז געווען —

א בענזענע פּעדער — — —

ווארום, שטעהענדיג צווישען די מאשינען און מאשינדלאך, וואס האבען אזא נאהענטקייט מיט אונזערע איידעלסטע געפיהלען, מיט אונזער מארך און בעוועגונג פון דעם ווייטסטען נערוו — קוקענדיג צו דעם אלעמען, הויבסטו אן צו גלויבען, אז די צייט איז ניט ווייט, ווען עס וועט זיין א מאשין, וואס וועט פעראייניגען דעם מוח דירעקט מיט דער ראטאציאנס מאשין, מענשען וועלען ניט בעדארפען זיצען און "טינטלען", זיצען און גיסען און דאן ערשט הרוקען. ס'וועט ווערען איינגאנצען איבעריג:

איין ברעג פון אזא עלעקטרישע מאשינקע וועט מען צושטע-לען צום הויכען שטערען פון דענקער און דעם אנדערען — צו דער ראטאציאנס מאשין; א דריק ביי א קנאפּקע, און מיט א געפייף וועט זיך אנהויבען ציהען די ברייטע לענטע פארשמירט פאפיר; די אויטאמאטישע שער וועט פון דער לענטע שניידען, ווי דער שטייגער, שטיקער — א שטיק — פאר א סענט, א שטיק פאר...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

*   *   *

"קוילען און מינעראלען גרובען" — — —

דער פראגרעס אונטער דער ערד. מיסטעריעז זעהט אלץ ארום. איהר בעדארפט זיך לאזען מיט אונטערערדישע וועגען. פינסטער. פון ווייטענס, אין דער טיף, הערען זיך טעמפּע קלעפּ. שווארצע אונטערערדישע קארידארען. פייערלאך פינקלען. קוילען־ווענט, מענ-שען איינגעבויגען — אויטאמאטען — האמערען מיט די שפּיצי-גע האמערס. די לופט — גוט. נאך טיפער. אנדערע מינעראלען. אבער ווי פריהער, די לופט אויסגעצייכענט... יעדע קויל איז ממש ארומגעווישט, קיין שטויבעלע זאל חלילה אין די לונגען ניט אריין....

קופער, גאלד־מינען. וועגעלאך לויפען, פיהרען די רודע ארויס. אלץ אזוי פיין, אלץ אזוי ציכטיג, אזוי זויבער. ס'ווילט זיך גאר ניט ארויסגעהן פון דאנען. א גאנצע פארשטעלונג פון דעם מינען-לע־

בען...

איינס בלויז האָבען זיי פערפעהלט דאָ צו בעווייזען:

— דעם אויפרייס פון די אונטערערדישע גאזען, אדער ווען די גאלערען הויבען אָן איינצופאלען, וואסער רייסט זיך אריין, פייערען צופלאקערען זיך און די לעבעדיגע דאָרט, די מענשען דאָרט, די ארבייטער דאָרט — ווען דער טויט דער שווארצער רייסט זיך אריין אין די מינען-גרובען — ווען די הילפס־געשרייען און קרעכצען פון אונטען גיסען זיך צוזאמען מיט די יאָמער־געוויינען פון ווייב און קינד אויבען... דאָס האָבען זיי פערפעהלט.

מאשינען, מאשינען, מאשינען — קינדער פון אונזער צייט...

* * *

די שפע פון דער ערד. שפייז פראָדוקטען. —

אין דעם פאלאץ זיינען פערטרעטען אלע שטאטען פון נאָרד אמעריקא. איין שטאט וויל דעם אנדערען איבערשטייגען. איינער קאָקעטירט מיט זיין ברויט, דער אנדערער מיט עפעל און בארנעס. אָבגעקליבענע, אָנגעלאָדענע זאנגען פון ווייץ, קאָרן, גערשטען; געהיט אז קיין קערענדעל זאָל פון זאנג ניט ארויספאלען — כמעט אוננאטירליך גרויס זיינען די זאנגען אין בונטען צונויפגעבונדען און ארויסגעשטעלט הינטער א גלאָז.

אין גרויסע גלעזערנע סלאָיעס — קאָנסערווירטע פרוכטען, גוואלדיג גרויס. ממש ווי פון חומש ארויסגענומען. יעדער פלוים, יעדע בארנע, אפעלסין און איילבערט — קוקסט צו דעם און טראכסט:

— וואקסען טאקי אזעלכע פירות? ס'ווילט זיך זעהען דעם פויער מיט דער טרייער האנט וואָס וויים אזוי גוט ארום די ביימער אומצוגעהן, יעדען צווייג אזוי אויפצופאסען, מאכען דעם בוים אזוי שעהן וואקסען; מאכען די פרוכט אזוי שעהן און בעטעמ'ט.

און מענשען, ווי ביהנען דאָ — פול. מאמעס און קינדער, און מענער — א שטארקער עולם. דאָ, אין דעם בנין, בעווייזען

פערשיידענע פירמעס, ווי אזוי די שפייז־פראָדוקטען ווערען צוגע־גרייט. בעל־הבית'טעס לעגען דאָ אריין זייער גאנצען געדאנק עפּעס צו לערנען; און מענשען מיט נעזונדע מאָגענס געהען פון אויס־שטעלונג צו אויסשטעלונג און בעטראכטען יעדע זאך טיכטיג.

דאָ מאכט מען אלע גוטע, זיסע, זאכען די אלע נאשערייען, וואָס קיין פאָלק, דאכט מיר, איז אויף דעם ניט אזא בעלן ווי דאָס אמעריקאנישע.

קענדי!

עפּעס א קליינינקייט. ס'ערשטע וואָרט, וואָס דאָס קינד דאָ אין לאנד לערנט צו זאָגען. נאָך איידער דאָס קינד קען "טאטע-מאמע" זאָגען ווייסט עס שוין דעם בעדייט פון דער פעני, פאר וועלכען מען קאָן "קענדי" קויפען. דער סאָלידער ערנסטער אמעריקאנער טאטע פון דערוואקסענע קינדער ווערט צאַרטער ביים עפע־נען א שאכטעל "שאָקאָלאד קענדי" — — —

דאָ אין פאלאץ מאכט מען קענדי פאר אייך אין די אויגען און מען גיט צו פערזוכען. יא, מען גיט יעדען, ווער עס וויל נאָר. געהען די פערזוכער פון טיש צו טיש, בעלעקען זיך און פערזוכען. אלע זיינען דאָ מבינים. קליין און גרויס זאָגט א מיינונג. דאָ זעהט איהר, פיהלט איהר דאָס לעבעדיגע לעבען.

דאָ בעווייזט מען, ווי אלע פראָדוקטען ווערען מעכאניש פער־פאקט. קיין מענשען־האנט, ציכטיג, זויבער:

אין איין זייט — שטיקער בלעך און אין דער אנדערער זייט שיט מען גאנצע קאווע. און ביז די קאווע קומט צום בלעך איז די ערשטע שוין צומאָלען אין א רונדער פושקע. אָנגעשאָטען, פאר־קלעפּט, ארומגעוויקעלט און פארטיג. -- בלויז קליין געלט, און קאָנסט עס מיטנעהמען אהיים — — —

און ווי מען "מאכט" געלט בעווייזט מען אויך אויף דער אויסשטעלונג — — —

* * *

דרויסען איז שעהן, ליכטיג און ווארים. עס בלויט זיך ס'וואַ־

סער ארום דעם "גאָלדענעם טויער".

עס זעהט אויס, אז דער גרעסערער עולם פיהלט זיך בעסער אין הרויסען. עס טראָגען זיך אָבגעריסענע קלאַנגען פון די מוזיק־קאפעלעס וואָס שפּיעלען אין פערשיידענע פּלעצער. גאַנץ ווייט איינע פון אַנדערען שפּילען זיי און דאָך דערטראָגט זיך א מוזיק-כוואַליע פון ד י כ ט ע ר א ו ן פ ו י ע ר און רייסט זיך אַריין אין דער אוּווערטיור צו טאַנהויזער.

די אויסשטעלונגס-טעריטאָריע שנייט דורך אַ מיניאַטור אייזענבאַן־ליניע; קינדיש־גרויס אויף קליינע וואַגאָנעלאך פיהרט מען אום די בעזוכער, פּאָר צעהן סענט, פערשטעהט זיך. אָבער דאָס קליינע לאָקאָמאָטיוועל פייפט גרילציג און רויכערט, ווי עפּעס רעכטס; טראָגט זיך דורך מיט גערויש פּארביי דער מוזיק קאפעלע און פייפט זיך פּאַנאַנדער פּונקט, ווען דאָרט שפּיעלט מען דעם "פריהמאָרגען" פון גריג.

א פאראד!

— מען פּויקט ערגעץ, טראָמפּייט־סיגנאַל.

אַ קלאַפּען פון פערדישע טריט דערטראָגט זיך. דער עולם לויפט. א פאראד. דאָס געהערט צום פּראָגראַם פון טאָג. א מיטעל דעם עולם אַריבערצוציהען, אדער האָט עס אפשר אויך צו טהאָן מיט דער אויסשטעלונג? ס'איז ניט קיין געוואוינטליכער פּאַראַדען-מארש:

די עלטסטע פאָרשטעהער פון לאַנד מארשירען רייטענדיג אויף זייערע פאַרשיידענפאַרביגע פערד. אמת'ע אינדיאַנער, דער "שארית הפליטה" פון די "אבות־אבותינו" פון דעם לאַנד. די נע זיכטער געפאַרבען, די אַרעמס און הענט טאַטואירט. אָדלער-פּע־דערס אין די האָר און מיט אויסגעפלאָכטענע שטייפע צעפּ אויף פאָרענט פערוואָרפען. פאָרשטעהער פון פאַרשיידענע אינדיאַנער שבטים יעדער איינציגער מיט אַנדערע שרייענדיגע קאָלירען ס'פנים אויסגעשמירט. קאָר־באָים און מיידלאַך חנ'דלען זיך פאַר־בייפאַהרענדיג. . . . . . .

אין אן אלטען פארשטויבטען און האלב-צובראָכענעם לאַנדאָ, די פענסטער אָפען, זיצט א דיקע, שווערע אינדיאַנערין, שווער, ווי די ערד אליין, ס'פּנים — פאַנטאַסטיש געפאַרבען, א פאַרשטעהערין פון א שבט געווים, און צוויי הויכע, דארע פערד שלעפען די קאַרעטע. זי קוקט טעמפּ ארויס צום עולם וואָס האָט זיך פערזאַמעלט ביים זייט וועג אין א נעדריכטער וואנד און קוקט נייגעריג.

צי ווייסט זי דעם בעדייט פון אָט דער אויסשטעלונג? צי ווייסט זי, אז דאָ האָט מען אויסגעשטעלט דאָס רייכקייט פון איהר לאַנד און — אז אפילו איהר ליער האָט מען פון איהר צוגענומען און פערדאָרבען; איהר שטילע מעלאנכאָלישע ליער וואָס איז פערוואנדעלט געוואָרען אין דעם בלעכען־קלאנג טעמפּען אמעריקאנעם גאסען נעזאנג?...

* * *

..."די פערגעניגענס פּלעצער!"

טאם-טאראם! א כאָאָס פון שפּיעל-קאסטען מוזיק און מענשען־קולות.

א זעהר בכבוד'יגען אָרט פערנעמט דער אמיוזמענטס־פּלאַץ. א גאנצע גאַס פאנטאַסטישע, סימבאָלישע געביידעס. דער גרינהאָרן מיינט, אז דאָס איז די אויסשטעלונג; ווארום דאָס איז דער אויסדרוק פון בעוועגונג און לעבען דאָ. די שרייענדיגע לעבעדיגע רעקלאַמע דערגרייכט די העכסטע שטופע. פאר יעדען פּלאַץ, פאר יעדע טיר אן אנדער גרילצענדיגע רעקלאַמע.

בעווייזט מען אינדיאנער אינוועניג, — שטעהען די אינדיאַנער אליין פאר'ן טיר און רופען;

בעווייזט מען קריפּעלס — איז דער קריפּעל אליין דער רופער. פאר אמין ציירק ליגט א עלעפאנט און שרייט: מא-מע! מאַמע! אזש דעם עולם פערכאפּט ביים הארצען. אלץ איז דאָ אין בעוועגונג; שרייערס, שטימעס, שוין פון לאנג הייזעריגע, דערמאכען מיט די הענה, וואָס זיי קענען ניט דערשרייען. צעהן סענט, א קוואָרטער; אפילו "ניקעל-פערגעניגענס" אויף פאראן.

דער עסקימאָ-דאָרף!

דאָס הויז — אין געשטאַלט פון אַן אייז-באַרג. ביים טיר — אַן עסקימאָ מיט זיין טאָכטער, געקליידעט אין איבערקערטע פעל-צען. האַלטען לאַנגע, לעדערנע בייטשען, אפשר צעהן איילען די לענג, און כוואַשטשען גלאַט אין דער וועלט אריין, ס'הייסט: אַזוי טרייבט מען ביי אונז אַן דעם געשפּאַן פון הינט, וואָס שלעפּען דעם שליטען איבער די אייביגע שנייען פעלדער. קיין הינט זיינען ניטאָ, און קיין שניי-פעלדער אויך ניט. זי בעוויזט אַ קונץ: מיט'ן ברעג בייטש קען זי טרעפען אַ פּעני, וואָס מען לעגט אַוועק אויף דר'ערד, ווייט פון איהר. נאָך דעם געהען זיי אינוועניג אריין רופענ-דיג דעם עולם — — —

דער האַווייער דאָרף!

עס זיצען פאַר'ן טיר אַ גאַנצע משפחה האַווייער. די פרוי-ען אין קליידלאַך פון שטרויען אויסגעבונדען. די ברוסט ענטבלויזט. זינגען מעלאַנכאָלישע נגונים און צימבלען צו אויף גיטאַרעס. איי-נע רייסט זיך פון אָרט און הויבט אָן טאַנצען, מאַכענדיג גראַציעזע ריטמישע בעוועגונגען מיט דעם גאַנצען קערפּער; יעדער גליד בע-זונדער הויבט זיך אָן צו ריהרען און דריקט אויס, דער גוטער יצר הרע ווייסט וואָס... אין דעם געזאַנג און טאַנץ ליגט אַ מין דביקות. באַלד אָבער הערט עס אויף און מען איז מודיע, אַז דעם עיקר בעווייזט מען פאַר צעהן סענט, דאָרט, אינוועניג.

וואונדער איבער וואונדער!

אַ מענש האָט דעם גאַנצען לעבען פערבראַכט אין שטודירען, ווי אַזוי אַ פליי אויסצודרעסירען. און ס'איז איהם געלונגען.

קומט אריין, איהר וועט עס זעהן!... איהר וועט זיך דערוויסען פון דער הויכער אינטעליגענץ וואָס די פליי בעזיצט אין איהר גרויסע פיזישע קראַפט. צעהן פליי ווערען אין אַ וואָגען איינגע-שפּאַנט, און ווי די בעסטע פערד שלעפּען זיי דעם וואָגען לויט דעם פערלאַנג פון דעם פוהרמאַן!

דער פּראָפעסאָר מיכאַלאָ!

"קומט און זעהט דעם מענשען וואס האט זיבעצעהן יאהר גע־פינסטערט אין דעם וויסטען, קאלטען סיביר, דערפאר וואס אין "יענע טעג"... איז ער גענוג דרייסט געווען צו שטעלען זיך אנט־קעגען דעם צאר און וואנדערענדיג צווייטויזענד מייל דורך די סי־בירער שנייען איז איהם געלונגען אהער זיך צו דערקלייבען, קומט אריין אינוועניג! פאר צעהן סענט בלויז וועט ער אייך ווייזען, ווי אזוי ער האט די קייטען צוריסען"...

און אינוועניג, דער פראפעסאר אליין, אין מיטעלע יאהרען. נאך זיין פנים און אויסשפראך איז ער פון קאוונער גובערניע, רעדט איינגליש מיט א "שין" און רוסיש מיט א "סאמעך". ער שטעהט אויף א מין ביהנע און בעווייזט א קונץ, ווי אזוי ער לעגט אריין א גאלדענעם רינגעלע צו איינעם אין קעשענע און געפינט עס ביים צווייטען. פון פובליקום קלייבט זיך ארויס א יונגערמאן מיט וואנ־סעלאך פון רוסישען סטיל, בלאס, ווי די קאלך — ווענדעט זיך פלוצלונג אין רוסיש:

— ווי לאנג ביזטו שוין אין אמעריקא?

— צעהן יאהר.

— טא ווי קומסטו צו זיין אין "יענע טעג" אין רוסלאנד, אויב זיבעצען יאהר ביזטו געווען אין סיביר?... ווי שעמסטו זיך ניט אויסצוקלערען אזעלכע ליגענס אויף רוסלאנד?!

דער עולם פערשטעהט ניט די שפראך, קוקט פערדעכטיג און פערוואונדערט.

— איהר הערט? — ווענדעט זיך דער פראפעסאר מיכאעלא צום עולם אויף ענגליש — דאס איז א רוס. ער איז ברוגז וואס איך דערצעהל דעם אמת אויף זיין לאנד...

די שטומע בליקען פון עולם פאלען אויף דעם רוס... דער רוס ווערט צוטומעלט, מאכט דעם פראפעסאר דעם עכט רוסישען "מי שברך" און געהט ארויס געשווינד, אומקוקענדיג זיך, ער זאל דא ניט כאפען קיין "בלויע אויגען"...

מעקסיקא!

א שעהנע מקעסיקאנערין זינגט פאר'ן טיר מעקסיקאנער ליע־דער און קלייבט דעם עולם ארום זיך. צוויי יונגען אין סאמעטענע הויזען מיט ליאמפּאסען, אין סאמעטענע ענג פערשפּילעטע יאקע־לאך און אין שטרויענע היט, ווי מילשטיינער גרויס — זיי בע-גלייטען אויף גיטארעס. באלד הויבט זיך אָן א רעדע פון איינעם אין ענגליש:

— "אונזער לאנד איז אין קריעג. מיר האָבען ניט געקענט נעהמען קיין אנטהייל אין דער אויסשטעלונג. אָבער דורך די מיה פון גוטע מענשען און פּאטריאָטען איז אונז געלונגען דאָ אזעלכעס צו שאפען וואָס וועט אייך פערבייטען די אויסשטעלונג. בלויז צעהן סענט איינטריט געלד. גאנץ מעקסיקא וועט איהר אינווענדיג זעהן...

"די ריכטיגע מעקסיקאָ, מיט איהר לעבען און זיטען, איהר פריידען און ליידען. קומט אריין! קומט אריין!"

אינווענדיג. אנ'אויסשטעלונג. און אין דער איינגענער צייט א טעאטער פאָרשטעלונג, אין מיט'ן — פּלעצער פאר'ן עולם צו זי-צען. ביי די זייטען אנ'אויסשטעלונג פון מעקסיקאנער געווערב. עס זיצען אלטע פרויען, איינגעבויגען ביי פּרימיטיווע וועב מאשינען. מיידלאך בלאסע שטיקען, שטיקען אָהן אויפהער גרויסע, לאנגע טישטיכער, בעט-צייג און גארדינען. איינער קלעבט אויס פון וואקס פערשיידענע נאציאָנאלע פיגורען, דער אנדערער קלעבט אויס פון געפארבטע פעדערלעך, אויף פּאסט־קארטלאך, אנגעבלאָזענע הע־נער ביים געשלעג. אויף די ווענד — מאלערייען פון דעם איינגע־נעם כאראקטער; ס'איז א נאציאָנאלער שפּיעל: יעדער קומט מיט זיין האָן און מען וועט זיך ווער ווע‏מען ס'וועט בייקומען. מען לאָזט איין האָן אנטקעגען דעם אנדערען ארויס. די הענער פּיקען זיך אוזי לאנג, ביז איינער דעם אנדערען פּיקט די אויגען ארויס...

איינער געהט מיט'ן עולם, און מיט א בעזונדערען פּאטאָס רעדט ער פון דער מעקסיקאנער קולטור.

נאָך דעם, ווי דער עולם האָט זיך בעקאנט מיט "מעקסיקא",

בעקומט ער פאר זיין גֶעלט א עסטעטישען גענוס:

דער פאָרהאנג הויבט זיך אויף. טענץ און מוזיק. די קאפעליע — אויף דער ביהנע אין הינטערגרונד. אין פאָרערגרונד — טענץ. דער שפאנישער טאנץ אָבער מיט מעהר פייער, מעהר ווילדקייט. "זי" טראָגט זיך אנטקעגען "איהם" מיט גאוה, די ברוסט פאראויס און די הענט אונטער די באָקעס, די טאליע מיט א פארביגע וזוך ארומגעוויקעלט און, ווען "ער" דערנעהענטערט זיך מיט זיין טאנץ, טהוט "זי" א בריק מיט דעם פוס אויסקלאפענדיג מיט די קאסטא-נעטען אין לופט, און ווי א וויכער טראָגט זי זיך קאראַאד אוועק פון איהם. איין פאָר טענצער בייט די אנדערע, אָבער אלץ דער איינענער פייער; די איינענע ווילדקייט אין די בעוועגונגען און דער איינענער פונקען־בליק. מען קנאקט מיט די קנאפעל אין דער ביהנע דאביי ארויסגעבענדיג תאות'דיגע אויסגעשרייען...

"אונזער לאנד איז אין קריעג"....

* * *

"עגיפטען"... "טערקיי". די מערקווירדיגסטע קריפעלס פון דער וועלט. פערד מיט פינף פיס. קעלבער גאָר אָהן פיס, גענז מיט צוויי קעפ; א מיידעל וואָס עסט מיט די פיס... א מענש וואָס שלינגט שווערדען; א פערד וואָס קען רעדען. א. א. וו. אלעס שרייט, אלעס פילדערט.

דער עולם בעזוכער איז דאָ גרעסער, ווי אין די אויסשטעלונגס פאלאצען, ווערט ניט מיעד און ניט טויב פון דעם ווילדען נאקע-טען אויסגעשריי דאָ...

* * *

און אז די נאכט קומט אָן, — צינדען זיך אָן עלעקטרישע לעמפלאך אין א מורא'דיגע צאָהל. רייסען שטיקערווייז פון דער נאכט. ממש די לופט ציטערט פון דער ליכט. פייער־ווערק־שיסע־רייען. דער לופט פליהער פון דער אויסשטעלונג, ווי דער שטייגער, הויבט זיך אויף זיין פליה־מאשין און בעווייזט קונצען. מיט בענגאל־פייערען און ווייסע רויך־סטענגעס שרייבט ער דעם וועג

וואָס ער מאכט. שרייבט אויס "טויטע שלייפען" פליהענדיג מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, אָט, אָט אין ים אריין פאלט ער... אָבער ער לאָזט זיך בשלום אראב.

דער רעכטער לעבען הויבט זיך אָן בייגאכט. יעמאָלט ווען מען איז שוין ניט מחויב צו געהן פון פאלאץ צו פאלאץ און מיט א כלומר'שדיגען אינטערעס זיך צוקוקען צום פראָגרעס פון דער מענשהייט...

* * *

אין דעם יאפּאַנישען קאפע הויז בעדיענען שעהנע יאפּאַנעזער־רען.

אין דעם כינעזישען — שעהנע כינעזערען.

די יאפּאַנעזערען אין לאנגע זיידען, געהאפטענע קימאָנאס מיט א ברייטען באנד, גראם ביי דער טאליע אַרומגענומען.

די שעהנע כינעזערען — אין בלויע הויזלאך — לאנגע קאפט־לאך און קליינע, קליינע טריט.

ווער עס וויל אויף די שעהנע יאפּאנעזערען קוקען — געהט טיי טרינקען.

ווער עס וויל די שעהנע כינעזערען בעטראכטען — נעהט זיך א "טשאפסואי" בעשטעלען.

די יאפּאנעזערען ווי די כינעזערען האָבען זיך נאָך ניט אויס־געלערענט, ווי צו שמייכלען צו די געסט. און דעריבער איז די טיי ניט געשמאק; און די טשאפסואי האָט דעם טעם פון סם-המות...

---

יא. אויף דער וועלט איז א מלחמה. אויף אלץ קוקט זיך ווי דורך א קרומען שפּיגעל. איך בין געווען אין דעם פּאלאץ פון דער ש ע ה נ ע ר ק ו נ ס ט און נאָך אין אנדערע אבטיילונגען, וויכטיגע און ניט וויכטיגע... ס'ווילט זיך מעהר ניט נאָטירען.

אויף דער וועלט איז א מלחמה, און דער גרעסטער קרבן פון דער מלחמה איז אונזער שכל הישר.

ניט צו מאכען.

## רוסלאנד און יאפּאן

א מייל פינף און צוואנציג פון לאָס־אנדזשעלעס צופוסען־די בערג, דיכט ביים פּאסיפישען ברעג — ציהען זיך צוויי שורות הייזלעך פון ברעטלעך צונויפגעשלאָגען. פאר די הייזלעך און הינ־טער זיי, הויבען, טריקענען זיך פישער־נעצען און וועש, און אויף דר'ערד — הויפענס מיסט.

פארנאכט, אז עס הויבט זיך אָן דער וואסער־צופלוס אין שטי־לען ים, קומען די כוואליעס צופּאטשען ביז צו די פּלייצעס פון די הייזלעך, נעהמען אוועק די מיסט הינטערן שטוב און ברענגען צו־טראָגען מיסט פון אנדערע געגענדען.

"דער יאפּאנישער פישער־דאָרף" הייסט דער פּלאַץ.

אין אמת'ן אָבער זענען אין דעם דאָרף פערטראָטען קינדער פון צוויי גרויסע פעלקער:

רוסלאנד און יאפּאן.

דער יאפּאניער, מעהר ריידעוודיג, האָט די גרעסטע טייל דאָרף אין זיין רשות, די פּאָר קרעמלעך, שענקלעך זענען יאפּאנישע.

"רוסלאנד" האָט זיך צוגעטוליעט ביים ברעג דאָרף. און אין דעם שאָטען פון די הייזלעך שטעהן די ברייט־פּלייציגע מענער איינגעבויגען און שטעכען אָן שטיקלעך אָקסען־הארץ אויף די אָטשעקלעך פון די מיילען לאנגע שנור־וועטקעס, און ביים זייט די ווייבער וואשען, וואשען אָהן אויפהער וועש.

בלויז די קינדערלעך קלייבען זיך ארוים אביסעל טיפער אין דאָרף אריין, שפּילען זיך מיט די יאפּאנישע קינדער, צוזאמען געהט מען צום ברעג אראָב, קלייבען מעער־קעפּעלעך און פּעריל־מוטער שיסעלעך, וואָס די כוואליעס וואשען און שלייפען.

דער ים לעהרענט אויס מענשען שווייגען.

און אנ'אונבעקאנטער פישער, וואָס רויכערט נאָך א ליולקע דערצו — שווער איז צו ברענגען זיין צונג אין בעוועגונג. זיינע

ווערטער האלט ער אין א זעקעלע בעהאלטען, מיט א שנירעלע פער-
בונדען — פונקט ווי דער קארגער זיינע מטבעות. איין ווארט גיט
ער ארויס, איף מעהר — מוזטו ווארטען.

דאך זיינען היינט צייטען אנדערע.

ניט נאר פיש, גרויסע און קליינע, שווימען דורך דעם גע־
דאנק ביים פישער, וואס שטעהט מיט'ן פנים צום ים און צירעוועט
זיינע נעצען.

ווייט, ערגעץ ווייט, אין דער איינענער היים געהען אן
מלחמות...

און די יאפאנעזער און די רוסען, וואס האבען גאר ניט לאנג
אזא בלוטיגע מלחמה צווישען זיך געפיהרט — איצטער זענען זיי
גוטע פריינד.

— יאפאן איז מיט אונז, ער וועט דעם דייטש בעוויייזען.

---

דעם יאפאנער איז לייכט צו דערקענען. זיינע קרומע שארפע
אוינעלאך... און די רוסען —

זייערע ברייטע פלייצעס און בערד האבען מיר דערצעהלט
ווער זיי זיינען.

א צעהן פאמיליעס זיינען זיי דא. "מאלאקאנעס". מענשען
מיט עפעס אן אונקלארען געפיהל — גוט צו זיין. ווייזט אויס שוין
לאנג, אז זיי האבען דא ניט געטראפען א מענשען פון דער פרעמדר,
וואס זאל רוסיש ריידען. און ווען אין מיטען העלען, הייסען טאג
בעווייזט זיך א פארשוין מיט "א גאט העלף" אויף רוסיש — ס'איז
אביסעל אונגעוועהנטליך. כמעט פערדעכטיג:

קיין פישער-הענדלער זעהט אויס בין איך ניט. אפשר גאר א
מענש מיט א געהיימער שליחות: אויסקוקען, אויספארשען, וואס זיי
טהוען דא... די עלטערע האבען פון דער ארבייט בלויז א זייטיגען
בליק צו מיר געווארפען; מיט שלעסער אויף די מיילער. אויף מיין
"גאט העלף" ניט געענטפערט. בלויז איינער א אינגערער, אזוי פון
א יאהר דרייסיג, האט זיך אליין ניט געקענט גובר זיין. ער האט

אָבגעווישט די האנט אָן די הויזען און זי מיר דערלאנגט, און אין דער אייגענער צייט געקוקט צו די עלטערע, זעהען וואָס פאר אן איינדרוק עס מאכט אויף זיי...

— אָנגעקומען איז מען פון דעם קאספּישען געגענד.

— איז דאָך פאראן פיש אין קאספּישען ים אויך?

דאָס איז אָבער קיין פראגע נים. דער רוסישער פויער, אז ער לאָזט זיך אוועק פון זיין היים איז נים צו זוכען א גרינג לעבען.

מיר איז אויסגעקומען צו בעגעגענען דאָ און דאָרטען רוסישע פויערים, וואָס שלעפּען זיך איבער ווייטע ים'ען, פיהרענדיג מיט זיך בערג מיט שמאטעס און קליינע קינדער. גערעדט מיט זיי, אויסגעפרעגט —

עפּעס אן אונקלאָרער געפיהל שלעפּט אָט די מענשען פון אָרט צו אָרט און פון לאנד צו לאנד. זיי מאכען אויף מיר דעם איינדרוק ווי שטיקער אייז וואָס האָבען זיך אָבגעריסען פון די גרויסע אייז־מאסען און געלאָזט זיך שווימען, און שווימענדיג ווערען זיי צושמאָלצען און פערשוואונדען.

— כאפּט זיך עפּעס פיש?

— שוואכלעך.

— פאר וואָס?

— עס געהט נים.

— און די יאפּאניער?

— דאָס איז א פלינק פאָלק.

— וואָס האָט עס צו טאָן מיט פיש כאפּען? דער ים איז דאָך בענוג גרויס פאר אלעמען?

— יא, אמת, אָבער אנדערע מענשען. האָבען מאָטאָר-שיפּלעך, האָבען געגוג נעצען — און מיר זעהסטו — פאָהרען מיט די שנירלעך ארויס. שטעה דעם גאנצען טאָג איינגעבויגען און שטעך אָן די שטיקלעך פלייש אויף די אטשעקלעך.

איך קוק ארויס ווייט צום ים. דאָרט ביים האָריזאָנט שוואַרצען זיך שיפלעך גאנצע שורות; די מאָטאָרס וואַרפען פון זיך רויך־

פלעקען ארויס און זיי צושפרייטען זיך אין לופטען. דאס זיינען די יאפּאנער־מענער כּוין דעם דאָרף. פערוואַרפען די נעצען אויף מייּ־לען —

— לעבט איהר מיט זיי בשלום?

— א סמירנע פאָלק, ניטאָ וואָס צו ריידען. נאָר א פלינק פאָלק. גאָר א פלינק פאָלק. אָט בין איך דאָ שוין באלד זעקס יאָהר און קען ניט דאָס אַמעריקאַנישען לשון. און זיי — די צונג ווי אויף שרויפען. מען זאָגט פיש איז געשטויגען. פערשטעהט זיך גע־שטויגען. וואָרים שוין באלד צוויי וואָכען אז ס'כאפּט זיך גאָר ניט און אונז צאָהלט מען אלץ דעם אייגענעם פּרייז. וויפיעל צאָהלט דיין ווייב פאר א פונט אָט אזעלכע פיש? — ווענדעט ער זיך מיט אמאָל צו מיר, אָנווייזענדיג אויף א שמאָל, לאַנגליך ווייס פישעל וואָס ליגט נעבען איהם.

וואָרום וואָס?

— מען צאָהלט געוויס צו פופצעהן סענט א פונט און מיר בעקומען בלויז צו חריי. די יאפּאניער נעהמען עס ביי אונז צו...

אזוי הייסט עס. באלד זעקס יאָהר אין לאנד און ווייסט ניט קיינמאָל דעם פּרייז פון זיין איינציגען פּראָדוקט.

— און וואָס הערט מען עפּעס פון רוסלאנד, פון דער מלחמה? מען שניידט אונזערע? דער דייטש שניידט. אפשר וועט דער יאַ־פּאניער קומען צוהילף דורך סיביר. א כּראַברער עולם. ער איז דאָך איצטער אויף אונזער זייט.

— קלערט איהר אמאָל זיך אומקערען צוריק א היים?

— ניטאָ וואָס צו מאַכען דאָרט.

— נו, און פיש כאַפּען?

— ווער ווייסט? אָט אזוי האָט מען זיך אָבגעשלאָגען פון דער היים.

איך האָב זיך געלאָזט געהן טיפער אין דערפעל אריין. אין די פּאָר קרעמלעך זיצען אָבגעבלאָזענע יאפּאנערען און קוקען ארויס אין דער וועלט אריין. די מענער זענען אויפ'ן ים. און דער טאָג איז

לאנג און הויכ. אין איין הויזעל פיפט און פאפט און עס שלאגט א רויך פון דאך מיט א געשטאנק פון בענזין. אינווענויג, אינווענויג, אין דער פערשטיקטער לופט זיצט איינגעבויגען א יאפאנער ביי א שלייף־מאשין. ער שלייפט פעריל־מוטער און מעסער־קעפ וואס ליגען אין א גאנצען בארג אויף דר'ערד.

— העללא!

ער גיט עפעס א ברום אונטער דער נאז און רייסט ניט אב די אויגען פון דער ארבייט.

— היים היינט. וואס? פרואוו איך מיר ווידער.

ער ברומט ווי פריהער עפעס אונטער דער נאז. איך בעטראכט איהם. און ס'איז שווער אבצושיידען אין געדאנק — איהם פון דער פערבלאטיגטער שלייף מאשין. — במעט אלע פינגער זענען מיט שמאטקעס ארומגעבונדען און וואונדען קוקען ארויס.

א קינד קומט אריין, האלב נאקעט מיט קרומע מאנדעל־אויגעלעך און פערשוירענע גלאטע הערעלעך אויפ'ן שטערן. עהט אויס זיינס א קינד. עס פרעגט עפעס. ער ברומט אונטער דער נאז און ווענדעט ניט אב די אויגען פון דער ארבייט.

— פערקויף מיר איינעם פון די מעסער־קעפלעך, — ווענד איך מיך צו איהם נאך דעם ווי איך האב איינס אויסגעקליבען פון דעם בארג וואס ליעגט אויף דר'ערד.

— מען קען נים. ס'איז פרעמדע — ענטפערט ער מיר אין א גאנץ גוטען ענגליש — עס וועט פעהלען צום צאהל.

דאס איז אלץ וואס כ'האב געקענט הערען פון איהם...

פון ערגעץ קומט זיך צוטראגען אן אויטאמאביל אין ־ערפיל אריין, הויבט אויף דעם שטויב ביז איבער די הייזלעך. אין אויטאמאביל יונגע יאפאנער. איינוואוינער פון דערפעל ווייזט אויס. ווילדעריש שפרינגען זיי ארויס פון זייערע ערטער. רעדען עפעס שנעל. יאפאניש מיט ענגליש געפלאכטען ווערט פון האלז ווי ארויס געשפיגען.

— א פלינק פאלק. זיי וועסטו ניט אבנארען.

ווייסען שוין יאָ דעם פּרייז פון פיש.

— עך, ניט נאָר דעם פּרייז פון פיש ווייסען אָט די לייט, וואָס האָבען זיך דאָ צוגעטוליעט צום ראַנד פון לאַנד...

## טייכען

לענדער, וואָס פערמאָגען אסך טייכען האָבען א דאָפּעלטען חן. די שטאָט, וואָס דורך איהר שניידט זיך ניט דורך קיין טייך, פעהלט איהר ברייטקייט. אפילו מענשען, וואָס וואוינען נאָהענט צו א טייך, דאכט זיך מיר, קוקען פרייסטער אין דער וועלט אריין. טייכען לעבען זייער שטארקען, רוישיגען לעבען און מיט שעהנקייט איז פול אַלץ ארום טייך: אָנהויבענדיג פון גראָז, בוים און פעלד און ענדיגענדיג מיט זונפערגאַנג און זונאויפגאַנג...

פאַראַנען אין אידישען א רעטעניש וואָס געהט אזוי ווי א שמועס:

— קרומער געפּרוירענער, וואוהין געהסטו?

— נאַר דו, געשווירענער, וואָס פרעגסטו? איך בין שעהנער ווינטער א געפּרוירענער ווי דו זומער א געשווירענער...

און דאָס איז א שמועס צווישען טייך, שפּעט אין הערבסט, ווען ער האלט זיך שוין אין גרייטען צום ווינטער, און דאָס אָבגע־שניטענע פעלד וואָס מאכט חוזק פון טייך; און דער טייך כאָטש, באלד ווערט ער פערפרוירען און דאָך ווייסט ער זיין ווערדע; פער־שטעהט ער זיין וויכטיגקייט. און ברייט איז זיין ענטפער.

מען קען ניט זאָגען, אז אמעריקא פערמאָגט זעהר א סך טיי־כען. ניט אזוי פיעל ווי אין אייראָפּא און ניט אזוי שעהן זיינען זיי ווי אין דער אלטער וועלט. אָבער טייכען זיינען עס! יוגענד און לע־בען טראָגען זיי; שטראָמיג זיינען זיי, אסך שטראָמיגער ווי די טיי־כען פון אייראָפּא. אין נעיענג טראָגען זיך ווייסע וואסערען. עהנליך

צום גאלאפּ פון לעבען דא אין לאנד. די וואסערען זייערע, מיט א קליינער אויסנאהמע, זעהען אויס בלאַטיג, געלבלעך־גרוילעך. אזוי זיינען כמעט אלע טייכען אין א מ ע ר י ק א, ניט נאר אין די פעראייניגטע שטאטען. דער ל א פּ ל א ט א, א ו ר א ג ו ו י י פּ א ר א נ א אין ארגענטינא אדער אפילו די קעניגין פון די טייכען, די א מ א ז א נ ע, וואס אין בראזיליען — פון ווייטען זילבע־רען זיך זייערע וואסערען, שפּיעלט אין זיי אמאל א גרינקייט, אבער פון נאהענטען — בלאַטיג, ניט דורכצובליקען מיט די אויגען ביז צום גרונט. ווילט זיך ניט אנשעפּען און א טרונק טאן פון טייך, ווי עס טרעפט אין דער אלטער היים. מיר קינדער פון דער אלטער וועלט זיינען געוואוינט געוועזן צו זעהן אין אונזערע קלארע טיי־כען די בלויע הימלען, קוקען ווי די בלויע וואסערען ריזלען זיך צווישען גרינע ברעגעס, אריינכאפּענדיג די גרינע אבשפּיגלונג פון די ביימער וואס ביי די ברעגעס. אבער דער בעגריף, אז א טייך בע־דארף זיין בלוי; אז א טייך איז שעהן ווען ער איז בלוי — לעבט אפילו ביי די קינדער פון דעם לאנד אויך. איך פרעג אמאל א קינד פון דער שולע וואס ער ווייסט פון דער מיסיסיפּי, דער שטאלץ פון לאנד:

— האסטו עפּעס ליעב די מיסיסיפּי?

— אוי, כ'האב ליעב. א גרויסער טייך, א בלויער טייך, אזא בלויער טייך! און מי—סי—סי—פּי — שווער ארויסצורעדען, אבער אזוי שעהן ארויסצורעדען!...

די טאלען פון דער מיסיסיפּי זיינען פרוכטבאר. און פרוכט־באר זיינען זיי דערפאר וואס די וואסערען כאפּען זיך אמאל פון די ברעגעס ארויס, טראגען זיך איבער דער געגענד און מאכען פעט די געגענד. מענשען ווייסען גאנץ גוט פארוואס די ערד איז דא אזוי פעט און מאכען זיך ניט ווסענדיג. בויען אויס הייזער גאר נאהענט צו דער פרייער מיסיסיפּי, צואקערען די ערד ארום די היי־זער, פּיהרען זיך איין א בעל־הבתישקייט, פערד, קיה, עופות און קינדער; די ערד גיט איהר שפע ארויס; מען פערגעסט גאר פאר־

וואָס די שפע איז אזוי גרויס, און מיט אמאָל —

— די מיסיסיפּי האָט זיך צושפּיעלט!

אלץ פערטראָגען, אלץ אראָפּגעשווענקט.

די מיסיסיפּי שניידט דורך די גאנצע ברייט פון די פעראייניג-טע שטאטען. און פון וואנען איהר זאָלט ניט אָנקומען, פון מזרח זייט, און וועלען זיך אריבערקלייבען איבער די פעלזענבערג און זיך דערקלייבען צו די ברעגעס פון מערב, מוזט איהר זיך אָן דער מיסיסיפּי אָנשלאָגען. ס'איז מיר אויסגעקומען זי צו טרעפען אזוי טיעף אין די ברעגעס בעהאלטען, אזוי אויסגעשעפּט, אזוי אויסגע-מאטערט פון געלויף; ס'האָט זיך געדאכט: — צו וואָס אזעלכע לאנגע בריקען, איבער אזא אומשולדיגען שטראָם? און כ'האָב מיך בעגעגענט מיט דער מיסיסיפּי אין א צייט און אין א געגענד וואָס שרעק האָט די מיסיסיפּי געוואָרפען אויף דער געגענד. מענשען זיי-נען געלאָפען אין טויט־שרעק, שלעפּענדיג דעם ארויסגעראטעווע־טען פערמעגען. ס'וואסער האָט זיך געטראגען הויך איבער די ברע־געס; ארויס פון די גרעניצען, ארויסגעריסען, זיך פון געפענגעניש, טראָגענדיג מיט זיך הייזער און בוימער אויסגעקערטע מיט די וואָרצלען; טראָגענדיג מיט זיך וועגענער און טויטע קיה, טויטע פערד און לעבעדיגע בהמות, וואָס האָבען געשוואומען און מיט צו־שראָקענע גרויסע אויגען געקוקט צו די פּאסען לאנד וואָס האָבען דורכגעשווינדעלט פערביי זייערע גרויסע אויגען און די בריקען, די אלמעכטיגע בריקען:

— צו וואָס אזא שוואכע בריק איבער אזא גוואלדיגען שטראָם — האָט זיך ניט ווילענדיג געטראכט ווען דער צוג האָט זיך אָבגע־שטעלט מורא האָבענדיג, טאָמער, טאָמער...

פאראנען ערטער, וואו די מיסיסיפּי פערלאנגט ניט, אז מען זאָל איבער איהר בריקען בויען; איהר טיעפקייט מיט שטיינערנע פונדאמענטען, שטיינערנע זיילען דורכשניידען און שטערען איהר געלויף. דאָרטען, אז דער צוג קומט אָן, מוז מען איהם אויף צווייען, אויף דרייען צושניידען און או [illegible] ארויפנעהמען און

נעבונדען און הילפלאז דעם אלמעכטינגען צוג איבער'ן טייך ארי־בערנעהמען. און די כוואליעס פון דער מיסיסיפי פאטשען און לא־כען און שפאטען ווען זיי טראגען אויף זיך ווי א שפענדעל דעם פראם מיט דעם געבונדענעם צוג.

און נים וועניגער ווילד זיינען דער א ה י י א און די מ י ז ו ר י, וואס טראגען זייערע וואסערען צו דער מיסיסיפי. אויך אזוי שטראמיג און אויך אזוי בלאטיג־געלב קייקלען זיך די כוואליעס. אויך זיי פערגינען זיך פון צייט צו צייט א טרייב צו טאן די לעבעדינע בעשעפענישען, וואס האבען זיך צו נאהענט צו זייערע ברעגעס דערנעהענטערט.

פאראגנען דא אסך טייכען אין לאנד, וואס הויבן זיך אן מיט א גרויסען פערנעהם אבער וואס נעהענטער זיי קומען צו זייער ציעל, אלץ קלענער ווערט זייער כח און פלאכער ווערט זייער וואסער און אלץ שוואכער ווערט זייער שטראם, דאס זיינען די מעהרס־טע טייכען אין דרום־מערב פון לאנד אויף ד ע ר זייט פון די פעלזען־בערג נאך, און אביסעל שוין אין די בערג, און אויף דער אנדערער זייט בערג. טייכען וואס האבען אויסגעקליבען דורכצו־שניידען אזעלכע שטאטען ווי קאלאראדא, קענזעס אדער טעקסעס. זיי ברענגען מזל און ברכה צום פויער. אבער צום ים ארויס, אדער צו די גרעסערע טייכען ברענגען זיי זעהר און זעהר ווינציג וואסער. מען בענוצט זיך מיט זייערע וואסערען אנצוטריקענען די טרוקענע פעלדער און די געגענדען וואו ס'רעגענט אזוי ווינציג. מען גראבט אוים גראבענס דארט וואו דער טייך האט זיין בעט הויך, און מען מאכט די וואסער לויפען צו דער נידער, צו אלע פעלדער וואס שפרייטען זיך ארום און ארום. יעדער פויער פערבעט די וואסער צו זיך אויפ'ן פעלד, טרינקט אן זיין פעלד און לאזט עס ווייטער לויפען. און פון פעלד צו פעלד אזוי, ביז א קליינע רעשט, שטויביג און בהודיג, קעהרט זיך אום צוריק צו זיין מאמע־טייך, אין א ברייטער בעט אריין, וואו פוןביידע זייטען וואקסען ווערבעס איינגע־בוינענע, אבער וואסער ווינציג: בלויז שטיינער ווייסע און זאמד

ווייסער, וואָס טריקענט זיך אנטקעגען דער זון.

פאַראַן אין טעקסעס דער ר ו י ט ע ר ט י י ך. א שטראָמיגער טייך און די וואַסער איז טונקעל־רויט ווי ביער. א מאָדנעם איינדרוק האָט דער טייך אויף מיר געמאַכט ווען כ'האָב איהם צום ערשטען מאָל בעגעגענט אין א גרינער געגענד, דורכשניי־דענדיג קאָרן און ווייץ־פעלדער אין פריהלינג. כ'וואָלט קיינמאָל, דאַכט זיך מיר ניט געוואָלט זיך פערטרויען אָט דעם טונקעל־רויטען וואַסער, וואָס שטראָמט מיט אזא ערנסט און מיט אזא בייזער וויכ־טיגקייט. און איבערהויפּט האָט זיך מיר גאָר ניט געוואָלט גלויבען, אז אזא טייך קען בעפרוכפּערען א געגענד און קען מאַכען א גע־גענד חשוב'ער. אָבער דאָך געהער ער אויך צו יענע טייכען ביי ווע־מען די פויערים באַרגען אסך וואַסער, גאָר אסך וואַסער זייערע פעלדער צו מאַכען גרינען, צוזאָגענדיג איהם, אז אין ווינטער ווע־לען זיי גאָט בעטען, רעגענס זאָלען קומען און ממלא זיין איהם פאר זיין חסד וואָס ער טהוט מיט די פויערים אין טרוקענעם זומער...

און דער ק א ל א ר א ד אָ, דער גרויסער קאָלאָראַדאָ, וואָס כ'קען גאָרניט גלייכגילטיג טראַכטען פון איהם ווען איך דער־מאָן מיר זיין וועג און דערמאָן מיר אָן די רגע'ס וואָס כ'בין געווען נאָהענט צו איהם. ער האָט אין זיך די אייביגע גרויסקייט און דער־הויבענקייט, וואָס די בערג דאָ אין לאַנד, יענע נאַקעטע פעלזענ־בערג, אדער יענע מורא'דיגע מדבריות דאָ אין לאַנד.

פאַראַנען גרינע און בלויע בעשיידענע טייכעלעך דאָ און דאָר־טען, אין די בערג צום מיינסטען. אָט ווי דער ג ר י נ ע ר ט י י ך אין קאָלאָראַדאָ און אין יוטא, וואָס פון איהם איז עס דער אָנהויב פון גרויסען קאָלאָראַדאָ.

אָבער ליעב און טייער איז מיר איין טייך דאָ אין לאַנד! ער איז צום נאָהענטסטען צו מיין הארצען:

דאָס איז דער שעהנער ה אָ ד ס אָ ן.

ניטאָ דאָ אין לאַנד קיין שעהנערער וואַסער. ניטאָ קיין שעה־נערער טייך. ער איז בלוי און טיעף און זיין וואַסער טראָגט זיך בע־

זאכט. אויך שעהן איז די קאָלומביא און ארעגאָן, רייסט מיט איהר שעהנקייט די נשמה אויף שטיקער — איהר גרינלאך בלויער ברייי־טער שטראָם צווישען אייביגע בוימער און טונקעלע וועלדער — די קאָלומביא איז אויך לענגער פון האָדסאָן און דאך איז דער האָדסאָן מיין ליעבלינג טייך צווישען די טייכען פון אמעריקא.

די פארנאכטען ביים האָדסאָן און די בעגינענס ביי זיינע ברעגעס — ס'הארץ ווערט פול מיט יענעם יראת הכבוד וואָס נאָר א ג ר ו י ס ע געגענד קען אין אייער וועזען ארויסרופען אין צייט פון דער שקיעה און אין דער צייט פון זונאויפגאנג. דער האָדסאָן איילט זיך נים. ער האָט צייט אויפצונעהמען אין זיין טיעפעניש די שאָטענס פון די גרינע בערגלעך, און בעבוימערטע פעלזען, גרינע אין זומער און גאָלדענע אין הערבסט, וואָס בויגען זיך איבער זיין טיעפעניש. מיט אזא ווירדע האלט ער אויף זיך אמעריקא'ס גרויע קריעגס-שיפען, די שטאָלענע ערנסטע געסט, וואָס קומען אָן אמאָל פון זייער רייזע איבער די גרויסע ימ'ען, וואָס וואשען די ברעגעס פון אייגענע און פרעמדע ווייטע לענדער, און אהער, אין האָדסאָן אריין, קומען זיי א וויזיט אָבצושטאטען דער גרעסטער שטאָט פון לאנד: ניו יאָרק; אסך מעשיות, אסך סודות זיינען פערבאָרגען ביי די ברעגעס פון האָדסאָן. אז איהר לאָזט זיך זומער ארויף מיט'ן וואסער, קוקען צו אייך ארויס לעגענדעס פון אלע פערבאָרגענע ווינקעלאך. עפעס דאכט זיך דיר, אז די וואָרצלען פון אמעריקאנער פאָלק פערלויפען אזש ביז צום האָדסאָן, פון וואנען זיי ציהען זייער יניקה. זיצענדיג ביי די ברעגעס פון האָדסאָן קענט איהר נים טראכטען קיין לייכטזיניגע מחשבות, ווי דאָרט ביי די ברעגעס פון דער מי—סי—סי—פי...

א מייל זעקס פון האָדסאָן, כמעט ביים צופוסענס פון די קעצקיל־בערג, איז פאראן אנ'אלט הויז, געמויערט פון רויהע שטיינער. עס איז געמויערט געוואָרען מיט אריבער צוויי הונדערט יאָהר צוריק. דער אלטער ו ו א ן ד י י ז ע ן פ א ל א ץ אזוי הייסט דער בנין; האָט אמאָל געדיענט פאר א פעסטונג אנטקעגען

די אינדיאנער. ס'נעהערט הײנט צו א פארמער, וואס האט זײנע פעלדער ארום הויז. מיר איז דארט אויסגעקומען צו וואוינען א זו-מער, אין א צימער אויפ'ן צווייטען שטאק. יעדער מאל, ליגענדיג אויף מײן נעלעגער אין אווענט, אײדער כ'בין אײנגעשלאפען האָבען די בליקען ניט ווילענדיג פערבלאָנדזשעט צום פאלאס. צו די ניט געפארבטע און ניט געקאלכטע באלקענס און ברעטער. כ'גע-דענק ניט, אז כ'זאל האבען ערגעץ וואו געזעהען אזעלכע שווערע באלקען אין א שטוב און אזעלכע ברייטע ברעטער. און וואס ניט האבען מיר יענע באלקענס און יענע ברעטער דערצעהלט... אמע־ריקא'ס יונגענד האט זיך מיר אנגעהויבען אויסצומאלען פאר מײנע אוינען, און כ'האב געזעהען די מלחמות וואס האבען זיך אבגע־שפילט ארום און ארום צווישען די ווייסע און אינדיאנער. דאס שלאכט-פעלד ווערט אלץ ברייטער און ברייטער, אזש ביז צום האדסאן דערגרייכט עס שוין. און צו מיר הויבט זיך אן צו דער־טראגען דער שטילער אײנגעהאלטענער געמורמעל פון האדסאן; איך זעה די אינדיאנער אין זײערע פלינקע קאנוס אײלען אהער אײלען אהין און פײלען פון בויגענס טראגען זיך איבער דער ברייט פון האדסאן — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און נאך נעהענטער איז מיר דער האדסאן צום הארצען ווייל קײן טײך אין לאנד דא האט ניט אויפגענומען אזוי פיעל געסט פון אלע וועלטען אין דער אלטער וועלט. וואס זײנען אהער געקומען אין פערשיידענע צייטען צו ווערען אמעריקא'ס קינדער. שורות, שורות שיפען האבען זיך געצויגען פון אלע עקען וועלט צום בלויען האדסאן און פון די שיפען זײנען געסט ארויסגעקומען ווער מיט פערוויינטע אוינען און ווער מיט מונטערע בליקען, אבער ביי אלע-מען האט ס'הארץ שטארק געקלאפט; שטארק ווי קײן מאל, און דער בלויער האדסאן האט דעם קלאפען פון די צושראקענע הערצער פערנומען. און אפשר דעם האדסאנ'ס טיפע, ערנסטע, רוהיגע בלויקײט האט זײער נעמיט בערוהיגט...

און נאך נעהענטער איז מיר דער האדסאן צום הארצען, ווען

איך טראכט אז ביי וויינע ברעגעס ליגט די שטאָט נ י ו־י אָ ר ק וואו אָנגערהאלבען מיליאָן פון די קינדער פון אונזער פאָלק האָבען זייער חיים...

---

## אויף די חורבות

קוקסט אויף די גרויסע וועלטען, וואָס ווערען דאָ אין איילע־ניש אויפגעבויט, און די וועלטען, וואָס ווערען אין נאָך מעהר איי־לעניש חרוב און אָבגעווישט פון לעבען; ווילסט אמאָל זיך פער־טיפען אין לעבען פון אָט די אלע וואָס וויינען אהער אָנגעקומען איינציגווייז אין פערשיידענע צייטען, פון פערשיידענע לענדער, פון פערשיידענע ראסען און וואָס איצטער שטעלען זיי מיט זיך פאר — ס'אמעריקאנער פאָלק — יעמאָלט הויבט אָן אלץ צו שווינדלען פאר די אויגען; די בילדער בייטען זיך ווי אין א קאָ־ליידיסקאָפ. איין בילד בלויז זעהט זיך קלאָר ארויס פון דעם כאָאָס:

— ווי דער ערשטער אריבערגעקומענער דור געהט פון דער וועלט אוועק. געהט אוועק און לאָזט כמעט קיין שפור נים הינטער זיך.

און דאָס ל ע ב ע ד י גע פאָלק איז קינדיש־סענטימענ־טאל, כאָטש די גרעסטע בריקען פון דער וועלט האָט מען דאָ אין לאנד געבויט: די שנעלסטע באהנען לויפען דאָ און עלעקטרי איז געוואָרען פאר'ן פאָלק דאָס איינענע, וואָס זאלץ און וואסער. די אלע גרויסע ערשיינונגען דאָ אין לאנד, אָנהויבענדיג מיט די פופציג שטאָקיגע מויערען און ענדיגענדיג מיט'ן קלייבען א פרעזידענט — איז דערווייל בלויז א קינדערשער אזאַרט, אָבער נים קיין סימן פון א גרויס לעבען. דער גרעסטער וואונדער דאָ אין לאנד, די גרעסטע ערשייטונג דאָ אין לאנד איז פאָרלויפיג דאָס, וואָס:

— די פעאייניגטע שטאטען פון אמעריקא צעהלען שוין הונ־

דערט מיליאָן מענשען!

און גרויס איז דער כישוף פון לאנד, וואָס האָט די מחנות אָהער געקענט אריבערברענגען פון דער פרעמד; קינדער מיט פער־שיידענע לשונות, פון זיי אראָבציהען זייערע היימישע קליידער און אויפ'ן נאקעטען לייב אויסברענגען די חתימה  א מ ע ר י ק א.

ווייל דער וואָס האָט איינמאָל געטרונקען וואסער פון אמע־ריקא'ס קוואל, דער וועט שוין דאָ פערבלייבען אַ אייביגער פרייער־קנעכט צום לאנד. און טאָמער וועט ער אמעריקא פערלאָזען, וועט איהם, וואו ער זאָל ניט זיין, א בענקעניש טאָטשען זיין הארץ זיין גאנצען לעבען.

קוקט אָן די מענשען, וואָס זיינען ביי זיך אין דער אלטער היים געוואוינט געוועזען, אז אפילו א טרונק וואסער זאָל מען זיי צום מויל דערלאנגען און דאָ שלעפּען זיי שטיינער, ברעכען דעם רוקען פון פריה ביז נאכט אבי דאָ צו לעבען. אין די מאסען קומען זיי און מיט א טעמפּקייט, מיט א בלינדקייט זאָגען זיי זיך אָב פון אלץ וואָס ביי זיי איז געוועזען הייליג און טייער — פאר אַ פּשוט'ען שווע־רען, גרויען טאָג אין אמעריקא. בלינדערהייד ווירבלען זיך די ערש־טע אריבערגעקומענע אונטער די הינגע הימלען.

ביז נאָך אין מיטען פון לעצטען יאָהרהונדערט האָט זיך אויסגעוויזען, אז די ווייסע ראסע דאָ אין לאנד לעבט מיט די אויסגעבלייכטע טראדיציעס אריבערגעבראכטע פון דער אלטער היים. ס'איז געלעגט געוואָרען א פונדאמענט פאר א ליטעראטור לויט די בעסערע מוסטערען פון דער אייראָפּעאישער ליטעראטור: עס איז דער שפּינגעל פון דאָס לעבען אין יענע צייטען. כאָטש די נאקעטקייט פון דער נשמה הויבט זיך שוין אָן צו מערקען; איהר זעהט שוין א גאָט-זוכעניש און גאָרנים־זוכעניש. בלויז מיט ארי־בער אכציג יאָהר צוריק האָט זיך דאָך בעוויזען דאָ א מלאך צו א פּשוט'ען בשר-ודם מיט אזא  ה י י נ ט י ג ע ן  נאָמען ווי ד ז ש א ז ע ף  ס מ י ד ט  און איהם ענטפּלעקט די יסודות פון א נייער אמונה. וואָלט דער נביא סמידט ניט אָבגעטאָן אזא

נארישקייט און ערלויבען דעם מאן צו האבען עטליכע ווייבער, ווער ווייסט — אפשר וואלט מען איהם מיט זיינע חסידים נים גע־רודפט אזוי און נים נאר יוטא וואלט געווען בעזעצט מיט מארמאנען נאר אפילו דער שטאט אילינאאיס וואלט מארמאניש געווען. אבער יוטא אליין איז געגוג. געהט זעהט ווי דער מדבר דארט האט אנגעהויבען צו גרינען דורך דעם נייעם גלויבען. אפילו דעם ירדן און ים המלח תאט דער נביא דארט ענטדעקט. אפילו לוחות האט ער דארט געפונען....

דאס איז א קלייניגקייט, פאר יענע קליינע, קליינע צייטען.

איצטער בעדארף עפעס גרויסעס געשעהן. מיט א נאטירליכען אדער אוננאטירליכען וועג — אלץ איינס:

— א פאלק בעדארף נאך אמאל געבוירען ווערען. געבוירען ווערען גרויס און ליכטיג, שעהן און עהרליך.

רעליגיאן אין איהרע אלטע פארמען וועבט זיך אויס. פאראן דא אין לאנד קלויסטערס; פאראן אידישע טעמפלען, דער קלויס־טער ווערט פערוואנדעלט אין א פאליטישען קלוב און דער טעמ־פעל אפילו דאס אויך נים. קינדערלאזע קהילות. די טאטעס קומען. די קינדער נים. עס טרעפט, אז קריסטען קומען אין אידישע טעמ־פעל הערען דעם ראביים א דרשה, און ווידער א איד געחט זונטאג אין קלויסטער צו הערען דעם פריסטערס א דרשה...

ס'הייסט נים חלילה, אז קריסטען ווערען שוין אידען און אי־דען — קריסטען.

רופט עס נים אן קיין טאלעראנץ. נימא קיין טאלע־ראנץ צווישען רעליגיאנען. פשוט: ס'הארץ איז לעדיג. די נשמה נאקעט. דער גרינער אין זיינע יום-טוב־טעג, אויב דער בהלה-טייוועל האט איהם אבגעלאזען, ווייסט נים וואס צו טאן מיט דער נשמה זיינער. ס'הארץ איז לעדיג, אזוי לעדיג, אז אפילו די בענקשאפט נאך דער אלטער היים שפירט זיך דארט אונהיימליך.

„טיים איז מאני". צייט איז געלט!

ס'איז דאך די ארבייט פון טייוועל געווען דעם גרינעם פאר

זיין לעבען אזא שילד ארויסהענגען. און — "אין נאד ווי טראסט", אויף גאָס פערטרויען מיר זיך — האָט מען אויף די גאָלדענע און זילבערנע מטבעות אויסגעקריצט. אויף א מענשען פרעגט מען נים:

ווער איז ער?

נאָר:

— וויפיעל איז ער ווערטה?

נ אָ ר נ י ט איז ער ווערטה מיט זיין לעבען, וואָס טראָגט פאר'ן טויער א שילד: ט י י ם א י ז מ אָ נ י!

אפשר נאָך דער צוואנציגסטער יאָהרהונדערט וועט זיין פאר אמעריקא די האָרנע וואו ס'פאָלק וועט אינאיינעם מיט זיין גאָלד ווערען צושמאָלצען און איבערגעשמידט. גרויס וועט זיין דער פייער, אזש דאָס גאָלד וועט אין פייער פון מענשענס אדערען ארויסרינען און פערניכטעט ווערען, און בלויז דאָס, וואָס איז ווערט צו טראָגען דעם נאָמען מענש וועט בלייבען.

וואָלטען די פעראייניגטע שטאטען פערבליבען מיט אזא קליינער בעפעלקערונג ווי ארגענטינא, וואָלטען זיי האָבען אן אייגענעם פנים. זיינען אָבער מיליאָניגע פערשידענפארביגע מחנות אָנגעקומען און זייערע ביידלעך דאָ אויפגעשטעלט, א לאנגער געמאכט אויף יענע טראדיציאָנעלע נערטנער און גרינע פעלדער פון די ערשטע. אלץ איז צוטרעמפעלט און צוטראָטען. אן אָבשפּיגלונג פון דעם ל א נ ע ר איז די איצטיגע ליטעראטור פון אמעריקא, איהר מוזיק און אפילו אין איהרע טענץ.

אז מען פאָהרט דורך'ן לאנד לענג און ברייט. בעטראכסט דו סטעפּעס, בערג און מדבריות, צובליהטע נערטנער און איבער זייליכטיגע הימלען; בעטראכט די טייכען, די אָזיערעס און די ים'ען וואָס וואשען דאָס לאנד כמעט פון אלע זייטען; קוקסט צו דער ליכטיגער גרויסער וועלט וואָס הויבט זיך אָן אהינטער דעם ל אנ ע ר, אהינטער דער גרויסער שטאָט, און שפּעטער קוקסטו אריין אין דער פריש צאפּעלדיגער ליטעראטור, וואו דער מענש מיט זיין לעבען נעהט פערביי אייערע אויגען, וואו דער מענש דער היינטי-

נער מיט זיין ווילען מאַלט זיך אויס פאר איך — יעמאַלט קומט דיר אויפ'ן געראנק, אז אפשר איז דאָס אויך א כשוף און ניט מעהר. אפשר גרינגען גאָר דאָ קיין פעלדער ניט און דורך זיי שנייי־דען זיך קיין טייכען ניט דורך; ניטאָ קיין ליכטיגע הימלען און ני־טאָ קיין צובליהטע גערטנער — אמעריקאס ערד גרינט ניט — זי איז מיט אספאלט איינגעפלאסטערט!... א חלום — און ניט מעהר...

כ'בין אמאָל אין ניו יאָרק דורכגעגאנגען נעבען א פערציג שטאָקיגען מויער און געזעהן ווי צווישען וואנט פון וואָלקען־קראצער און אספאלט שפּראָצט א גרינער גראָז ארויס:

— צוויי קינדער אמעריקא'ס!

און אין לעבען ווי אין דער ליטעראטור געוועלטיגט ס'ערשטע אָבער ניט דאָס צווייטע.

עמערסאָן מיט זיין גאנצער פילאָזאָפיע און מיט זיין גרויס פאָעטיש הארץ, מיט זיין דערבליקען אין מענשען די גאנצע ליכטי־גע וועלט וואָס איז אמעריקאניש געשוען אין זיינע טעג איז ה י י נ ט ניט מעהר אמעריקאניש. לאָנגפעלאו מיט זיין ליכטיג הארץ און מיט זיין ליעבע צום קלענסטען פליגעלע און גראָזעלע, וועלדער און טייכען, מיט זיין בעוואונדערען יערען פארנאכט און זונאויפגאנג — ער איז פאר היינטיגען דור ווי אן אָפּקלאנג פון אלטע צייטען. כאָטש ער ווערט פיעל געלעזען, אָבער ה י י א־ וו א ט א'ס פאסטען, די וועלט און מענשען צו בענגליקען איז ניט דער אידעאל פון דער ה י י נ ט י ג ע ר אמעריקא און ע וו א נ ז ש ע ל י נ ס גרויסע בענקשאפט צום געליעבטען פון איהר הארצען איז ניט דער אידעאל פון דער היינטיגער יו־גענד. און וו אָ ל ט וו י ט מ א ן מיט זיין ברייט הארץ, מיט זיין פלאנצען חבר'שאפט צווישען די בערג מיט די מענשען, צווישען מענש און מענש, מענש און גראָז — ס'איז ניט דער אי־דעאל פון דעם ה י י נ ט. דער היינט פערנעהמט זיך מיט צו־שטערען און חרוב מאכען. אין נ ע ל ט מאכען האלט זיך יע־

דער איינציגער אין זיין אייגענעם ווינקעל, אליין בעזונדער, אבער אלע אינאיינעם האלטען זיך האנט ביי האנט אין צושטערען, צו-טרעטען די אלטע וועלטען.

קענט איהר ניט אריינקוקען טיעף אין לעבען אריין טא קוקט אין דער ליטעראטור אריין וועט איהר די צושטערונגס-ארבייט דערזעהען. איז צו ווייט און צו ברייט די אלגעמיינע ליטעראטור, טא קוקט אריין אין דער אידישער ליטעראטור ט'איהר זעהן ווי בלויז גראזען וואקסען אויף חורבות. אין חורבות זיינען פערוואנ-דעלט געווארען בנינים פון דורות. איבער די חורבות שטופט א אידישער פעדלער זיין וועגעלע מיט פערפוילטע עפעל...

און אמעריקא'ס מוזיק פון ה י י נ ט י ג ע ן טאג. אמעריקא'ס געזאנג פון היינטיגען טאג. אמעריקא'ס טענץ אין דער איצטיגער צייט — דערמאנט עס ניט אין א וועלט־אונטערגאנג?

מען זאגט: דאס אמעריקאנער פאלק איז נ י ט מוזי־קאליש.

— ניט אמת!

דא איז אין דער מוזיק גלייך ווי אין דער ליטעראטור, א פונדאמענט געלעגט געווארען פאר א בעשיידענער קלאסישער מו-זיק, וואס דעם אינדיאנערס ליעד איז פאר'ן גרונט טאן גענומען געווארען. דעם נעגערס, און אפילו דעם האווייערס מעלאנכאלישע מעלאדיע און האלבע טענער איז אריינגעפלאכטען געווארען. אינ'ם טאנץ האט מען דעם אינדיאנער'ס, נעגערס תנועה פאר א מוסטער גענומען...

אבער די מיליאנען-מאסען, וואס האבען אהער אריינגע-שטראמט — וואס האבען זיי מיט דעם צו טאן אין דער רגע ווען אין לעבען נעהט אן אזא צושטערונג? יעמאלט ווען זיי טאנצען אויף זייערע אייגענע חורבות?

די שעהנע אפערא־הייזער אין ניו יארק צי אין שיקאגא, וואו די בעסטע זינגער פון דער וועלט און בעסטע מוזיקאנטען פון דער וועלט שפיעלען און זינגען די גרויסע מעלאדיען פון דער אלטער

וועלט; מאכען אויפלעבען גרויסע הארמאָנישע וועלטען פון וועל־כע אזוי פיעל דורות בליקען ארויס — דאָס געהער דעם אלטען דור. דאָס שעהנסטע וואָס דער אלטער דור, טאטע־מאמע האָ־בען בעשטעלט פאר זייער שטארבען. מיט דער גרויסער מוזיק פון דער אלטער וועלט בעגלייט מען דעם אלטען דור אויפ'ן עולם האמת... די יונגענד בעטייליגט זיך ניט אין יענער לויה. די יוגענד זינגט ניט אין יענעם גרויסען כאָר.

זאָגט ניט, אז דער יונגער דור איז נ י ט מוזיקאליש.

ווארום ווי איז עס נאָר מעגליך אזא זאך, אז קינדער געבוי־רענע פון אזעלכע מוזיקאלישע טאטע מאמע דאָ, ווי אידען און איטאליענער — דער ערשטער דור, וואָס עסט נאָך מיט טאטע־מאמע ביי איין טיש, לעבט אונטער איין דאך מיט זיין טאטע מאמע, אז אָט די קינדער זיינען נ י ט מוזיקאליש. ווי איז עס מעגליך?

איהר אָבער הערט זיך צו צו זייער בעזאנג, צו זייער ליעד און איהר וועט דערקענען דעם אָבקלאנג פון דעם כאאָסדיגען לע־בען פון די גרויסע מאסען. ס'איז ניט קיין געזאנג, איהר הערט ווי די אלטע מוזיקאלישע פאָרמען, מעלאָדיען ווערען צוטרעטען. די נאס זינגט ניט נאָר פילדערט, רייסט זיך פון האלז ארויס. הערט דער נאס זינגען דעם ר ע נ־ט י ם, אידען און איטאליענער־יוגענד זינגט עס, און איהר הערט א וועלט־אונטערגאנג, א מוזי־קאלישע וועלט, אינאיינעם מיט א לעבען, וואָס שפיגעלט זיך אָב אין דער מוזיק.

די ליעדער בעגלייט אמאָל דעם טאנץ, און צוזאמען קומט עס אויס אזוי אומגעלומפערט, אזוי אָהן טאקט, אָהן ריטם. דער יונגער דור טאנצט זיין כאאָס־טאנץ. און דער ריטם פון צושטערונג איז דער ריטם פון זיין ג ע ז א נ ג; דער טאקט פון זיינע טענץ...

דער ערשטער דור שטארבט מיטנעהמענדיג מיט זיך אין קבר אריין זיין איינציגע שפראך, ליעבע טראדיציעס. דער צווייטער דור

וואקסט אוים שטארק און געזונד און מיט פעסטע מוסקלען, גע־שפייזטע פון טאטע־מאמע׳ס אונטערגאנג — אויף ער וועט אונ-טערגעהן. ער מיט זיינע טענץ און געפילדער וועט אָבטרעטען דעם וועג פאר יענעם דור וואָס וועט זיין גרויסע, ליכטיגע ליער אויפ־זינגען, נאָך וועלכער ס׳בענקען אזוי אמעריקא׳ס בערג, אמעריקא׳ס טייכען, פעלדער און וועלדער.

אמעריקא וועט זיך שוין צום אלטען ניט אומקערען. מיט דער שנעלקייט פון שטורם-ווינד געהט זי אוועק פון אלטען. גיכער צו גלויבען, אז די בענייטע איירָאפּא וועט זיך לאָזען אויף דעם וועג פון דער איצטיגער אמעריקא; וועט אויף איהרע אָדערען פאר דעם גאָלד-שטראָם עפענען.

און זאָלען פעלקער און נאציאָנען ניט האָפען, אז אויף אמע-ריקא׳ס ערד וועט נאָך יעדעס פאָלק אויפבליהען בעזונדער מיט זיין אייגענער שפראך. אפשר וועלען צייטען קומען ווען א גע־לייטערטעס יודענטום וועט בליהען אונטער אמעריקא׳ס הימלען. זיינען נאָך ניט געבוירען געוואָרען די לייטערער. איצטער איז די ממשלה פון די צושטערער אין אונזער גאס.

ס׳האָט יעדעס פאָלק, יעדע ראסע פון די אלע אלטע וועל-טען, א שטיק הארץ פון זיך אָבגעריסען, א שטיק לעבען פון זיך אָבגעריסען, טייערע, ליעבע קינדער פון זיך אָבגעריסען און א מתנה געשיקט דער יונגער, ליכטיגער אמעריקא צו בעשאפען א פאָלק פאר דער יונגער ליכטיגער אמעריקא. און אזוי ווערט דאָס פאָלק בעשאפען. רוי און אָהן פאָרמען זעהט עס אויס, אָבער ווער נאָך ווי מיר אידען ווייסען אזוי גוט, אז ניט איין טאָג ווערט א פאָלק געבוירען!

ווער נאָך ווי מיר אידען ווייסען אזוי גוט, אז הונדערטער יאָהרען אין לעבען פון א פאָלק איז אפטמאָל צו איין נישטיגען טאָג פון איין מענשען ניט געגליכען; און אז יעמאָלט ווען מען האָט שוין אידען פון שפאניען געטריבען האָט ערשט אמעריקא איהר נאָמען בעקומען....

— ווער זיינען אט די אלע, וואס שטעהן פון ווייטען און קו־קען צו דער צושטערונג און דריקען אויס זייער טרויער? אט טא־קי מיר אלע, וואס ווילען דעם היימישען פעקעל פון זיך ניט אראבווארפען, שטעהענדיג שטענדיג ווי אויפ'ן וועג, גרייט צוריק אין דער אלטער וועלט זיך אומצוקערען, צוריק אין דער שטיל זיך אומקערען צו דער אלטער היים?...

— דאס זיינען די, וואס זיינען מיטגעפאהרען אין וועג אריין צו בעגלייטען די קינדער פון זייער פאלק, די מתנת פאר דער יונגער אמעריקא, בעגלייטען די וואס וועלען שוין דא בלייבען. און צו שווער איז פון איינען בלוט זיך צו שיידען.

און אזוי שטעהן מיר און קוקען ווי א ו נ ז ע ר ע שעה־נע וועלטען ווערען צובראכען, פאלקס־חלומות ווערען צוריסען...

צייטענווייז דאכט זיך אז אט באלד ווערט ס'הארץ צוריסען פאר צער, און צייטענווייז שפרינגט ס'הארץ פאר שמחה זעהענ־דיג ווי א גרויס פאלק ווערט בעשאפען, ווי א גרויס, ליכטיג לעבען קומט פון צווישען חורבות ארויס...

---

